# יחֶזקאל

# יחֶזקֵאל

א 1 און עס איז געווען אין דרייסיקסטן יאָר, אין פירטן חודש,
אין פינפטן טאָג פון חודש, ווען איך בין געווען צווישן די
פאַרטריבענע ביים טייך כּבָר, האָבן זיך געעפנט די הימלען,
און איך האָב געזען זעאונגען פון גאָט. 2 אין פינפטן טאָג פון
חודש—דאָס איז דאָס פינפטע יאָר נאָך דעם גָלות פון מלך
יוֹיָכין—3 איז געווען דאָס וואָרט פון גאָט צו יחֶזקאל דעם זון
פון בוזין, דעם כּהן, אין לאַנד פון די כַּשׂדים ביים טייך כּבָר;
און די האַנט פון גאָט איז דאָרטן געווען אויף אים.
4 און איך האָב געזען, ערשט אַ שטורעמווינט איז אָנגעקומען
פון צפון, אַ גרויסער וואָלקן מיט אַ פלאַקעריקן פייער און
אַ שיין רונד אַרום אים; און אין מיטן פון אים אַזוי ווי דער
אָנבליק פון בורשטין—אין מיטן פון פייער. 5 און אין מיטן דערפון
איז געווען די געשטאַלט פון פיר חיות. און דאָס איז געווען
זייער אויסזען: זיי האָבן געהאַט די געשטאַלט פון אַ מענטשן.
6 און פיר פּנימער זיינען ביי איטלאַכער געווען, און פיר פליגלען
ביי איטלאַכער פון זיי. 7 און זייערע פיס זיינען געווען גלייכע
פיס, און זייערע פוסטריט זיינען געווען אַזוי ווי דער פוסטריט
פון אַ קאַלב; און זיי האָבן געפונקלט אַזוי ווי בלאַנקע קופּער.
8 און הענט פון אַ מענטשן זיינען געווען פון אונטער זייערע
פליגלען אויף זייערע פיר זייטן; און זייערע פּנימער און זייערע
פליגלען ביי זיי פירן—9 זייערע פליגלען זיינען געווען באַהעפט
איינער צום אַנדערן—האָבן זיך ניט אומגעדרייט ביי זייער גיין;
איטלאַכע צו דער זייט פון איר פּנים זיינען זיי געגאַנגען. 10 און

די געשטאַלט פון זייערע פּנימער איז געווען: אַ פּנים פון אַ
מענטשן; און אַ פּנים פון אַ לייב אויף דער רעכטער זייט ביי
זיי פירן; און אַ פּנים פון אַן אָקס פון דער לינקער זייט ביי
זיי פירן; און אַ פּנים פון אַן אָדלער ביי זיי פירן. [11]אַזוי זיינען
געווען זייערע פּנימער; און זייערע פליגלען זיינען געווען
פאַנאַנדערגעשפּרייט צו דער הייך צו; צוויי פון איטלאַכער
זיינען געווען באַהעפט אָן איינאַנדער, און צוויי האָבן באַדעקט
זייערע לייבער. [12]און איטלאַכע צו דער זייט פון איר פּנים
זיינען זיי געגאַנגען; וווהין דער גייסט איז געווען צו גיין, זיינען
זיי געגאַנגען; זיי האָבן זיך ניט אומגעדרייט ביי זייער גיין. [13]און
די געשטאַלט פון די חיות, זייער אויסזען, איז געווען אַזוי ווי
ברענעדיקע קוילן פייער; אַזוי ווי דאָס אויסזען פון בראַנד־
העלצער איז דאָס אומגעגאַנגען צווישן די חיות; און דאָס פייער
האָט געהאַט אַ שיין, און פון דעם פייער איז אַרויסגעגאַנגען
אַ בליץ. [14]און די חיות זיינען געלאָפן הין און צוריק, אַזוי ווי
דאָס אויסזען פון אַ בליצשטראַל.

[15]און איך האָב אָנגעקוקט די חיות, ערשט צו איין ראָד איז
אויף דער ערד לעבן די חיות צו זייער פיר פּנימער. [16]דאָס
אויסזען פון די רעדער און זייער אַרבעט איז געווען אַזוי ווי דער
אָנבליק פון גאָלדשטיין, און איין געשטאַלט איז געווען ביי זיי
פירן; און זייער אויסזען און זייער אַרבעט איז געווען אַזוי ווי
עס וואָלט זיין אַ ראָד אין אַ ראָד. [17]אַז זיי זיינען געגאַנגען,
זיינען זיי געגאַנגען צו זייערע פיר זייטן; זיי האָבן זיך ניט אומ־
געדרייט ביי זייער גיין. [18]און זייערע רייפן—אי זיי האָבן געהאַט
אַ הויכקייט, אי זיי האָבן געהאַט אַ מוראדיקייט; און זייערע
רייפן זיינען געווען פול מיט אויגן רונד אַרום ביי זיי פירן. [19]און
אַז די חיות זיינען געגאַנגען, זיינען געגאַנגען די רעדער לעבן
זיי, און אַז די חיות האָבן זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, האָבן

זיך אויפגעהויבן די רעדער. [20]וווּהין נאָר דער גייסט איז געווען
צו גיין, זיינען זיי געגאַנגען אַהין ווו דער גייסט איז געווען צו גיין,
און די רעדער האָבן זיך אויפגעהויבן באַגלייך מיט זיי, וואָרום
דער גייסט פון די חיות איז געווען אין די רעדער. [21]אַז יענע זיינען
געגאַנגען, זיינען זיי געגאַנגען, און אַז יענע האָבן זיך אָפּגעשטעלט,
האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט; און אַז זיי האָבן זיך אויפגעהויבן
פון דער ערד, האָבן זיך אויפגעהויבן די רעדער באַגלייך מיט
זיי, וואָרום דער גייסט פון די חיות איז געווען אין די רעדער.
[22]און איבער די קעפּ פון די חיות איז געווען די געשטאַלט
פון אַ הימל, אַזוי ווי דער אָנבליק פון מוראדיקן אַייז, אויס־
געשפּרייט איבער זייערע קעפּ פון אויבן. [23]און אונטער דעם
הימל זיינען געווען זייערע פליגלען, איינער גלייך אַקעגן
אַנדערן; צו צוויי פון איטלאַכער פון זיי האָבן צוגעדעקט, צו
צוויי פון איטלאַכער פון זיי האָבן צוגעדעקט זייערע לייבער.
[24]און אַז זיי זיינען געגאַנגען, האָב איך געהערט דאָס גערויש פון
זייערע פליגלען, אַזוי ווי דאָס גערויש פון גרויסע וואַסערן, אַזוי
ווי דער קול פון אַלמאַכטיקן, אַ טומלדיק גערויש, אַזוי ווי דאָס
גערויש פון אַ מחנה; אַז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן זיי
אַראָפּגעלאָזט זייערע פליגלען. [25]און עס איז געוואָרן אַ גערויש
איבער דעם הימל וואָס אויף זייערע קעפּ, אַז זיי האָבן זיך
אָפּגעשטעלט, אַראָפּלאָזנדיק זייערע פליגלען.
[26]און איבער דעם הימל וואָס אויף זייערע קעפּ איז געווען
אַזוי ווי דאָס אויסזען פון סאַפּירשטיין, די געשטאַלט פון אַ טראָן;
און אויף דער געשטאַלט פון דעם טראָן אַ געשטאַלט אַזוי ווי
דאָס אויסזען פון אַ מענטשן, אויבן אויף אים. [27]און איך האָב
געזען אַזוי ווי דעם אָנבליק פון בורשטין, מיט אַן אַיינראַם דער־
צו רונד אַרום אַזוי ווי דאָס אויסזען פון פייער, פון דעם אויסזען
פון זיינע לענדן און אַרויף; און פון דעם אויסזען פון זיינע לענדן

און אַראָפּ האָב איך געזען אַזוי ווי דאָס אויסזען פון פייער, מיט
אַ שיין רונד אַרום אים. [28]אַזוי ווי דאָס אויסזען פון רעגנבויגן
וואָס איז אין וואָלקן אין אַ טאָג פון רעגן, אַזוי איז געווען דאָס
אויסזען פון דעם שיין רונד אַרום. דאָס איז געווען דאָס אויס־
זען פון דער געשטאַלט פון גאָטס פּראַכט. און ווי איך האָב
עס געזען, אַזוי בין איך געפאַלן אויף מיין פּנים, און איך האָב
געהערט אַ קול פון איינעם וואָס רעדט.

ב [1]און ער האָט צו מיר געזאָגט: מענטשנקינד, שטעל זיך אויף
דיינע פיס, און איך וועל רעדן מיט דיר. [2]און אַ גייסט
איז אַריין אין מיר, ווי ער האָט גערעדט צו מיר, און האָט מיך
אויפגעשטעלט אויף מיינע פיס, און איך האָב געהערט דעם
וואָס רעדט צו מיר. [3]און ער האָט צו מיר געזאָגט:

מענטשנקינד, איך שיק דיך צו די קינדער פון ישראל,
צו די ווידערשפּעניקע שבטים
וואָס האָבן ווידערשפּעניקט אָן מיר;
זיי און זייערע עלטערן האָבן געבראָכן אָן מיר
אַזש ביז היינטיקן טאָג.
[4]און די קינדער האָבן פאַרשייטע פּנימער און האַרטע הערצער:
צו זיי שיק איך דיך, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר;
[5]און זיי, סיי זיי וועלן הערן,
און סיי זיי וועלן פאַרמיידן—
וואָרום אַ ווידערשפּעניק געזינדל זיינען זיי—
זאָלן זיי וויסן אַז אַ נביא איז געווען צווישן זיי.

[6]און דו מענטשנקינד,
זאָלסט ניט מורא האָבן פאַר זיי,
און ניט מורא האָבן פאַר זייערע רייד,

הגם דערנער און שטעכגעוועקס זיינען אַרום דיר,
און צווישן שקאָרפּיאָנען טוסטו זיצן;
פֿאַר זייערע רייד זאָלסטו ניט מורא האָבן,
און פֿאַר זייער פּנים זאָלסטו ניט אַנגסטן;
וואָרום אַ ווידערשפּעניק געזינדל זיינען זיי.
7 און זאָלסט רעדן מיינע ווערטער צו זיי,
סיי זיי וועלן הערן,
און סיי זיי וועלן פֿאַרמיידן;
וואָרום לויטער ווידערשפּעניקייט זיינען זיי.
8 און דו מענטשנקינד, הער וואָס איך רעד צו דיר;
זאָלסט ניט ווידערשפּעניק זיין
ווי דאָס ווידערשפּעניקע געזינדל;
מאַך אויף דיין מויל, און עס וואָס איך גיב דיר.

9 און איך האָב אַ קוק געטאָן, ערשט אַ האַנט איז אויס־
געשטרעקט צו מיר, און זע, אין איר איז געווען אַ מגילה פֿון אַ
בוך. 10 און ער האָט זי אויסגעשפּרייט פֿאַר מיר, און זי איז
געווען באַשריבן פֿון אינעווייניק און פֿון אויסנווייניק, און אויף
איר איז געווען אָנגעשריבן קלאָגן און זיפֿצעניש און ווי.

ג 1 און ער האָט צו מיר געזאָגט:
מענטשנקינד, וואָס דו געפֿינסט, עס,
עס דידאָזיקע מגילה,
און גיי רעד צו דעם הויז פֿון ישׂראל.

2 האָב איך אויפֿגעעפֿנט מיין מויל, און ער האָט מיר געגעבן
עסן דידאָזיקע מגילה. 3 און ער האָט צו מיר געזאָגט:
מענטשנקינד, דיין בויך זאָלסטו אָנשפּייזן,
און דיינע אינגעווייד זאָלסטו אָנפֿילן,
מיט דערדאָזיקער מגילה וואָס איך גיב דיר.

און איך האָב געגעסן, און זי איז געווען אין מײַן מויל אַזוי
ווי האָניק אין זיסקײַט.

4 און ער האָט צו מיר געזאָגט:
מענטשנקינד, גיי קום צו דעם הויז פון ישׂראל,
און זאָלסט רעדן מיט מײַנע ווערטער צו זיי.
5 וואָרום ניט צו אַ פאָלק מיט אַ טונקעלער שפּראַך
און אַ שווערער צונג ווערסטו געשיקט,
נייערט צו דעם הויז פון ישׂראל;
6 ניט צו פעלקער אַ סך
מיט אַ טונקעלער שפּראַך און אַ שווערער צונג,
וואָס דו פאַרשטייסט ניט זייערע ווערטער.
פאַרוואָר, אַז איך וואָלט דיר צו זיי געשיקט,
וואָלטן זיי יאָ צוגעהערט צו דיר.
7 אָבער דאָס הויז פון ישׂראל וועלן ניט וועלן צוהערן צו דיר,
וואָרום זיי ווילן ניט צוהערן צו מיר;
וואָרום דאָס גאַנצע הויז פון ישׂראל
האָבן האַרטע שטערנס און פאַרשייטע הערצער.
8 זע, איך האָב געמאַכט דײַן פּנים האַרט אַקעגן זייער פּנים,
און דײַן שטערן האַרט אַקעגן זייער שטערן.
9 ווי דימענט האַרטער פון פעלז,
האָב איך געמאַכט דײַן שטערן;
זאָלסט ניט מורא האָבן פאַר זיי,
און ניט אַנגסטן פאַר זייער פּנים;
וואָרום אַ ווידערשפּעניק געזינדל זײַנען זיי.
10 און ער האָט צו מיר געזאָגט: מענטשנקינד,
אַלע מײַנע ווערטער וואָס איך וועל רעדן צו דיר,
נעם אַרײַן אין דײַן האַרצן,
און מיט דײַנע אויערן הער.

[11]און גײ קום צו די פֿאַרטריבענע,
צו די קינדער פֿון דײַן פֿאָלק,
און זאָלסט רעדן צו זײ, און זאָגן צו זײ:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר;
סײ זײ װעלן הערן,
און סײ זײ װעלן פֿאַרמײַדן.

[12]און אַ װינט האָט מיך אױפֿגעהױבן, און איך האָב געהערט
הינטער מיר אַ גערױש פֿון אַ גרױס ערדציטערניש: געלױבט איז
די פּראַכט פֿון גאָט אין זײַן אָרט; [13]און דאָס גערױש פֿון די
פֿליגלען פֿון די חיות זיך אָנרירנדיק אײנער אָן אַנדערן, און
דאָס גערױש פֿון די רעדער באַגלײַך מיט זײ—אַ גערױש פֿון אַ
גרױס ערדציטערניש. [14]און דער װינט האָט מיך אױפֿגעהױבן,
און האָט מיך אַװעקגענומען; און איך בין געגאַנגען אַ
פֿאַרביטערטער אין מײַן הײס געמיט, און די האַנט פֿון גאָט איז
געװען שטאַרק אױף מיר. [15]און איך בין געקומען צו די פֿאַר־
טריבענע קײן תּל־אָביב, װאָס זײַנען געזעסן בײַם טײַך כּבָר,
און איך בין געזעסן אַװוּ זײ זײַנען געזעסן; און איך בין דאָרטן
געזעסן זיבן טעג אַ באַנומענער צװישן זײ.
[16]און עס איז געװען צום סוף פֿון זיבן טעג, איז געװען דאָס
װאָרט פֿון גאָט צו מיר, אַזױ צו זאָגן: [17]מענטשנקינד, א װעכטער
האָב איך דיך געמאַכט פֿאַר דעם הױז פֿון ישׂראל, און אַז דו
װעסט הערן פֿון מײַן מויל אַ װאָרט, זאָלסטו זײ װאָרענען פֿון
מײַנעטװעגן. [18]אַז איך זאָג צו דעם שלעכטן: שטאַרבן מוסטו
שטאַרבן; און דו האָסט אים ניט געװאָרנט, און ניט גערעדט צו
װאָרענען דעם שלעכטן פֿון זײַן שלעכטן װעג, כּדי ער זאָל
לעבן, װעט ער, דער שלעכטער, שטאַרבן פֿאַר זײַן זינד, און
זײַן בלוט װעל איך מאָנען פֿון דײַן האַנט. [19]אָבער אױב דו

האָסט געוואָרנט דעם שלעכטן, און ער האָט זיך ניט אומגעקערט
פון זיין שלעכטיקייט, און פון זיין שלעכטן וועג, וועט ער
שטאַרבן פאַר זיין זינד, און דו האָסט מציל געווען דיין נפש.
[20]און אַז דער גערעכטער קערט זיך אָפּ פון זיין גערעכטיקייט,
און ער טוט אומרעכט, וועל איך לייגן אַ שטרויכלונג פאַר אים;
ער וועט שטאַרבן. ווייל דו האָסט אים ניט געוואָרנט, וועט ער
שטאַרבן פאַר זיין חטא, און זיינע גערעכטיקייטן וואָס ער האָט
געטאָן, וועלן ניט דערמאָנט ווערן, און זיין בלוט וועל איך
מאָנען פון דיין האַנט. [21]אָבער אויב דו האָסט אים געוואָרנט,
דעם גערעכטן, אַז דער גערעכטער זאָל ניט זינדיקן, און ער
האָט ניט געזינדיקט, וועט ער בלייבן לעבן, ווייל ער האָט זיך
געלאָזט וואָרענען, און דו האָסט מציל געווען דיין נפש.

[22]און די האַנט פון גאָט איז דאָרטן געווען אויף מיר, און
ער האָט צו מיר געזאָגט: שטיי אויף, גיי אַרויס צום טאָל, און
דאָרטן וועל איך רעדן מיט דיר. [23]בין איך אויפגעשטאַנען,
און בין אַרויסגעגאַנגען צום טאָל, ערשט די פּראַכט פון גאָט
שטייט דאָרטן, אַזוי ווי די פּראַכט וואָס איך האָב געזען ביים
טייך כּבֿר; און איך בין געפאַלן אויף מיין פּנים. [24]און אַ גייסט
איז אַריין אין מיר, און האָט מיך אויפגעשטעלט אויף מיינע
פיס; און ער האָט מיט מיר גערעדט, און האָט צו מיר געזאָגט:
קום פאַרשליס זיך אין דיין הויז.
[25]און דו מענטשנקינד, זע,
מע טוט אַרויף אויף דיר שטריק,
און מע וועט דיך בינדן דערמיט,
און וועסט ניט אַרויסגיין צווישן זיי.
[26]און דיין צונג וועל איך באַהעפטן אָן דיין גומען,
כּדי זאָלסט שטום זיין,

און זאָלסט זײַ ניט זײַן אַ בַּעַל־מוֹכיח;
וואָרום אַ ווידערשפּעניק געזינדל זײַנען זײ.
27ערשט ווען איך רעד מיט דיר,
וועל איך עפֿענען דײַן מויל;
און זאָלסט זאָגן צו זײ:
אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
דער וואָס וויל הערן, זאָל הערן,
און דער וואָס וויל פֿאַרמײַדן, זאָל פֿאַרמײַדן;
וואָרום אַ ווידערשפּעניק געזינדל זײַנען זײ.

ד 1און דו מענטשנקינד, נעם דיר אַ ציגל,
און זאָלסט אים אַוועקלײגן פֿאַר דיר,
און אויסקריצן אויף אים אַ שטאָט—ירושָלַיִם.
2און זאָלסט מאַכן אויף איר אַ באַלעגערונג,
און בויען אַרום איר אַ באַלעגערמויער,
און אָנשיטן אַרום איר אַן ערדוואַל,
און שטעלן אַקעגן איר מחנות;
און טו אַקעגן איר שטורעמבעק רונד אַרום.
3און דו נעם דיר אַן אײַזערנע פֿאַן,
און זאָלסט זי שטעלן ווי אַן אײַזערנע וואַנט
צווישן דיר און צווישן דער שטאָט;
און זאָלסט קערן דײַן פּנים צו איר,
און זי זאָל זײַן אין באַלעגערונג,
און דו זאָלסט זי באַלעגערן.
אַ צײכן איז דאָס פֿאַר דעם הויז פֿון ישׂראל.
4און דו ליג אויף דײַן לינקער זײַט,
און זאָלסט אַרויפֿטאָן אויף איר
די זינד פֿון דעם הויז פֿון ישׂראל;

די צאָל טעג וואָס דו וועסט ליגן אויף איר,
וועסטו טראָגן זייערע זינד.
5און איך האָב דיר געמאַכט די יאָרן פֿון זייערע זינד
אַקעגן דער צאָל טעג–דריי הונדערט און ניינציק טעג;
און וועסט טראָגן די זינד פֿון דעם הויז פֿון ישׂראל.
6און אַז דו וועסט ענדיקן דידאָזיקע,
זאָלסטו ווידער ליגן אויף דיין רעכטער זייט,
און טראָגן די זינד פֿון דעם הויז פֿון יהודה פֿערציק טעג:
אַ טאָג פֿאַר אַ יאָר,
אַ טאָג פֿאַר אַ יאָר האָב איך עס דיר געמאַכט.
7און צו דער באַלעגערונג פֿון ירושָלַיִם,
זאָלסטו קערן דיין פּנים
מיט דיין אָרעם אַנטבלייזט,
און זאָלסט נביאות זאָגן אויף איר.
8און זע, איך טו אַרויף אויף דיר שטריק,
און וועסט זיך ניט אומדרייען
פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער,
ביז דו ענדיקסט די טעג פֿון דיין באַלעגערונג.

9און דו נעם דיר ווייץ און גערשטן
און בעבלאַך און לינדזן און הירזש און טונקלווייץ,
און טו זיי אַריין אין איין כּלי,
און זאָלסט זיי דיר מאַכן צו ברויט;
די צאָל טעג וואָס דו ליגסט אויף דיין זייט,
דריי הונדערט און ניינציק טעג, זאָלסטו עס עסן.
10און דיין עסן וואָס דו וועסט עסן,
זאָל זיין מיט אַ וואָג, צוואַנציק שֶקל אַ טאָג;
פֿון מעת־לעת צו מעת־לעת זאָלסטו עס עסן.

[11]און וואַסער מיט אַ מאָס זאָלסטו טרינקען;
אַ זעקסטל הין פֿון מעת־לעת צו מעת־לעת זאָלסטו טרינקען.
[12]אַזוי ווי אַ גערשטענעם קוכן זאָלסטו עס עסן,
און אויף קויט פֿון מענטשישער צואָה
זאָלסטו עס באַקן פֿאַר זייערע אויגן.

[13]און גאָט האָט געזאָגט:
אַזוי וועלן עסן די קינדער פֿון ישׂראל
זייער ברויט אומריין צווישן די פֿעלקער
וואָס איך וועל זיי אַהין פֿאַרשטויסן.
[14]האָב איך געזאָגט: וויי, גאָט דו האַר, זע מײַן זעל איז ניט
פֿאַראומרייניקט געוואָרן, און געפֿאַלנס און פֿאַרצוקטס האָב
איך ניט געגעסן פֿון מײַן יוגנט אָן און ביז אַצונד, און אין מײַן מויל
איז ניט געקומען אומווערדיק פֿלייש. [15]האָט ער צו מיר געזאָגט:
זע, איך גיב דיר מיסט פֿון רינדער אָנשטאָט קויט פֿון מענטשן,
און זאָלסט מאַכן דײַן ברויט דערויף. [16]און ער האָט צו מיר
געזאָגט:
מענטשנקינד,
זע, איך צעברעך דעם אונטערלען פֿון ברויט אין ירושָלַיִם,
און זיי וועלן עסן ברויט מיט אַ וואָג, און מיט זאָרג,
און וואַסער מיט אַ מאָס און מיט באַנומעניש וועלן זיי טרינקען.
[17]ווײַל זיי וועלן געמינערט זײַן ברויט און וואַסער,
און זיי וועלן באַנומען ווערן איינער מיטן אַנדערן,
און וועלן אײַנגיין פֿאַר זייערע זינד.

ה [1]און דו מענטשנקינד, נעם דיר אַ שאַרפֿע שווערד–
פֿאַר אַ גאָלמעסער זאָלסטו זי דיר נעמען,
און אַריבערפֿירן איבער דײַן קאָפּ און איבער דײַן באָרד;

און זאָלסט דיר נעמען וואָגשאָלן און עס צעטיילן.
[2]אַ דריט־חלק זאָלסטו אין פֿייער פֿאַרברענען
אין מיטן פֿון דער שטאָט,
ווען עס ווערן פֿול די טעג פֿון דער באַלעגערונג;
און אַ דריט־חלק זאָלסטו נעמען,
און שלאָגן מיט דער שווערד רונד אַרום דעם,
און אַ דריט־חלק זאָלסטו צעשפּרייטן פֿאַרן ווינט;
און אַ שווערד וועל איך אַרויסציִען הינטער זיי.
[3]און זאָלסט נעמען דערפֿון עטלאַכע אין צאָל,
און זיי אײַנבינדן אין דײַנע ברעגן.
[4]און פֿון זיי זאָלסטו ווידער נעמען [עטלאַכע].
און זיי אַרײַנוואַרפֿן אין מיטן פֿײַער,
און זיי פֿאַרברענען אין פֿײַער;
דערפֿון וועט אַרויסגיין אַ פֿײַער
אויפֿן גאַנצן הויז פֿון ישׂראל.

[5]אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
דאָס איז ירושָלַיִם;
אין מיטן פֿון די פֿעלקער האָב איך זי באַשטאַט,
מיט לענדער רונד אַרום איר.
[6]און זי האָט ווידערשפּעניקט מײַנע געזעצן
צו טאָן בייז מער פֿון די פֿעלקער,
און מײַנע חוקים—
מער פֿון די לענדער וואָס רונד אַרום איר;
וואָרום מײַנע געזעצן האָבן זיי פֿאַראַכט,
און מײַנע חוקים, אין זיי זײַנען זיי ניט געגאַנגען.
[7]דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
ווײַל איר האָט אָנגעגעבן

מער פון די פעלקער וואָס רונד אַרום אײַך;
אין מײַנע חוקים זײַט איר ניט געגאַנגען,
און מײַנע געזעצן האָט איר ניט געטאָן;
צומאָל ווי די געזעצן פון די פעלקער וואָס רונד אַרום אײַך
האָט איר ניט געטאָן–
8דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
זע, איך אויך קום אויף דיר,
און וועל טאָן אַ משפּט אין דיר
פאַר די אויגן פון די פעלקער.
9און איך וועל טאָן אויף דיר וואָס איך האָב ניט געטאָן,
און וואָס איך וועל אַזוינס מער ניט טאָן,
פון וועגן אַלע דײַנע אומווערדיקייטן.
10דרום וועלן עלטערן עסן זייערע קינדער אין דיר,
און קינדער וועלן עסן זייערע עלטערן,
און איך וועל טאָן אַ משפּט אויף דיר,
און אַל דײַן איבערבלײַב וועל איך צעשפּרייטן אויף אַלע
ווינטן.
11דרום, אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
פאַרוואָר, ווײַל דו האָסט מײַן הייליקטום פאַראומרייניקט
מיט אַלע דײַנע מיאוסקייטן
און מיט אַלע דײַנע אומווערדיקייטן,
דרום וועל איך אויך [דיך] פאַרמינערן,
און מײַן אויג וועט ניט שוינען,
און איך אויך וועל ניט דערבאַרימען.
12אַ דריט־חלק פון דיר וועלן פון פּעסט שטאַרבן,
און אויסגיין פון הונגער אין דיר,
און אַ דריט־חלק וועלן דורכן שווערד פאַלן רונד אַרום דיר,
און אַ דריט־חלק וועל איך אויף אַלע ווינטן צעשפּרייטן,

און אַ שווערד וועל איך אַרויסציען הינטער זיי.
13 און מײַן כּעס וועט אויסגיין,
און איך וועל בּאַרועןן מײַן גרימצאָרן אויף זיי,
און איך וועל מיך שטילן;
און זיי וועלן וויסן אַז איך יהוה
האָב גערעדט אין מײַן פֿאַרדראָס,
ווען איך לאָז אויס מײַן גרימצאָרן אויף זיי.
14 און איך וועל דיך מאַכן פֿאַר אַ חורבן און פֿאַר אַ חרפּה
צווישן די פֿעלקער וואָס רונד אַרום דיר,
פֿאַר די אויגן פֿון איטלאַכן פֿאַרבײַגייער.
15 און עס וועט זײַן אַ חרפּה און אַ לעסטערונג,
אַ מוסר און אַ שרעק,
בּײַ די פֿעלקער וואָס רונד אַרום דיר,
ווען איך טו אַ משפּט אויף דיר
מיט כּעס און מיט גרימצאָרן און מיט שטראָפֿן פֿון גרימצאָרן—
איך יהוה האָב גערעדט;
16 ווען איך שיק אָן אויף זיי די בייזע פֿײַלן פֿון הונגער[א]
וואָס זײַנען אויף אומצוברענגען,
וואָס איך וועל זיי שיקן אײַך אומצוברענגען;
און הונגער וועל איך מערן אויף אײַך,
און וועל אײַך צעבּרעכן דעם אונטערלען פֿון ברויט.
17 און איך וועל אָנשיקן אויף אײַך הונגער און בייזע חיות,
און זיי וועלן דיך אָן קינדער לאָזן;
און פּעסט און בלוט וועט דורכגיין דורך דיר,
און אַ שווערד וועל איך ברענגען אויף דיר.
איך יהוה האָב גערעדט.

[א] װאָרטשפּיל: הָרָעָב הָרָעִים.

ו 1 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
2 מענטשנקינד, טו דיין פנים צו די בערג פון ישׂראל,
און זאָג נביאות צו זיי,
3 און זאָלסט זאָגן: איר בערג פון ישׂראל,
הערט דאָס וואָרט פון גאָט דעם האַר:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר
צו די בערג און צו די הייכן,
צו די גראָבנס און צו די טאָלן:
זעט, איך ברענג אויף אַייך אַ שווערד;
און וועל אונטערברענגען אַייערע בָּמוֹת.
4 און פאַרוויסט ווערן וועלן אַייערע מזבחות;
און צעבראָכן ווערן וועלן אַייערע זונזיילן;
און איך וועל מאַכן פאַלן אייערע דערשלאָגענע
פאַר אַייערע אָפּגעטער.
5 און איך וועל אַהינטאָן די פּגרים פון די קינדער פון ישׂראל
פאַר זייערע אָפּגעטער,
און איך וועל צעשפּרייטן אַייערע ביינער
רונד אַרום אַייערע מזבחות.
6 אין אַלע אַייערע וווינערטער וועלן די שטעט חרב ווערן,
און די בָּמוֹת וועלן פאַרוויסט ווערן;
כּדי חרב און וויסט ווערן זאָלן אַייערע מזבחות,
און צעבראָכן און צעשטערט ווערן[א] זאָלן אַייערע אָפּגעטער,
און אָפּגעהאַקט ווערן זאָלן אַייערע זונזיילן,
און אויסגעמעקט ווערן זאָלן אַייערע ווערק.
7 און פאַלן וועלן דערשלאָגענע צווישן אַייך,
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.
8 אָבער איך וועל לאָזן אַן איבערבלייב:
אַז איר זאָלט האָבן אַנטרונענע פון שווערד צווישן די פעלקער,

א וואָרטשפּיל: וְנִשְׁבְּרוּ וְנִשְׁבְּתוּ.

ווען איר וועט צעשפּרייט אין די לענדער.
9און אײַערע אַנטרונענע וועלן מיך דערמאָנען
צווישן די פֿעלקער וואָס זיי זײַנען געפֿאַנגען געוואָרן אַהין,
ווי אַזוי איך בין געווען צעבראָכן
פֿון וועגן זייער פֿאַרפֿירטן האַרצן
וואָס האָט זיך אָפּגעקערט פֿון מיר,
און פֿון וועגן זייערע אויגן
וואָס זײַנען געווען פֿאַרפֿירט נאָך זייערע אָפּגעטער;
און זיי וועלן זיך עקלען פֿאַר זיך אַליין,
וועגן די בייזן וואָס זיי האָבן געטאָן
בײַ אַלע זייערע אומווערדיקייטן.
10און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה;
ניט אומזיסט האָב איך גערעדט
זיי צו טאָן דאָסדאָזיקע בייז.

11אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
פּאַטש מיט דײַן האַנט,
און קלאַפּ מיט דײַן פֿוס,
און זאָג: ווײ אויף אַלע בייזע אומווערדיקייטן
פֿון דעם הויז פֿון ישׂראל;
וואָרום פֿון שווערד, פֿון הונגער,
און פֿון פּעסט, וועלן זיי פֿאַלן.
12דער ווײַטער וועט פֿון פּעסט שטאַרבן,
און דער נאָענטער וועט פֿון שווערד פֿאַלן,
און דער געבליבענער און באַלעגערטער
וועט פֿון הונגער שטאַרבן:
און איך וועל אויסלאָזן מײַן גרימצאָרן אויף זיי.
13און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה,

ווען זייערע דערשלאָגענע וועלן זיין צווישן זייערע אָפּגעטער
רונד אַרום זייערע מזבחות,
אויף יעטוועדער הויכן בערגל,
אויף אַלע שפּיצן בערג,
און אונטער יעטוועדער צווייגהאַפטיקן בוים,
און אונטער יעטוועדער געדיכטן אייכנבוים,
אין דעם אָרט וואָס זיי האָבן דאָרטן געגעבן
אַ געשמאַקן ריח צו אַלע זייערע אָפּגעטער.
14 און איך וועל אויסשטרעקן מיין האַנט אויף זיי,
און וועל מאַכן דאָס לאַנד אַ וויסט און וויסטעניש
מער פון מדבר דִבלָה,
אין אַלע זייערע וווינערטער;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.

ז 1 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
2 און דו מענטשנקינד, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אַ סָוף צו דער ערד פון ישראל!
געקומען אַ סָוף אויף די פיר עקן פון לאַנד.
3 אַצונד איז אַ סָוף אויף דיר,
און איך וועל אָנשיקן מיין צאָרן אויף דיר,
און וועל דיך משפּטן לויט דיינע וועגן,
און פאַרגעלטן אויף דיר אַלע דיינע אומווערדיקייטן.
4 און מיין אויג וועט דיך ניט שוינען,
און איך וועל ניט דערבאַרימען;
נייערט דיינע וועגן וועל איך פאַרגעלטן אויף דיר,
און דיינע אומווערדיקייטן וועלן אין דיין מיט בלייבן;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.

5אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אַן אומגליק, אַ באַזונדער אומגליק אָט קומט!
6אַ סָוף איז געקומען,
געקומען דער סָוף[א],
ער האָט זיך דערוועקט[ב] אויף דיר;
אָט קומט עס!
7געקומען איז די ריי צו דיר,
באַווינער פון לאַנד;
געקומען די צייט,
נאָנט איז דער טאָג פון מהומה,
און אויס דער געהילך פון די בערג.
8אַצונד באַלד וועל איך אויסגיסן מיין גרימצאָרן אויף דיר,
און אויסלאָזן אויף דיר מיין כּעס,
און דיך משפּטן לויט דיינע וועגן,
און פאַרגעלטן אויף דיר אַלע דיינע אומווערדיקייטן.
9און מיין אויג וועט ניט שוינען,
און איך וועל ניט דערבאַרימען;
לויט דיינע וועגן וועל איך פאַרגעלטן אויף דיר,
און דיינע אומווערדיקייטן וועלן אין דיין מיט בלייבן;
און איר וועט וויסן אַז איך יהוה טו שלאָגן.

10אָט איז דער טאָג,
אָט קומט עס!
אויסגעפאַלן איז די ריי,
געשפּראָצט האָט דער שטעקן,
געבליט האָט די מוטוויליקייט.
11אומרעכט איז אויסגעוואַקסן
אין אַ שטעקן פון שלעכטיקייט;

א, ב ווערטשפּיל: קֵץ–הֵקִיץ.

ניט פֿון זיי קומט אַרויס,
און ניט פֿון זייער גערעמל,
און ניט פֿון זייער געטומל[א];
און ניטאָ קיין געהויבנקייט אין זיי.
12 געקומען איז די צייט,
דערגרייכט האָט דער טאָג;
דער קויפֿער זאָל זיך ניט פֿרייען,
און דער פֿאַרקויפֿער זאָל ניט טרויערן,
וואָרום אַ גרימצאָרן איז אויף איר גאַנצן גערעמל.
13 וואָרום דער פֿאַרקויפֿער וועט צום פֿאַרקויפֿטן
אין זיין לעבנס לעבן זיך ניט אומקערן;
ווייל אַ זעאונג איז אויף איר גאַנצן גערעמל,
עס זאָל זיך ניט אומקערן;
און פֿון וועגן זיין זינד אין זיין לעבן
וועט זיך קיינער ניט דערהאַלטן.
14 געבלאָזן דעם האָרן,
און אָנגעברייט אַלצדינג,
און ניטאָ ווער זאָל גיין אויף מלחמה;
וואָרום מיין גרימצאָרן איז אויף איר גאַנצן גערעמל.
15 דערויסן די שווערד,
און אינעווייניק די פּעסט און דער הונגער;
דער וואָס אין פֿעלד וועט דורכן שווערד שטאַרבן,
און דער וואָס אין שטאָט, וועט אים הונגער און פּעסט אויפֿעסן.
16 און זייערע אַנטרונענע וועלן אַנטרינען,
און וועלן זיין אויף די בערג,
ווי טויבן פֿון די טאָלן,
וואָס אַלע טוען זיי ברומען;
איטלאַכער פֿון וועגן זיין זינד.

[א] האָרטשפּיל: לֹא מֵהֶם וְלֹא מֵהֲמוֹנָם וְלֹא מֶהֱמֵהֶם.

17 אַלע הענט װעלן שלאַף װערן,
און אַלע קני װעלן רינען מיט װאַסער.
18 און זײ װעלן אָנגורטן זאַקקלײדער,
און אַ שוידער װעט זײ באַדעקן,
און אויף אַלע פּנימער װעט זײן אַ בושה,
און אויף אַלע זײערע קעפּ אַ פּליך.
19 זײער זילבער װעלן זײ אויף די גאַסן אַרויסװאַרפן,
און זײער גאָלד װעט אַן אומרײניקײט װערן,
זײער זילבער און זײער גאָלד װעט זײ ניט קענען מציל זײן
אין טאָג פון גאָטס גרימצאָרן;
זײער לײב װעלן זײ ניט אָנזעטן
און זײערע אינגעװײד װעלן זײ ניט אָנפילן;
װאָרום די שטרויכלונג צו זײער זינד איז דאָס געװען,
20 און זײער שײנע צירונג װאָס זײ האָבן פאַר אַ שטאָלץ געמאַכט;
און בילדער פון זײערע מיאוסע אומװערדיקײטן
האָבן זײ דערפון אויסגעאַרבעט;
דרום מאַך איך עס זײ פאַר אַן אומרײניקײט.
21 און איך װעל עס געבן אין דער האַנט פון פרעמדע צו רויב,
און צו די שלעכטע פון דער ערד צום פאַנג,
און זײ װעלן עס פאַרשװעכן.
22 און איך װעל אָפּדרײען מײן פּנים פון זײ,
און מע װעט פאַרשװעכן מײן פאַרבאָרגעניש;
יאָ, אײַנברעכער װעלן קומען אין איר,
און װעלן זי פאַרשװעכן.

23 גרײט צו די קײטן,
װאָרום דאָס לאַנד איז פול מיט בלוטשולד,
און די שטאָט איז פול מיט אומרעכט.

24 און איך וועל ברענגען די ערגסטע פֿון די פֿעלקער,
און זיי וועלן ירשענען זייערע הײַזער;
און איך וועל פֿאַרשטערן דעם שטאָלץ פֿון די שטאַרקע;
און פֿאַרשוועכט ווערן וועלן זייערע הייליקטומען.
25 אַ שוידערניש קומט,
און זיי וועלן זוכן שלום, און עס וועט ניט זײַן.
26 אַ בראָך אויף אַ בראָך וועט קומען,
און אַ הערונג נאָך אַ הערונג וועט זײַן;
און זיי וועלן זוכן אַ זעאונג פֿון נביא,
און די תּורה וועט פֿאַרלאָרן ווערן פֿון כּהן,
און אַן עצה פֿון די זקנים.
27 דער מלך וועט טרויערן,
און דער פֿירשט וועט זיך אָנקליידן מיט וויסטקייט,
און די הענט פֿון דעם פֿאָלק פֿון לאַנד וועלן צעטומלט ווערן;
לויט זייער וועג וועל איך טאָן מיט זיי,
און מיט זייערע משפּטים וועל איך זיי משפּטן;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.

ח 1 און עס איז געווען אין זעקסטן יאָר, אין זעקסטן חודש, אין
פֿינפֿטן טאָג פֿון חודש, ווי איך זיץ אין מײַן הויז, און די
עלטסטע פֿון יהודה זיצן פֿאַר מיר, אַזוי איז דאָרטן געפֿאַלן
אויף מיר די האַנט פֿון גאָט דעם האַר. 2 און איך האָב געזען,
ערשט אַ געשטאַלט אַזוי ווי דאָס אויסזען פֿון פֿײַער: פֿון דעם
אויסזען פֿון זײַנע לענדן און אַראָפּ פֿײַער, און פֿון זײַנע לענדן
און אַרויף אַזוי ווי דאָס אויסזען פֿון גלאַנציקייט, אַזוי ווי דער
אָנבליק פֿון בורשטין. 3 און ער האָט אויסגעשטרעקט אַ
געשטאַלט פֿון אַ האַנט, און האָט מיך אָנגענומען פֿאַר אַ לאָק

פון מיין קאָפּ, און אַ ווינט האָט מיך געטראָגן צווישן ערד און
צווישן הימל, און האָט מיך געבראַכט אין זעאונגען פון גאָט קיין
ירושָלַיִם, צום אַיינגאַנג פון דעם אינעווייניקסטן טויער וואָס איז
געקערט צו צפון, וואָס דאָרטן איז געווען דער אָרט פון דעם
דערצערנבילד וואָס דערצערנט. 4ערשט דאָרטן איז די
פּראַכט פון דעם גאָט פון ישׂראל, אַזוי ווי די זעאונג וואָס איך
האָב געזען אין טאָל. 5און ער האָט צו מיר געזאָגט: מענטשנ־
קינד, הייב אַקאָרשט אויף דיינע אויגן קעגן צפון. האָב איך
אויפגעהויבן מיינע אויגן קעגן צפון, ערשט אין צפון פון דעם
טויער פון מזבח איז דאָסדאָזיקע דערצערנבילד, ביים אַריינ־
גאַנג. 6און ער האָט צו מיר געזאָגט: מענטשנקינד, דו זעסט
וואָס זיי טוען? די גרויסע אומווערדיקייטן וואָס דאָס הויז פון
ישׂראל טוט דאָ, כּדי איך זאָל מיך דערווייטערן פון מיין
הייליקטום? און וועסט נאָך ווייטער זען גרעסערע אומ־
ווערדיקייטן. 7און ער האָט מיך געבראַכט צום אַיינגאַנג פון
הויף, און איך האָב געזען, ערשט אַ לאָך איז אין דער וואַנט.
8האָט ער צו מיר געזאָגט: מענטשנקינד, גראָב אַקאָרשט אין
דער וואַנט. און איך האָב געגראָבן אין דער וואַנט, ערשט
אַן אַיינגאַנג. 9האָט ער צו מיר געזאָגט: גיי אַריין, און זע די
בייזע אומווערדיקייטן וואָס זיי טוען דאָ. 10בין איך אַריינ־
געגאַנגען, און האָב געזען, ערשט אַלערליי אומווערדיקע
געשטאַלטן פון שרצים און בהמות, און אַלערליי אָפּגעטער פון
דעם הויז פון ישׂראל, זיינען אויסגעקריצט אויף דער וואַנט רונד
אַרום. 11און פאַר זיי שטייען זיבעציק מאַן פון די עלטסטע פון
דעם הויז פון ישׂראל, און יַאֲזַנְיָהוּ דער זון פון שָפָנען שטייט
אין מיטן פון זיי, און איטלאַכער מיט זיין רייכערפאַן אין זיין
האַנט, און אַ דיקער וואָלקן פון דעם ווירויך גייט אויף. 12האָט
ער צו מיר געזאָגט: האָסטו געזען, מענטשנקינד, וואָס די

עלטסטע פֿון דעם הויז פֿון ישׂראל טוען אין דער פֿינצטערניש,
איטלאַכער אין זיינע בילדערקאַמערן? וואָרום זיי זאָגן: גאָט זעט
אונדז ניט, פֿאַרלאָזן האָט גאָט דאָס לאַנד. [13]און ער האָט צו
מיר געזאָגט: וועסט נאָך ווייטער זען גרעסערע אומווערדיקייטן
וואָס זיי טוען. [14]און ער האָט מיך געבראַכט צו דעם טויער־
איינגאַנג פֿון גאָטס הויז וואָס צו צפֿון, ערשט דאָרטן זיצן די
ווייבער און באַוויינען תּמוזן. [15]האָט ער צו מיר געזאָגט: האָסטו
געזען, מענטשנקינד? וועסט נאָך ווייטער זען גרעסערע אומ־
ווערדיקייטן ווי די דאָזיקע. [16]און ער האָט מיך געבראַכט צו
דעם אינעווייניקסטן הויף פֿון גאָטס הויז, ערשט ביים איינגאַנג
פֿון גאָטס טעמפּל, צווישן דעם פּאָליש און דעם מזבח, זיינען
אַרום פֿינף און צוואַנציק מאַן, מיט זייערע רוקנס צום טעמפּל
פֿון גאָט, און זייערע פּנימער צו מזרח, און זיי בוקן זיך קעגן
מזרח צו דער זון. [17]האָט ער צו מיר געזאָגט: האָסטו געזען,
מענטשנקינד? קנאַפּ איז דעם הויז פֿון יהודה צו טאָן די אומ־
ווערדיקייטן וואָס זיי האָבן דאָ געטאָן, אַז זיי האָבן נאָך אָנ־
געפֿילט דאָס לאַנד מיט אומרעכט, און האָבן מיך ווידער און
ווידער דערצערנט; און אָט לייגן זיי צו דעם צווייג צו זייער נאָז.

[18]דרום וועל איך אויך טאָן מיט גרימצאָרן;
מיין אויג וועט ניט שוינען,
און איך וועל ניט דערבאַרימען;
און זיי וועלן שרייען אין מיין אויער אויף אַ הויך קָול,
און איך וועל זיי ניט צוהערן.

ט [1]און אַ הויכער קָול האָט אויסגערופֿן אין מיין אויער, אַזוי
צו זאָגן: מאַכט גענענען די וואָס זיינען געזעצט אויף דער
שטאָט, און איטלאַכן מיט זיין צעשטערגעצייג אין זיין האַנט.
[2]ערשט זעקס מענער זיינען אָנגעקומען פֿון דעם וועג פֿון דעם

אויבערשטן טויער וואָס איז געקערט צו צפֿון, און איטלאַכער
מיט זיין ברעכגעצייג אין זיין האַנט, און איין מאַן צווישן זיי אָנ
געטאָן אין ליינען מיט אַ שרייבערס טינטאָרן אויף זיינע לענדן.
און זיי זיינען געקומען, און האָבן זיך געשטעלט לעבן דעם
קופּערנעם מזבח. 3און די פּראַכט פֿון דעם גאָט פֿון ישׂראל
האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון איבער דעם כּרוב וואָס זי איז אויף
אים געווען, צו דעם שוועל פֿון הויז; און ער האָט גערופֿן צו דעם
מאַן אָנגעטאָן אין ליינען, וואָס אַ שרייבערס טינטאָרן איז געווען
אויף זיינע לענדן. 4און גאָט האָט צו אים געזאָגט: גיי דורך אין
מיטן שטאָט, אין מיטן ירושָלַים, און זאָלסט אָנצייכענען אַ צייכן
אויף די שטערנס פֿון די מענטשן וואָס זיפֿצן און קרעכצן אויף
אַלע אומווערדיקייטן וואָס ווערן געטאָן אין איר. 5און צו יענע
האָט ער געזאָגט פֿאַר מיינע אויערן: גייט דורך אין שטאָט
הינטער אים, און שלאָגט; אייער אויג זאָל ניט שוינען, און איר
זאָלט ניט דערבאַרימען. 6אַ זקן, אַ בחור און אַ מיידל, און
קליינע קינדער און ווייבער, זאָלט איר הרגען צום טויט, נאָר
צו קיין מענטשן וואָס אויף אים איז דער צייכן, זאָלט איר ניט
גענענען; און פֿון מיין הייליקטום זאָלט איר אָנהייבן. האָבן
זיי אָנגעהויבן פֿון די אַלטע לייט וואָס פֿאַרן הויז. 7און ער
האָט צו זיי געזאָגט: פֿאַראומריינייקט דאָס הויז, און פֿילט אָן די
הויפֿן מיט דערשלאָגענע; גייט אַרויס! און זיי זיינען אַרויס־
געגאַנגען, און האָבן געשלאָגן אין שטאָט. 8און עס איז געווען,
ווי זיי האָבן געשלאָגן, און איך בין געבליבן אַליין, אַזוי בין איך
געפֿאַלן אויף מיין פּנים, און איך האָב געשריען, און געזאָגט:
וויי, גאָט דו האַר, ווילסטו אומברענגען דעם גאַנצן איבערבלייב
פֿון ישׂראל מיט וואָס דו גיסט אויס דיין גרימצאָרן אויף ירושָלַים?
9האָט ער צו מיר געזאָגט: די זינד פֿון דעם הויז פֿון ישׂראל און
יהודה איז זייער גרויס, און דאָס לאַנד איז אָנגעפֿילט מיט

בלוט, און די שטאָט איז פֿול מיט אומגערעכטיקייט, וואָרום זיי
זאָגן: פֿאַרלאָזן האָט גאָט דאָס לאַנד, און גאָט זעט ניט.
[10]דרום וועט אויך מיין אויג ניט שוינען,
און איך וועל ניט דערבאַרימען;
זייער וועג וועל איך פֿאַרגעלטן אויף זייער קאָפּ.
[11]ערשט דער מאַן אָנגעטאָן אין ליינען וואָס דער טינטאָרן איז
געווען אויף זיינע לענדן, האָט געבראַכט אַן ענטפֿער, אַזוי צו
זאָגן: איך האָב געטאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס דו האָסט מיר באַפֿוילן.
י [1]און איך האָב געזען, ערשט אויף דעם הימל וואָס איבערן
קאָפּ פֿון די כּרובים האָט זיך באַוויזן אַזוי ווי סאַפּירשטיין,
אַזוי ווי דאָס אויסזען פֿון דער געשטאַלט פֿון אַ טראָן איבער זיי.
[2]און ער האָט גערעדט צו דעם מאַן וואָס איז געווען אָנגעטאָן
אין ליינען, און ער האָט געזאָגט: גיי אַריין צווישן די רעדער,
אונטער דעם כּרוב, און פֿיל אָן דיינע הויפֿנס מיט פֿייערקוילן
פֿון צווישן די כּרובים, און טו אַ וואָרף אויף דער שטאָט. איז
ער אַריינגעגאַנגען פֿאַר מיינע אויגן. [3]און די כּרובים זיינען
געשטאַנען רעכטס פֿון הויז, ווען דער מאַן איז אַריינגעגאַנגען;
און אַ וואָלקן האָט אָנגעפֿילט דעם אינעווייניקסטן הויף. [4]און
די פּראַכט פֿון גאָט האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון איבער דעם כּרוב
צום שוועל פֿון הויז; און דאָס הויז איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיטן
וואָלקן, און דער הויף איז געווען פֿול מיט דעם שיין פֿון גאָטס
פּראַכט. [5]און דאָס גערויש פֿון די פֿליגלען פֿון די כּרובים
האָט זיך געהערט ביזן אויסנווייניקסטן הויף, אַזוי ווי דער קָול
פֿון גאָט אַלמאַכטיקן, ווען ער רעדט. [6]און עס איז געווען, ווי
ער האָט באַפֿוילן דעם מאַן וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין ליינען,
אַזוי צו זאָגן: נעם פֿייער פֿון צווישן די רעדער, פֿון צווישן די
כּרובים, אַזוי איז ער אַריינגעגאַנגען, און האָט זיך געשטעלט
לעבן אַ ראָד. [7]און דער כּרוב האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט

פֿון צווישן די כּרובים צו דעם פֿײַער וואָס צווישן די כּרובים,
און ער האָט אויפֿגעהויבן און געגעבן אין די הויפֿנס פֿון דעם
אָנגעטאָנענעם אין לײַנען; און דער האָט עס גענומען, און איז
אַרויסגעגאַנגען. 8 און בײַ די כּרובים האָט זיך געזען די געשטאַלט
פֿון אַ מענטשנס האַנט אונטער זײערע פֿליגלען. 9 און איך האָב
געזען, ערשט פֿיר רעדער זײַנען לעבן די כּרובים, איין ראָד
לעבן איין כּרוב, איין ראָד לעבן איין כּרוב; און דאָס אויסזען
פֿון די רעדער איז געווען אַזוי ווי דער אָנבליק פֿון גאָלדשטיין.
10 און זײער אויסזען: איין געשטאַלט איז געווען בײַ זיי פֿירן,
אַזוי ווי עס וואָלט זײַן אַ ראָד אין אַ ראָד. 11 אַז זיי זײַנען געגאַנגען,
זײַנען זיי געגאַנגען צו זײערע פֿיר זײַטן: זיי האָבן זיך ניט אומ־
געדרייט בײַ זײער גיין, נײערט צום אָרט וווהין דער קאָפּ איז
געווען געקערט, נאָך אים זײַנען זיי געגאַנגען; זיי האָבן זיך ניט
אומגעדרייט בײַ זײער גיין. 12 און זײער גאַנצער לײַב, און זײער
רוקן, און זײערע הענט, און זײערע פֿליגלען, און די רעדער,
זײַנען געווען פֿול מיט אויגן רונד אַרום—זײערע רעדער בײַ זיי
פֿירן. 13 די רעדער, זיי האָט מען אָנגערופֿן „דער גַלגַל"[א] אין
מײַנע אויערן. 14 און פֿיר פּנימער זײַנען בײַ איטלאַכן געווען:
איין פּנים דער פּנים פֿון אַ כּרוב, און דער צווייטער פּנים דער
פּנים פֿון אַ מענטשן, און דער דריטער דער פּנים פֿון אַ לײב,
און דער פֿירטער דער פּנים פֿון אַן אָדלער. 15 און די כּרובים
האָבן זיך אויפֿגעהויבן. דאָס איז געווען די חיה וואָס איך האָב
געזען בײַם טײַך כּבָר. 16 און אַז די כּרובים זײַנען געגאַנגען,
זײַנען געגאַנגען די רעדער לעבן זיי, און אַז די כּרובים האָבן
אויפֿגעשטעלט זײערע פֿליגלען זיך אויפֿצוהייבן פֿון דער ערד,
האָבן אויך די רעדער זיך ניט אָפּגעדרייט פֿון לעבן זיי. 17 אַז
יענע זײַנען געשטאַנען, זײַנען די געשטאַנען, און אַז יענע האָבן
זיך אויפֿגעהויבן, האָבן זיי זיך אויפֿגעהויבן מיט זיי, וואָרום

[א] ראָד אָדער ראָדווערק.

דער גייסט פֿון דער חיה איז געווען אין זיי. [18]און די פּראַכט
פֿון גאָט איז אַוועק פֿון דעם שוועל פֿון הויז, און האָט זיך
געשטעלט אויף די כּרובים. [19]און די כּרובים האָבן אויפֿ־
געשטעלט זייערע פֿליגלען, און האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון דער
ערד פֿאַר מײַנע אויגן בײַ זייער אַרויסגיין, און די רעדער
באַגלייך מיט זיי; און זיי האָבן זיך געשטעלט בײַם אײַנגאַנג פֿון
מזרח־טויער פֿון גאָטס הויז; און די פּראַכט פֿון דעם גאָט פֿון
ישׂראל איז געווען איבער זיי פֿון אויבן. [20]דאָס איז די חיה
וואָס איך האָב געזען אונטער דעם גאָט פֿון ישׂראל, בײַם טײַך
כּבֿר; און איך האָב דערקענט אַז דאָס זײַנען כּרובים. [21]צו פֿיר,
צו פֿיר פּנימער זײַנען בײַ איטלאַכן געווען, און פֿיר פֿליגלען
בײַ איטלאַכן, און די געשטאַלט פֿון הענט פֿון אַ מענטשן אונטער
זייערע פֿליגלען. [22]און די געשטאַלט פֿון זייערע פּנימער: דאָס
זײַנען געווען די פּנימער וואָס איך האָב געזען בײַם טײַך כּבֿר,
זייער אויסזען און זיי גופֿא. איטלאַכער צו דער זײַט פֿון זײַן
פּנים זײַנען זיי געגאַנגען.

יא [1]און אַ ווינט האָט מיך אויפֿגעהויבן, און האָט מיך געבראַכט
צו דעם מזרח־טויער פֿון גאָטס הויז וואָס איז געקערט צו
מזרח; ערשט אין דעם אײַנגאַנג פֿון טויער זײַנען פֿינף און
צוואַנציק מאַן; און איך האָב געזען צווישן זיי יַאֲזַנְיָה דעם זון
פֿון עַזּור, און פְּלַטְיָהו דעם זון פֿון בְּנָיָהו, די האַרן פֿון פֿאָלק.
[2]און ער האָט צו מיר געזאָגט:

מענטשנקינד, דאָס זײַנען די מענער וואָס טראַכטן אומרעכט,
און עצהן בייזע עצות אין דערדאָזיקער שטאָט;
[3]וואָס זאָגן: ניט אַזוי באַלד!
מע וועט נאָך בויען הײַזער!
זי איז דער טאָפּ,
און מיר זײַנען דאָס פֿלייש.

4 דרום זאָג נביאות אויף זיי,
זאָג נביאות, דו מענטשנקינד.

5 און דער גייסט פון גאָט איז געפאַלן אויף מיר, און ער האָט
צו מיר געזאָגט:
זאָג: אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
אַזוי האָט איר געזאָגט, הויז פון ישׂראל,
און וואָס אַייך קומט אויפן זינען דאָס ווייס איך.
6 איר האָט געמערט אַייערע דערשלאָגענע
אין דערדאָזיקער שטאָט,
און אָנגעפילט אירע גאַסן מיט דערשלאָגענע.
7 דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
אַייערע דערשלאָגענע וואָס איר האָט אַוועקגעלייגט אין איר,
זיי זיינען דאָס פלייש, און זי איז דער טאָפּ,
אָבער אַייך וועט מען אַרויסציען פון איר.
8 פאַר דער שווערד האָט איר מורא געהאַט,
און אַ שווערד וועל איך ברענגען אויף אַייך,
זאָגט גאָט דער האַר.
9 און איך וועל אַייך אַרויסציען פון איר מיט,
און וועל אַייך געבן אין דער האַנט פון פרעמדע,
און וועל טאָן אויף אַייך אַ משפּט.
10 דורך דער שווערד וועט איר פאַלן;
אויפן געמאַרק פון ישׂראל וועל איך אַייך משפּטן;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.
11 זי וועט אַייך ניט זיין צום טאָפּ,
אָבער איר וועט זיין אין איר צו פלייש;
ביים געמאַרק פון ישׂראל וועל איך אַייך משפּטן.
12 און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה,

וואָס אין מײַנע חוקים זײַט איר ניט געגאַנגען,
און מײַנע געזעצן האָט איר ניט געטאָן,
נײַערט אַזוי ווי די געזעצן פֿון די פֿעלקער
וואָס רונד אַרום אײַך האָט איר געטאָן.
13און עס איז געווען, ווי איך האָב נביאות געזאָגט, אַזוי איז
פְּלַטְיָה דער זון פֿון בְּנָיָהו געשטאָרבן; בין איך געפֿאַלן אויף
מײַן פּנים, און איך האָב געשריִען אויף אַ הויכן קָול, און האָב
געזאָגט: ווײ, גאָט דו האַר, ווילסטו אַ פֿאַרלענדונג מאַכן פֿון דעם
איבערבלײַב פֿון ישׂראל? 14איז דאָס וואָרט פֿון גאָט געווען צו
מיר, אַזוי צו זאָגן:
15מענטשנקינד, דײַנע ברידער, דײַנע ברידער,
די מענטשן פֿון דײַן קרובֿהשאַפֿט,
און דאָס גאַנצע הויז פֿון ישׂראל אין גאַנצן,
וואָס די באַוווינער פֿון ירושָלַיִם האָבן צו זיי געזאָגט:
זײַט דערווײַטערט פֿון גאָט!
דאָס איז אונדז דאָס לאַנד געגעבן געוואָרן פֿאַר אַ ירושה—
16דרום זאָג: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
הגם איך האָב זיי דערווײַטערט צווישן די פֿעלקער,
און הגם איך האָב זיי צעשפּרייט אין די לענדער,
בין איך זיי אָבער פֿאַר אַ קליין הייליקטום
אין די לענדער וואָס זיי זײַנען געקומען אַהין.
17דרום זאָג: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
יאָ, איך וועל אײַך אײַנזאַמלען פֿון די אומות,
און וועל אײַך צונויפֿקלײַבן פֿון די לענדער
וואָס איר זײַט צעשפּרייט געוואָרן אין זיי,
און איך וועל אײַך געבן די ערד פֿון ישׂראל.
18און זיי וועלן קומען אַהין,
און וועלן אָפּטאָן אַלע אירע מיאוסקייטן

און אַלע אירע אומווערדיקייטן פון איר.
19 און איך וועל זיי געבן איין האַרץ,
און אַ נײַ געמיט וועל איך אַרײַנגעבן אין אײַך;
און איך וועל אָפּטאָן דאָס האַרץ פון שטיין פון זייער לײַב,
און וועל זיי געבן אַ האַרץ פון פלייש;
20 כּדי זיי זאָלן גיין אין מײַנע חוקים,
און מײַנע געזעצן זאָלן זיי היטן און זיי טאָן;
און זיי וועלן מיר זײַן צום פֿאָלק,
און איך וועל זיי זײַן צום גאָט.
21 און די וואָס זייער האַרץ גייט נאָך דעם האַרצן
פון זייערע מיאוסקייטן און זייערע אומווערדיקייטן,
וועל איך זייער וועג אויף זייער קאָפּ פֿאַרגעלטן,
זאָגט גאָט דער האַר.

22 און די כּרובים האָבן אויפגעהויבן זייערע פליגלען, און
די רעדער באַגלײַך מיט זיי; און די פּראַכט פון דעם גאָט פון
ישׂראל איז געווען איבער זיי פון אויבן. 23 און די פּראַכט פון
גאָט האָט זיך אויפגעהויבן פון איבערן מיטן שטאָט, און האָט
זיך געשטעלט אויף דעם באַרג וואָס אין מזרח פון שטאָט. 24 און
אַ ווינט האָט מיך אויפגעהויבן, און האָט מיך געבראַכט קיין
כּשׂדים צו די פֿאַרטריבענע, אין אַ זעאונג, מיט דעם גייסט פון
גאָט. און די זעאונג וואָס איך האָב געזען, האָט זיך אויפֿ־
געהויבן פון מיר. 25 און איך האָב גערעדט צו די פֿאַרטריבענע
אַלע ווערטער פון גאָט וואָס ער האָט מיר באַוויזן.

יב 1 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו
זאָגן:
2 מענטשנקינד, צווישן אַ ווידערשפּעניקן געזינדל זיצסטו,
וואָס האָבן אויגן צו זען, און זעען ניט,

וואָס האָבן אויערן צו הערן, און הערן ניט,
ווייל אַ ווידערשפּעניק געזינדל זיינען זיי.
3און דו מענטשנקינד, מאַך דיר וואַנדער־כּלים,
און וואַנדער אויס ביי טאָג פאַר זייערע אויגן;
און זאָלסט וואַנדערן פון דיין אָרט
צו אַן אַנדער אָרט פאַר זייערע אויגן;
אפשר וועלן זיי איינזען
אַז אַ ווידערשפּעניק געזינדל זיינען זיי.
4און זאָלסט אַרויסטראָגן דיינע כּלים
אַזוי ווי וואַנדער־כּלים ביי טאָג פאַר זייערע אויגן;
און דו זאָלסט אַרויסגיין אין אָוונט פאַר זייערע אויגן,
אַזוי ווי מע גייט אַרויס אין גָלוּת.
5פאַר זייערע אויגן גראָב דיר דורך די וואַנט,
און טראָג אַרויס דורך איר.
6פאַר זייערע אויגן זאָלסטו אויפן אַקסל טראָגן,
אין שטאָקפינצטערניש זאָלסטו אַרויסטראָגן;
דיין פּנים זאָלסטו פאַרדעקן, און ניט אָנקוקן דאָס לאַנד;
וואָרום אַ צייכן האָב איך דיך געמאַכט
פאַר דעם הויז פון ישׂראל.
7און איך האָב געטאָן אַזוי ווי איך בין באַפוילן געוואָרן:
מיינע כּלים האָב איך אַרויסגעטראָגן אַזוי ווי וואַנדער־כּלים
ביי טאָג, און אין אָוונט האָב איך מיר דורכגעגראָבן די וואַנט
מיט דער האַנט; אין שטאָקפינצטערניש האָב איך אַרויסגעטראָגן;
אויפן אַקסל האָב איך געטראָגן פאַר זייערע אויגן.
8און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר אין דער פרי,
אַזוי צו זאָגן:
9מענטשנקינד, האָבן ניט געזאָגט צו דיר דאָס הויז פון ישׂראל,
דאָס ווידערשפּעניקע געזינדל: וואָס טוסטו?

10וזאָג צו זיי: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
דידאָזיקע נבואה איז אויף דעם פירשט[א] אין ירושָלַיִם,
און אויף דעם גאַנצן הויז פון ישׂראל
וואָס זיי זיינען צווישן זיי.
11זאָג: איך בין אַייער צייכן;
ווי איך האָב געטאָן, אַזוי וועט געטאָן ווערן צו זיי:
אין גָלות, אין געפאַנגענשאַפט וועלן זיי גיין.
12און דער פירשט וואָס צווישן זיי
וועט אויפן אַקסל טראָגן,
און אין שטאָקפינצטערניש וועט ער אַרויסגיין;
די וואַנט וועט מען דורכגראָבן
אים אַרויסצופירן דורך איר;
זיין פנים וועט ער פאַרדעקן,
כּדי ער זאָל ניט אָנקוקן מיטן אויג דאָס לאַנד.
13און איך וועל אויסשפרייטן מיין נעץ אויף אים,
און ער וועט געפאַנגען ווערן אין מיין פאַסטקע;
און איך וועל אים ברענגען קיין בָבל
אין לאַנד פון די כַּשׂדים,
אָבער ער וועט עס ניט אָנקוקן,
הגם דאָרט וועט ער שטאַרבן.
14און אַלע וואָס רונד אַרום אים,
זיינע העלפער, און אַלע זיינע מחנות,
וועל איך צעשפרייטן אויף אַלע ווינטן,
און אַ שווערד וועל איך אַרויסציען הינטער זיי.
15און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה,
ווען איך צעוואַרף זיי צווישן די פעלקער,
און וועל זיי צעשפרייטן אין די לענדער.
16נאָר געציילטע מענטשן פון זיי וועל איך איבערלאָזן

[א] וואָרטשפּיל: הַנָּשִׂיא הַמַּשָּׂא.

פון שווערד, פון הונגער, און פון פעסט,
כּדי זיי זאָלן דערציילן אַלע זייערע אומווערדיקייטן
צווישן די פעלקער וואָס זיי זיינען געקומען אַהין;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.

17און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
18מענטשנקינד, דיין ברויט זאָלסטו מיט ציטערניש עסן,
און דיין וואַסער זאָלסטו מיט אומרו און מיט זאָרג טרינקען.
19און זאָלסט זאָגן צו דעם פאָלק פון לאַנד:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר
וועגן די באַוווינער פון ירושלַים אויף דער ערד פון ישׂראל:
זייער ברויט וועלן זיי מיט זאָרג עסן,
און זייער וואַסער וועלן זיי מיט באַנומעניש טרינקען,
ווייל איר לאַנד וועט פאַרוויסט ווערן פון איר פולקייט,
פון וועגן דעם אומרעכט פון אַלע וואָס וווינען אין איר.
20און די באַוועצטע שטעט וועלן חרב ווערן,
און דאָס לאַנד וועט אַ וויסטעניש זיין;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.

21און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
22מענטשנקינד, וואָס איז דאָסדאָזיקע ווערטל ביי אייך
אין לאַנד פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן:
עס לענגערן זיך די טעג,
און צו נישט ווערט איטלאַכע זעאונג?
23דרום זאָג צו זיי: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
איך פאַרשטער דאָסדאָזיקע ווערטל,
און מע וועט עס מער ניט זאָגן אין ישׂראל.
נייערט רעד צו זיי: עס גענענען די טעג,

און די געשעאונג פון איטלאַכער זעאונג.
[24]װאָרום מער װעט ניט זײַן קיין פאַלשע זעאונג
און גלאַטע װאָרזאָגערײַ אין הויז פון ישׂראל.
[25]נײַערט איך יהוה װעל רעדן, װאָסער װאָרט איך װעל רעדן,
און עס װעט געשען; עס װעט זיך מער ניט פאַרציִען.
װאָרום אין אײַערע טעג, איר װידערשפּעניק געזינדל,
װעל איך רעדן אַ װאָרט, און װעל עס טאָן,
זאָגט גאָט דער האַר.

[26]און דאָס װאָרט פון גאָט איז געװען צו מיר, אַזױ צו זאָגן:
[27]מענטשנקינד, זע, דאָס הויז פון ישׂראל זאָגט:
די זעאונג װאָס ער זעט איז אויף פיל טעג אַרום,
און אויף װײַטע צײַטן זאָגט ער נביאות.
[28]דרום זאָג צו זיי: אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
מער װעלן זיך ניט פאַרציִען אַלע מײַנע װערטער;
אַז איך װעל רעדן אַ װאָרט, װעט עס געשען,
זאָגט גאָט דער האַר.

יג [1]און דאָס װאָרט פון גאָט איז געװען צו מיר, אַזױ צו זאָגן:
[2]מענטשנקינד, זאָג נביאות
אויף די נביאים פון ישׂראל װאָס זאָגן נביאות,
און זאָלסט זאָגן צו די נביאים פון זייער אייגענעם האַרצן:
הערט דאָס װאָרט פון גאָט:
[3]אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
װיי צו די נביאים מנוולים[א]
װאָס גייען נאָך זייער געמיט,
און נאָך װאָס זיי האָבן ניט געזען!—

[א] װאָרטשפּיל: הַנְּבִיאִים הַנְּבָלִים.

4אַזוי ווי פּיקס אין חורבות
זיינען געווען דיינע נביאים, ישׂראל.
5איר זייט ניט אַרויפגעגאַנגען אין די בראָכן,
און פאַרצאַמט אַ צאַם אַרום דעם הויז פון ישׂראל,
צו באַשטיין אין מלחמה אין טאָג פון גאָט.
6זיי האָבן געזען פאַלשקייט און וואָרזאָגעניש פון ליגן,
זיי וואָס זאָגן: גאָט האָט געזאָגט,
ווען גאָט האָט זיי ניט געשיקט;
און זיי האַרן ער זאָל מקיים זיין דאָס וואָרט!
7האָט איר דען ניט אַ זעאונג פון ליגן געזען,
און פאַלשע וואָרזאָגעניש געזאָגט?
און איר זאָגט: גאָט האָט געזאָגט,
ווען איך האָב ניט גערעדט.

8דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
ווייל איר האָט גערעדט פאַלשקייט און געזען ליגן,
דרום זעט, איך קום אויף אײַך,
זאָגט גאָט דער האַר.
9און מיין האַנט וועט זיין אויף די נביאים
וואָס זעען פאַלשקייט און וואָרזאָגן ליגן;
אין דעם באַראָט פון מיין פאָלק וועלן זיי ניט זיין,
און אין דעם געשריפט פון דעם הויז פון ישׂראל
וועלן זיי ניט פאַרשריבן ווערן,
און אויף דער ערד פון ישׂראל וועלן זיי ניט קומען;
און איר וועט וויסן אַז איך בין גאָט יהוה.
10ווייל און באַווייל זיי האָבן פאַרפירט מיין פאָלק,
אַזוי צו זאָגן: שלום! ווען קיין שלום איז ניטאָ;
און ער בויט אַ ווענטל,

און זיי־אָ באַשמירן עס מיט טינק;
11זאָג צו די טינקשמירער אַז עס וועט אײַנפאַלן;
עס ווערט אַ רעגן אַ פלייציקער,
און איר, האָגלשטיינער, וועט פאַלן,
און אַ שטורעמווינט וועט אויסברעכן.
12און אָט אַז די מויער פאַלט אײַן,
צי וועט ניט געזאָגט ווערן צו אײַך:
ווו איז דאָס געשמיר וואָס איר האָט אָנגעשמירט?
13דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
יאָ, איך וועל מאַכן אויסברעכן אַ שטורעמווינט
אין מײַן גרימצאָרן,
און אַ פלייציקער רעגן וועט זײַן אין מײַן כּעס,
און האָגלשטיינער אין גרימצאָרן, צו פאַרלענדן.
14און איך וועל צעשטערן די מויער
וואָס איר האָט באַשמירט מיט טינק,
און וועל זי ברענגען צו דער ערד,
און איר גרונטפעסט וועט אַנטפּלעקט ווערן;
און זי וועט אײַנפאַלן,
און איר וועט פאַרלענדט ווערן דערין;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.
15און איך וועל אויסלאָזן מײַן גרימצאָרן אויף דער מויער,
און אויף די וואָס האָבן זי באַשמירט מיט טינק;
און איך וועל זאָגן צו אײַך:
ניטאָ די מויער, און ניטאָ די וואָס האָבן זי באַשמירט—
16די נביאים פון ישׂראל וואָס זאָגן נביאות אויף ירושָלַים,
און זעען איר אַ זעאונג פון שלום,
ווען קיין שלום איז ניטאָ,
זאָגט גאָט דער האַר.

17 און דו מענטשנקינד, טו דײַן פּנים
צו די טעכטער פֿון דײַן פֿאָלק
וואָס זאָגן נביאות פֿון זײער אײגענעם האַרצן,
און זאָג נביאות אויף זײ,
18 און זאָלסט זאָגן: אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
װײ צו די וואָס נײען אָן קישעלאַך אויף אַלע עלנבויגנס,
און מאַכן שלײערס אויפֿן קאָפּ פֿון איטלאַכן וווּקס,
כּדי נפֿשות צו פֿאַנגען!
די נפֿשות טוט איר פֿאַנגען בײַ מײַן פֿאָלק,
כּדי אײַך די נפֿשות בײַם לעבן צו דערהאַלטן.
19 און איר האָט מיך פֿאַרשװעכט בײַ מײַן פֿאָלק
פֿאַר הײפֿלאַך גערשטן, און פֿאַר ברעקלאַך ברויט,
צו מאַכן שטאַרבן נפֿשות וואָס דאַרפֿן ניט שטאַרבן,
און צו לאָזן לעבן נפֿשות וואָס דאַרפֿן ניט לעבן,
מיט וואָס איר זאָגט ליגן צו מײַן פֿאָלק,
די צוהערער פֿון ליגן.

20 דרום האָט גאָט דער האַר אַזױ געזאָגט:
זעט, איך נעם זיך צו אײַערע קישעלאַך
וואָס איר פֿאַנגט דערמיט די נפֿשות װי פֿויגלען,
און איך װעל זײ אַראָפּרײַסן פֿון אײַערע אָרעמס,
און װעל אַװעקלאָזן די נפֿשות וואָס איר פֿאַנגט—
נפֿשות װי פֿויגלען.
21 און איך װעל אַראָפּרײַסן אײַערע שלײערס,
און װעל מציל זײַן מײַן פֿאָלק פֿון אײַער האַנט,
און זײ װעלן מער ניט זײַן צום געפֿאַנג אין אײַער האַנט;
און איר װעט װיסן אַז איך בין יהוה.

22 ווײַל איר האָט מיט ליגן באַטריבט דאָס האַרץ פֿון דעם צדיק,
ווען איך האָב אים ניט געוואָלט ווײ טאָן,
און איר האָט געשטאַרקט די הענט פֿון דעם רשע
זיך ניט אומצוקערן פֿון זײַן שלעכטן וועג,
אַז מע זאָל אים לאָזן לעבן,
23 דרום וועט איר מער פֿאַלשקייט ניט זען,
און וואָרזאָגעניש ניט וואָרזאָגן;
און איך וועל מציל זײַן מײַן פֿאָלק פֿון אײַער האַנט;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.

יד 1 און צו מיר זײַנען געקומען מענער פֿון די עלטסטע פֿון
ישׂראל, און זײַנען געזעסן פֿאַר מיר. 2 איז דאָס וואָרט
פֿון גאָט געווען צו מיר אַזוי צו זאָגן:
3 מענטשנקינד, דידאָזיקע לײַט האָבן אויפֿגעשטעלט
זײערע אָפּגעטער אין זײער האַרצן,
און די שטרויכלונג צו זײער זינד
האַלטן זײ אַקעגן זײער פּנים;
זאָל איך פֿרעגן זיך לאָזן פֿרעגן פֿון זײ?
4 דרום רעד מיט זײ, און זאָלסט זאָגן צו זײ:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
יעטוועדער מאַן פֿון דעם הויז פֿון ישׂראל
וואָס וועט אויפֿשטעלן זײַנע אָפּגעטער אין זײַן האַרצן,
און די שטרויכלונג צו זײַן זינד
וועט ער האַלטן אַקעגן זײַן פּנים,
און ער וועט קומען צום נביא,
וועל איך יהוה אים ענטפֿערן—
דעם וואָס קומט מיט זײַנע פֿיל אָפּגעטער;
5 כּדי צו פֿאַרכאַפּן בײַם האַרצן דאָס הויז פֿון ישׂראל,

וואָס האָבן זיך אָפּגעקערט פון מיר
דורך זייערע אָפּגעטער אַלע.

6דרום זאָג צו דעם הויז פון ישׂראל:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
קערט צוריק, און קערט אײַך אום פון אײַערע אָפּגעטער,
און פון אַלע אײַערע אומווערדיקייטן קערט אָפּ אײַער פּנים.
7וואָרום יעטוועדער מאַן פון דעם הויז פון ישׂראל,
אָדער פון דעם פרעמדן וואָס האַלט זיך אויף אין ישׂראל,
וואָס וועט זיך אָפּשיידן פון הינטער מיר,
און וועט אויפשטעלן זײַנע אָפּגעטער אין זײַן האַרצן,
און די שטרויכלונג צו זײַן זינד
וועט ער האַלטן אַקעגן זײַן פּנים,
און ער וועט קומען צום נביא,
כּדי ער זאָל מיך פרעגן פון זײַנעטוועגן;
וועל איך יהוה אַליין אים ענטפערן.
8און איך וועל קערן מײַן פּנים אַקעגן יענעם מאַן,
און וועל אים פאַרוויסטן,
פאַר אַ צייכן און פאַר אַ שפּריכוואָרט,
און וועל אים פאַרשניידן פון צווישן מײַן פאָלק;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.
9און אַז דער נביא וועט פאַרפירט ווערן,
און וועט רעדן אַ וואָרט,
האָב איך יהוה דאָס פאַרפירט יענעם נביא,
און איך וועל אויסשטרעקן מײַן האַנט אויף אים,
און וועל אים פאַרטיליקן פון צווישן מײַן פאָלק ישׂראל.
10און זיי וועלן טראָגן זייער זינד;
אַזוי ווי די זינד פון דעם פרעגער,

אַזוי וועט זײַן די זינד פֿון דעם נביא.
11כּדי דאָס הויז פֿון ישׂראל
זאָלן מער ניט אַוועקבלאָנדזשען פֿון הינטער מיר,
און זאָלן זיך מער ניט פֿאַראומרייניקן
מיט אַלע זייערע פֿאַרבּרעכן;
און זיי זאָלן מיר זײַן צום פֿאָלק,
און איך זאָל זיי זײַן צום גאָט,
זאָגט גאָט דער האַר.

12און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
13מענטשנקינד, ווען אַ לאַנד זאָל זינדיקן קעגן מיר
צו פֿעלשן אַ פֿעלשונג,
און איך זאָל אויסשטרעקן מײַן האַנט אויף איר,
און איר צעבּרעכן דעם אונטערלען פֿון ברויט,
און אָנשיקן אויף איר אַ הונגער,
און פֿאַרשניידן פֿון איר מענטשן און בּהמות,
14און די דאָזיקע דרײַ מענער זאָלן זײַן אין איר:
נח, דניאל, און איוב,
וועלן זיי מיט זייער גערעכטיקייט
נאָר מציל זײַן זייער נפֿש, זאָגט גאָט דער האַר.
15ווען אַ בייזע חיה זאָל איך מאַכן דורכגיין אין לאַנד,
און זי זאָל עס פֿון מענטשן בּאַרויבן,
און עס זאָל ווערן אַ וויסטעניש אָן אַ דורכגייער
פֿון וועגן דער חיה,
16מעגן די דאָזיקע דרײַ מענער זײַן אין איר,
אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
אויב זיי וועלן מציל זײַן זין אָדער טעכטער!
זיי אַליין וועלן ניצול ווערן,

אָבער דאָס לאַנד וועט ווערן אַ וויסטעניש.
17אָדער ווען אַ שווערד זאָל איך ברענגען אויף יענעם לאַנד,
און זאָגן: אַ שווערד זאָל דורכגיין אין לאַנד;
און איך זאָל פֿאַרשניידן פֿון איר מענטשן און בהמות,
18און די דאָזיקע דריי מענער זיינען אין איר,
אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
זיי וועלן ניט מציל זיין זין און טעכטער;
בלויז זיי אַליין וועלן ניצול ווערן.
19אָדער ווען אַ פּעסט זאָל איך שיקן אויף יענעם לאַנד,
און אויסגיסן מיין גרימצאָרן אויף איר מיט בלוט,
צו פֿאַרשניידן פֿון איר מענטשן און בהמות,
20און נח, דניאֵל, און איוב זיינען אין איר,
אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
אויב זיי וועלן מציל זיין אַ זון אָדער אַ טאָכטער!
זיי וועלן מיט זייער גערעכטיקייט
נאָר מציל זיין זייער נפֿש.
21פֿאַרוואָר, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
היינט ווי שוין אַז מיינע פֿיר בייזע שטראָפֿן,
שווערד, און הונגער, און אַ בייזע חיה, און פּעסט,
האָב איך אָנגעשיקט אויף ירושָלַיִם,
צו פֿאַרשניידן פֿון איר מענטשן און בהמות!
22אָבער אָט איז געבליבן אַן אַנטרינונג אין איר,
די וואָס ווערן אַרויסגעפֿירט, זין און טעכטער;
אָט קומען זיי אַרויס צו אייך,
און איר וועט זען זייער וועג און זייערע מעשׂים,
און איר וועט אייך טרייסטן וועגן דעם בייז
וואָס איך האָב געבראַכט אויף ירושָלַיִם,
וועגן אַלץ וואָס איך האָב געבראַכט אויף איר;

23 וואָרום זיי וועלן אײַך זיין אַ טרייסטונג,
אַז איר וועט זען זייער וועג און זייערע מעשׂים;
און איר וועט וויסן אַז ניט אומזיסט האָב איך געטאָן
אַלץ וואָס איך האָב געטאָן אין איר,
זאָגט גאָט דער האַר.

טו 1 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו
זאָגן:
2 מענטשנקינד, וואָס איז דער ווײַנשטאָק
מער פון איטלאַכן בוים—
דער ווײַנצווייג וואָס איז צווישן די וואַלדבוימער?
3 צי ווערט פון אים האָלץ גענומען
אויף צו מאַכן אַן אַרבעט?
אָדער נעמט מען פון אים אַ פלעקל
צו הענגען אַ שום כּלי דערויף?
4 היינט אַז ער איז צום פייער פאַר אַ שפּייז געגעבן געוואָרן,
אַז זיינע ביידע עקן האָט אָפּגעגעסן דאָס פייער,
און זיין מיטן איז צוגעברענט געוואָרן,
קען ער דען טויגן אויף אַן אַרבעט?
5 זע, אַז ער איז גאַנץ געווען,
האָט ער ניט געקענט פאַרטאָן ווערן אויף אַן אַרבעט,
היינט ווי שוין אַז דאָס פייער האָט אים אַרומגעגעסן,
און ער איז צוגעברענט געוואָרן,
קען ער דען נאָך פאַרטאָן ווערן אויף אַן אַרבעט?
6 דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
אַזוי ווי דער ווײַנשטאָק צווישן די וואַלדבוימער,
וואָס איך האָב אים געגעבן צום פייער פאַר אַ שפּייז,
אַזוי גיב איך די באַוווינער פון ירושלים.

7און איך וועל קערן מיין פּנים אַקעגן זיי;
פון פייער זיינען זיי אַרויס, און דאָס פייער וועט זיי פאַרצערן;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה,
ווען איך טו מיין פּנים אַקעגן זיי.
8און איך וועל מאַכן דאָס לאַנד אַ וויסטעניש,
ווייל זיי האָבן געפעלשט אַ פעלשונג,
זאָגט גאָט דער האַר.

# טז

1און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
2מענטשנקינד, לאָז וויסן ירושָלַיִם אירע אומווערדיקייטן,
3און זאָלסט זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר צו ירושָלַיִם:
דיין אָפּשטאַם און דיין געבורט
איז פון לאַנד פון דעם כּנַעֲני;
דיין פאָטער איז געווען דער אֶמוֹרי,
און דיין מוטער פון חֵת.
4און אָט איז דיין געבורט:
אין דעם טאָג וואָס דו ביסט געבאָרן געוואָרן
האָט מען דיין נאָפּל ניט אָפּגעשניטן,
און אין וואַסער ביסטו ניט געוואַשן געוואָרן צום רייניקן,
און באַזאַלצן ביסטו ניט באַזאַלצט געוואָרן,
און געוויקלט ביסטו ניט געוויקלט געוואָרן.
5ניט דערבאַרימט האָט זיך אַן אויג אויף דיר,
דיר צו טאָן איינס פון דידאָזיקע,
צו האָבן רחמנות אויף דיר;
און ביסט אַוועקגעוואָרפן געוואָרן אויפן פרייען פעלד,
פון וועגן דער עקלדיקייט פון דיין לַייב,
אין דעם טאָג וואָס דו ביסט געבאָרן געוואָרן.

6 און איך בין פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿאַרבײַ דיר,
און האָב דיך געזען זיך וועלגערן אין דײַן בלוט,
און איך האָב געזאָגט צו דיר אין דײַן בלוט: לעב!
יאָ, איך האָב געזאָגט צו דיר אין דײַן בלוט: לעב!
7 וואַקסעדיק ווי די שפּראָצונג פֿון פֿעלד האָב איך דיך געמאַכט,
און ביסט געוואַקסן, און ביסט גרויס געוואָרן,
און געקומען אין שענסטער שײנקײט;
די בריסט זײַנען געווען געפֿורעמט,
און דײַנע האָר האָט געשפּראָצט,
נאָר נאַקעט און הויל ביסטו געווען.
8 בין איך פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿאַרבײַ דיר, און האָב דיך געזען,
ערשט דײַן צײַט איז די צײַט פֿון ליבשאַפֿט;
און איך האָב אויסגעשפּרייט מײַן ברעג קלייד איבער דיר,
און צוגעדעקט דײַן נאַקעטקייט;
און איך האָב דיר געשוואָרן,
און בין אַרײַן אין אַ בונד מיט דיר,
זאָגט גאָט דער האַר,
און ביסט געוואָרן מײַנע.
9 און איך האָב דיך אַרומגעוואַשן מיט וואַסער,
און האָב אָפּגעשווענקט דײַן בלוט פֿון דיר,
און האָב דיך באַזאַלבט מיט אייל.
10 און איך האָב דיך אָנגעקליידט אין געשטיקטן געוואַנט,
און דיך באַשוכט מיט תּחשפֿעל,
און באַוויקלט דײַן קאָפּ מיט לײַנען,
און באַדעקט דיך מיט זייד.
11 און איך האָב דיך באַצירט מיט צירונג,
און אָנגעטאָן אָרעמבענדער אויף דײַנע הענט,
און אַ האַלדזבאַנד אויף דײַן האַלדז.

12 און איך האָב אָנגעטאָן אַ נאָזרינג אויף דיין נאָז,
און אוירינגען אין דיינע אויערן,
און אַ שיינע קרוין אויף דיין קאָפּ.
13 און האָסט זיך אָנגעצירט אין גאָלד און זילבער,
און דיין קלייד איז געווען ליינען,
און זייד, און געשטיקט געוואַנט;
זעמלמעל, און האָניק, און אייל האָסטו געגעסן,
און ביסט זייער זייער שיין געוואָרן,
און האָסט זיך געפּאַסט פֿאַר מלוכה.
14 און דיין שם איז אַרויס צווישן די פֿעלקער
דורך דיין שיינקייט, וואָרום זי איז געווען פֿאַרפֿול,
דורך מיין פּראַכט וואָס איך האָב אַרויפֿגעטאָן אויף דיר,
זאָגט גאָט דער האַר.
15 אָבער האָסט זיך פֿאַרזיכערט אויף דיין שיינקייט,
און האָסט מזנה געווען אויף דיין שם,
און אויסגעגאָסן דיין זנות אויף יעטוועדער דורכגייער;
זיינס איז עס געווען.
16 און האָסט גענומען פֿון דיינע קליידער,
און דיר געמאַכט געפֿלעקטע בָמות,
און מזנה געווען אויף זיי;
וואָס אַזוינס איז ניט געשען, און וועט ניט זיין.
17 און האָסט גענומען דיינע שיינע זאַכן,
פֿון מיין גאָלד און פֿון מיין זילבער וואָס איך האָב דיר געגעבן,
און האָסט דיר געמאַכט בילדער פֿון אַ מאַנספּאַרשוין,
און מזנה געווען מיט זיי.
18 און האָסט גענומען דיינע געשטיקטע קליידער,
און האָסט זיי באַדעקט;
און מיין אייל און מיין ווייַרויך

האָסטו דערלאַנגט פאַר זיי.

19אוּן מײַן ברויט וואָס איך האָב דיר געגעבן,
זעמלמעל, אוּן אייל, אוּן האָניק,
מיט וואָס איך האָב דיך געשפּײַזט,
האָסטו דערלאַנגט פאַר זיי, פאַר אַ געשמאַקן ריח;
אַזוי איז דאָס געווען, זאָגט גאָט דער האַר.

20אוּן האָסט גענומען דײַנע זין אוּן דײַנע טעכטער
וואָס דו האָסט מיר געבאָרן,
אוּן האָסט זיי געשלאַכט פאַר זיי צום עסן.
ווינציק איז דיר געווען דײַן זנוּת,

21האָסטו נאָך געשאָכטן מײַנע קינדער,
אוּן זיי אַוועקגעגעבן,
אַז דו האָסט זיי מקריב געווען צו זיי.

22אוּן אין אַלע דײַנע אומוועדיקייטן אוּן דײַן זנוּת
האָסטו ניט געדאַכט אָן די טעג פוּן דײַן יוגנט,
ווען דו ביסט געווען נאַקעט אוּן הויל,
זיך וועלגערנדיק אין דײַן בלוט.

23אוּן עס איז געווען: נאָך אַל דײַן שלעכטיקייט—
וויי, וויי דיר, זאָגט גאָט דער האַר—

24האָסטו דיר געבויט אַ געוועלבונג,
אוּן דיר געמאַכט אַ הויכן אָרט אויף איטלאַכן מאַרק.

25אויף יעטוועדער עק וועג האָסטו דיר געבויט דײַן הויכן אָרט,
אוּן האָסט פאַראוּמווערדיקט דײַן שײנקייט,
אוּן צעשפּרייט דײַנע פיס פאַר יעטוועדער דורכגייער,
אוּן געמערט דײַן זנוּת.

26אוּן האָסט מזנה געווען מיט די זין פוּן מִצְרַיִם,
דײַנע שכנים די גרויסלײַביקע,
אוּן האָסט געמערט דײַן זנוּת, מיך צו דערצערענען.

27און זע, איך האָב אויסגעשטרעקט מיין האַנט אויף דיר,
און האָב געמינערט דיין אויסקומעניש,
און דיך איבערגעגעבן אויף דעם באַראָט פון דיינע פיינט,
די טעכטער פון די פּלִשתּים
וואָס האָבן זיך געשעמט וועגן דיין שענדלאַכן וועג.
28און דו האָסט מזנה געווען מיט די זין פון אַשור,
ווייל דו האָסט זיך ניט געקענט אָנזעטן,
און האָסט מזנה געווען מיט זיי,
און ביסט פאָרט ניט זאַט געוואָרן.
29און האָסט געמערט דיין זנות
מיט דעם לאַנד פון קרעמער, מיט כּשׂדים,
און אויך דערמיט ביסטו ניט זאַט געוואָרן.
30ווי שוואַך איז דיין האַרץ, זאָגט גאָט דער האַר,
אַז דו האָסט געטאָן אַלדאָסדאָזיקע
אַזוי ווי עס טוט אַן אַרציזונה,
31מיט וואָס דו האָסט געבויט דיין געוועלבונג
אויף יעטוועדער עק וועג,
און דיין הויכן אָרט האָסטו געמאַכט
אויף יעטוועדער מאַרק;
ביסט צומאָל ניט געווען ווי אַ זונה
צו שפּאָטן פון אַבי וואָסער לוין.
32דו ווייב נואפטע וואָס נעמט פרעמדע אָנשטאָט איר מאַן,
33אַלע זונות גיט מען אַ געשאַנק,
און דו האָסט געגעבן דיינע געשאַנקען
צו אַלע דיינע ליבהאָבער,
און זיי אונטערגעקויפט צו קומען צו דיר
פון רונד אַרום, אין דיין זנות.
34און ביי דיר איז געווען קאַפּויר ווי ביי אַנדערע ווייבער,

מיט וואָס דו ביסט נאָכגעלאָפן,
און נאָך דיר איז מען ניט נאָכגעלאָפן,
און וואָס דו האָסט געגעבן לוין,
און דיר איז קיין לוין ניט געגעבן געוואָרן;
יאָ, קאַפּויר ביסטו געווען.

35 דרום הער, דו זונה, דאָס וואָרט פון גאָט:
36 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווייל דיין שמוציקייט האָט זיך אויסגעגאָסן,
און דיין שאַנד איז אַנטפּלעקט געוואָרן
אין דיין זנות מיט דיינע ליבהאָבער,
און מיט אַלע דיינע אומווערדיקע אָפּגעטער;
און פאַר דעם בלוט פון דיינע זין וואָס דו האָסט זיי געגעבן—
37 דרום זע, איך זאַמל איין אַלע דיינע ליבהאָבער
וואָס דו האָסט זיך געהנדלט צו זיי,
און אַלע וואָס דו האָסט ליב,
מיט אַלע וואָס דו האָסט פיינט;
און איך וועל זיי איינזאַמלען אַרום דיר פון רונד אַרום,
און וועל אַנטפּלעקן דיין שאַנד פאַר זיי,
און זיי וועלן זען דיין גאַנצע שאַנד.
38 און איך וועל דיך משפּטן מיט דעם משפּט
פון נואפטעס און בלוטפאַרגיסערנס;
און איך וועל ברענגען אויף דיר
בלוט פון גרימצאָרן און פאַרדראָס.
39 און איך וועל דיך איבערגעבן אין זייער האַנט,
און זיי וועלן צעשטערן דיין געוועלבונג,
און איינוואַרפן דיינע הויכע ערטער;
און זיי וועלן דיר אויסטאָן דיינע קליידער,

און צונעמען דײַנע שײנע זאַכן;
און זײ װעלן דיך לאָזן נאַקעט און הויל.
40 און זײ װעלן אַרויפֿברענגען אויף דיר אַ געזעמל,
און זײ װעלן דיך פֿאַרשטײנען מיט שטײנער,
און דיך צעהאַקן מיט זײערע שװערדן.
41 און זײ װעלן פֿאַרברענען דײַנע הײזער אין פֿײער,
און טאָן אויף דיר אַ משפּט פֿאַר די אויגן פֿון פֿיל װײַבער;
און איך װעל דיך מאַכן אויפֿהערן זײַן אַ זונה,
און װעסט אויך קײן לוין מער ניט געבן.
42 און איך װעל באַרועןן מײַן גרימצאָרן אויף דיר,
און אָפּטאָן װעט זיך מײַן פֿאַרדראָס פֿון דיר,
און איך װעל מיך שטילן, און מער ניט צערענען.
43 װײַל דו האָסט ניט געדאַכט אָן די טעג פֿון דײַן יוגנט,
און האָסט מיך דערערגערט מיט אַלעם דעם דאָזיקן,
דרום אָט פֿאַרגעלט איך אויך דײַן װעג אויף דײַן קאָפּ,
זאָגט גאָט דער האַר.
אָדער האָסטו דען ניט געטאָן דידאָזיקע שענדלאַכקײט
צו אַלע דײַנע אומװערדיקײטן?
44 זע, יעטװעדער װערטלזאָגער װעט זיך װערטלען אויף דיר,
אַזױ צו זאָגן: װי די מוטער אַזױ איר טאָכטער.
45 ביסט אַ טאָכטער פֿון דײַן מוטער
װאָס האָט זיך געמיאוסט מיט איר מאַן און אירע קינדער,
און ביסט אַ שװעסטער פֿון דײַנע שװעסטער,
װאָס האָבן זיך געמיאוסט מיט זײערע מאַנען און זײערע קינדער;
דײַן מוטער איז געװען פֿון חת,
און דײַן פֿאָטער אַן אֶמוֹרי.
46 און דײַן גרעסערע שװעסטער איז געװען שומרון,
װאָס איז געזעסן אויף דײַן לינקער זײַט,

זי מיט אירע טעכטער;
און דיין קלענערע שוועסטער
וואָס איז געזעסן אויף דיין רעכטער זייט,
איז געווען סדום מיט אירע טעכטער.
47 ניט צומאָל אין זייערע וועגן ביסטו געגאַנגען,
און ווי זייערע אומווערדיקייטן געטאָן;
אין אַ קורצער ווייל ביסטו געוואָרן
פאַרדאָרבענער פון זיי אין אַלע דיינע וועגן.
48 אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
אויב דיין שוועסטער סדום, זי מיט אירע טעכטער,
האָט געטאָן ווי דו מיט דיינע טעכטער האָסט געטאָן!
49 זע, דאָס איז געווען די זינד פון דיין שוועסטער סדום:
שטאָלצקייט, זעטיקייט מיט ברויט, און רואיקע שלווה
איז געווען בײַ איר און בײַ אירע טעכטער,
און די האַנט פון דעם אָרעמאַן און דעם אביון
האָט זי ניט אויפגעהאַלטן.
50 און זיי זיינען געווען האָפערדיק,
און האָבן געטאָן אומווערדיקייט פאַר מיר;
דרום האָב איך זיי אָפּגעראַמט,
אַז איך האָב דאָס געזען.
51 און שומרון האָט אַ העלפט פון דיינע זינד ניט געזינדיקט;
און דו האָסט געמערט דיינע אומווערדיקייטן מער פון זיי,
און האָסט גערעכטפאַרטיקט דיינע שוועסטער
מיט אַלע דיינע אומווערדיקייטן וואָס דו האָסט געטאָן.
52 דרום טראָג אויך דו דיין שאַנד,
וואָס דו האָסט געמשפּט דיינע שוועסטער;
דורך דיינע זינד וואָס דו האָסט געטאָן מער אומווערדיק פון זיי,
ווערן זיי גערעכטער פון דיר;

דרום אויך דו שעם זיך, און טראָג דיין שאַנד,
וואָס דו רעכטפאַרטיקסט דיינע שוועסטער.
[53]און איך וועל אומקערן זייער געפאַנגענשאַפט,
די געפאַנגענשאַפט פון סדום און אירע טעכטער,
און די געפאַנגענשאַפט פון שומרון און אירע טעכטער,
און די געפאַנגענשאַפט פון דיינע געפאַנגענע צווישן זיי;
[54]כדי זאָלסט טראָגן דיין שאַנד,
און זיך שעמען פאַר אַלץ וואָס דו האָסט געטאָן,
אַז דו ביסט זיי געוואָרן אַ טרייסטונג.
[55]און דיינע שוועסטער סדום און אירע טעכטער
וועלן זיך אומקערן צו זייער פריערדיקן שטאַנד,
און שומרון און אירע טעכטער
וועלן זיך אומקערן צו זייער פריערדיקן שטאַנד,
און דו און דיינע טעכטער
וועט זיך אומקערן צו אייער פריערדיקן שטאַנד.
[56]און איז ניט סדום דיין שוועסטער
געווען אַ גערייד אין דיין מויל,
אין דעם טאָג פון דיין שטאָלץ,
[57]איידער דיין שלעכטיקייט איז אַנטפּלעקט געוואָרן,
ווי אין דער צייט פון דער לעסטערונג
פון די טעכטער פון אַרם,
און פון אַלע אירע אַרומיקע, די טעכטער פון די פּלשתּים,
וואָס פאַראַכטן דיך פון רונד אַרום?
[58]דיין שענדלאַכקייט און דיינע אומווערדיקייטן—
דו וועסט זיי טראָגן, זאָגט גאָט.

[59]וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
יאָ, איך וועל טאָן מיט דיר אַזוי ווי דו האָסט געטאָן,

וואָס דו האָסט פֿאַראַכט די שבֿועה, צו פֿאַרשטערן דעם בונד.
60 אָבער איך וועל זיך דערמאָנען אָן מיין בונד מיט דיר
אין די טעג פֿון דיין יוגנט,
און וועל דיר אויפֿשטעלן אַן אייביקן בונד.
61 און וועסט זיך דערמאָנען דיינע וועגן, און זיך שעמען,
ווען דו קריגסט דיינע שוועסטער,
די גרעסערע פֿון דיר מיט די קלענערע פֿון דיר;
און איך וועל זיי דיר געבן פֿאַר טעכטער,
אָבער ניט פֿון וועגן דיין בונד.
62 און איך וועל אויפֿשטעלן מיין בונד מיט דיר,
און וועסט וויסן, אַז איך בין יהוה;
63 כּדי זאָלסט זיך דערמאָנען, און זיך שעמען,
און מער אַ מויל ניט עפֿענען פֿון וועגן דיין שאַנד,
ווען איך בין דיר מכפּר אויף אַלץ וואָס דו האָסט געטאָן,
זאָגט גאָט דער האַר.

יז 1 און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
2 מענטשנקינד, ראָט אַ רעטעניש,
און גיב אַ משל אויף דעם הויז פֿון ישׂראל,
3 און זאָלסט זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
דער גרויסער אָדלער
מיט פֿליגלען גרויסע,
מיט פֿלעדערן לאַנגע,
מיט פֿעדערן פֿול,
וואָס האָט אַלערליי פֿאַרבן,
איז געקומען צום לבֿנון,
און גענומען דעם שפּיץ פֿון צעדערבוים.

4דאָס אויבערשטע פֿון זײַנע ריטלאַך האָט ער אָפּגעריסן,
און האָט עס געבראַכט אין אַ לאַנד פֿון סוחרים;
אין אַ שטאָט פֿון האַנדלסלײַט האָט ער עס אײַנגעזעצט.

5און ער האָט גענומען פֿון דעם זאָמען פֿון לאַנד,
און האָט עס אײַנגעפֿלאַנצט אין אַ זאָמענדיק פֿעלד,
געבראַכט לעבן וואַסער אַ סך;
ווי אַ ווערבע האָט ער עס אײַנגעזעצט.
6און עס האָט געשפּראָצט, און איז געוואָרן
אַן אויסגעשפּרייט ווײַנשטאָק, נידעריק אין וווּקס;
כּדי זײַנע צווײַגן זאָלן זיך קערן צו אים,
און זײַנע וואָרצלען זאָלן זײַן אונטער אים;
און עס איז געוואָרן אַ ווײַנשטאָק,
און אַרויסגעבראַכט שטענגלאַך,
און אַרויסגעלאָזט צווײַגן.

7און עס איז געווען אַן אַנדער גרויסער אָדלער
מיט פֿליגלען גרויסע און פֿעדערן פֿיל;
ערשט דער דאָזיקער ווײַנשטאָק
האָט אויסגעבויגט זײַנע וואָרצלען צו אים,
און אויסגעשטרעקט זײַנע צווײַגן צו אים
פֿון די בייטן פֿון זײַן פֿלאַנצונג,
כּדי ער זאָל אים אָנטרינקען;
8הגם אין אַ גוטן פֿעלד, לעבן וואַסער אַ סך,
איז ער געפֿלאַנצט געווען,
צו לאָזן צווײַגן, און צו טראָגן פּרוכט,
צו ווערן אַ פּראַכטיקער ווײַנשטאָק.
9זאָג: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:

צי וועט ער באַגליקן?
וועט ניט אויסרייסן יענער זיינע וואָרצלען,
און זיין פרוכט אָפּהאַקן, ער זאָל פאַרטריקנט ווערן,
אַלע בלעטער פון זיין שפּראָצונג זאָלן פאַרטריקנט ווערן?
און ניט מיט אַ גרויס מאַכט און ניט מיט פיל פאָלק
וועט ער אים אויספליקן מיט זיינע וואָרצלען.
10 און איז ער שוין איינגעפלאַנצט, צי וועט ער באַגליקן?
פאַרוואָר, ווי דער מזרח־ווינט רירט אים אָן,
וועט ער טרוקן פאַרטריקנט ווערן;
אויף די בייטן פון זיין שפּראָצונג
וועט ער פאַרטריקנט ווערן.
11 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
12 זאָג אַקאָרשט צו דעם ווידערשפּעניקן געזינדל:
ווייסט איר ניט וואָס דידאָזיקע זיינען?
זאָג: אָט איז געקומען דער מלך פון בָּבל קיין ירושָלַיִם,
און האָט גענומען איר מלך און אירע האַרן,
און זיי געבראַכט צו זיך קיין בָּבל.
13 און ער האָט גענומען [איינעם] פון קיניגלאַכן שטאַם,
און האָט געשלאָסן מיט אים אַ בונד,
און אים געבראַכט אונטער אַ שבועה,
און די פּני פון לאַנד האָט ער צוגענומען;
14 כּדי עס זאָל זיין אַ שפּלע מלוכה,
זיך ניט צו דערהייבן;
צו היטן זיין בונד, כּדי זי זאָל באַשטיין.
15 אָבער ער האָט ווידערשפּעניקט אָן אים,
צו שיקן זיינע שלוחים קיין מִצרַיִם,
אַז מע זאָל אים געבן פערד און פיל פאָלק.
זאָל ער באַגליקן?

זאָל אַנטרונען ווערן דער וואָס טוט דאָסדאָזיקע?
זאָל ער פֿאַרשטערן דעם בונד, און אַנטרונען ווערן?
16אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
אויב ניט אין דעם אָרט פֿון דעם מלך
וואָס האָט אים צום מלך געמאַכט,
וועמעס שבועה ער האָט פֿאַראַכט,
און וועמעס בונד ער האָט פֿאַרשטערט—
ביי אים אין בָבל וועט ער שטאַרבן!
17און ניט מיטן גרויסן חיל און מיטן פֿיל געזעמל
וועט פַּרעה אים ביישטיין אין מלחמה,
ווען מע שיט אָן אַן ערדוואַל און מע בויט אַ באַלעגערמויער,
צו פֿאַרשניידן נפֿשות אַ סך;
18ווייל ער האָט פֿאַראַכט די שבועה,
צו פֿאַרשטערן דעם בונד,
און אָט האָט ער געגעבן זיין האַנט,
און האָט געטאָן אַלדאָסדאָזיקע,
וועט ער ניט אַנטרונען ווערן.
19פֿאַרוואָר, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אַזוי ווי איך לעב, מיין שבועה וואָס ער האָט פֿאַראַכט,
און מיין בונד וואָס ער האָט פֿאַרשטערט—
אויב איך וועל עס ניט פֿאַרגעלטן אויף זיין קאָפּ!
20און איך וועל פֿאַרשפּרייטן אויף אים מיין נעץ,
און ער וועט געפֿאַנגען ווערן אין מיין פֿאַסטקע,
און איך וועל אים ברענגען קיין בָבל,
און וועל זיך משפּטן מיט אים דאָרטן
פֿאַר זיין פֿעלשונג וואָס ער האָט געפֿעלשט אָן מיר.
21און אַלע זיינע אַנטלאָפֿענע אין אַלע זיינע מחנות,
זיי וועלן פֿאַלן דורכן שווערד,

און די געבליבענע װעלן אױף אַלע װינטן צעשפּרייט װערן;
און איר װעט װיסן אַז איך יהוה האָב גערעדט.

22אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
און איך אַליין װעל נעמען פֿון הױכן צעדערשפּיץ,
און װעל עס אײַנזעצן;
פֿון זײַנע אױבערשטע ריטלאַך װעל איך אַ יונגס אָפּרייסן,
און איך אַליין װעל עס אײַנפֿלאַנצן
אױף אַ הױכן און דערהױבענעם באַרג.
23אױף דעם הױכן באַרג פֿון ישׂראל װעל איך עס אײַנפֿלאַנצן,
און עס װעט טראָגן צװײַגן, און ברענגען פֿרוכט,
און װערן אַ פּראַכטיקער צעדערבױם;
און אונטער אים װעלן רוען
אַלע פֿױגלען פֿון אַלערלײ פֿליגלען;
אין שאָטן פֿון זײַנע צװײַגן װעלן זײ רוען.
24און אַלע בױמער פֿון פֿעלד װעלן װיסן
אַז איך יהוה האָב דערנידערט דעם הױכן בױם,
דערהױכט דעם נידעריקן בױם,
פֿאַרטריקנט דעם פֿײַכטן בױם,
און געמאַכט בליען דעם פֿאַרטריקנטן בױם;
איך יהוה האָב גערעדט און האָב געטאָן.

יח 1און דאָס װאָרט פֿון גאָט איז געװען צו מיר, אַזױ צו זאָגן:
2װאָס איז מיט אײַך װאָס איר זאָגט דאָסדאָזיקע װערטל
אין לאַנד פֿון ישׂראל, אַזױ צו זאָגן:
די פֿאָטערס האָבן געגעסן זױערע װײַנטרױבן,
און די צײן פֿון די קינדער זײַנען האַיליק?
3אַזױ װי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר, אױב מע װעט מער
בײַ אײַך זאָגן דאָסדאָזיקע װערטל אין ישׂראל! 4זעט, אַלע נפֿשות

זיינען מיינע; דער נפש פון דעם פאָטער אַזוי ווי דער נפש פון
דעם זון איז מיינער; דער נפש וואָס זינדיקט, ער זאָל שטאַרבן.
[5]און אַז אַ מאַן איז אַ צדיק, און ער טוט רעכט און
גערעכטיקייט; [6]אויף די בערג האָט ער ניט געגעסן, און זיינע
אויגן האָט ער ניט אויפגעהויבן צו די אָפּגעטער פון דעם הויז
פון ישראל, און די ווייב פון זיין חבר האָט ער ניט פאַראומ־
רייניקט, און צו אַ פרוי אין איר אומריינקייט גענענט ער ניט;
[7]און קיין מענטשן קריוודעט ער ניט, פאַרמשכונטס ביי אים
פאַר אַ חוב קערט ער אום, גזלה גזלט ער ניט; זיין ברויט גיט
ער דעם הונגעריקן, און דעם נאַקעטן דעקט ער צו מיט אַ בגד;
[8]אויף צינזן גיט ער ניט, און מערונג נעמט ער ניט, פון אומרעכט
קערט ער אָפּ זיין האַנט; אמתע גערעכטיקייט טוט ער צווישן
מאַן און מאַן; [9]אין מיינע חוקים גייט ער, און מיינע געזעצן האָט
ער געהיט, צו טאָן דעם אמת—ער איז אַ צדיק; לעבן וועט ער
לעבן, זאָגט גאָט דער האַר.
[10]אָבער אַז ער האָט געבאָרן אַ זון אַ רויבער, אַ בלוט־
פאַרגיסער, וואָס טוט דעם ברודער איינס פון דידאָזיקע, [11]הגם
ער אַליין האָט אַלע דידאָזיקע ניט געטאָן; וואָרום דער האָט
יאָ געגעסן אויף די בערג, און די ווייב פון זיין חבר האָט ער
פאַראומרייניקט; [12]דעם אָרעמאַן און דעם אביון האָט ער
געקריוודעט, גזלות האָט ער געגזלט, אַ משכון קערט ער ניט
אום, און צו די אָפּגעטער האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן;
אומווערדיקייט האָט ער געטאָן, [13]אויף צינזן האָט ער געגעבן,
און מערונג האָט ער גענומען—זאָל ער בלייבן לעבן? ער וועט
ניט לעבן; אַלע דידאָזיקע אומווערדיקייטן האָט ער געטאָן,
מוז ער טייטן געטייט ווערן, זיין בלוט זאָל זיין אויף אים.
[14]און אָט האָט ער געבאָרן אַ זון וואָס האָט צוגעזען
אַלע זינד פון זיין פאָטער וואָס ער האָט געטאָן, און ער האָט

אײַנגעזען, און ער טוט ניט אַזוינס; [15]אויף די בערג האָט
ער ניט געגעסן, און זײַנע אויגן האָט ער ניט אויפגעהויבן צו
די אָפּגעטער פון דעם הויז פון ישׂראל; די ווײַב פון זײַן חבר
האָט ער ניט פאַראומרייניקט, [16]און קיין מענטשן האָט ער ניט
געקריוודעט; אַ משכּון האָט ער ניט גענומען, און גזלה האָט
ער ניט געגזלט; זײַן ברויט האָט ער געגעבן דעם הונגעריקן,
און דעם נאַקעטן האָט ער צוגעדעקט מיט אַ בגד; [17]פון אָרעמאַן
האָט ער אָפּגעהאַלטן זײַן האַנט, צינזן און מערונג האָט ער ניט
גענומען, מײַנע געזעצן האָט ער געטאָן, אין מײַנע חוקים איז
ער געגאַנגען—ער וועט ניט שטאַרבן פאַר די זינד פון זײַן פאָטער;
לעבן וועט ער לעבן. [18]זײַן פאָטער, ווײַל דריקן האָט ער
געדריקט, גזלה פון ברודער האָט ער געגזלט, און וואָס ניט
גוט האָט ער געטאָן צווישן זײַן פאָלק, איז, אָט איז ער געשטאָרבן
פאַר זײַן זינד. [19]און איר זאָגט: פאַרוואָס לײַדט ניט דער זון
פאַר דער זינד פון דעם פאָטער? אָבער דער זון האָט געטאָן
רעכט און גערעכטיקייט, אַלע מײַנע געזעצן האָט ער געהיט
און זיי געטאָן; לעבן דאַרף ער לעבן. [20]דער נפש וואָס
זינדיקט, ער זאָל שטאַרבן; אַ זון זאָל ניט לײַדן פאַר דער זינד
פון דעם פאָטער, און אַ פאָטער זאָל ניט לײַדן פאַר דער זינד
פון דעם זון; די גערעכטיקייט פון דעם גערעכטן זאָל זײַן אויף
אים, און די שלעכטיקייט פון דעם שלעכטן זאָל זײַן אויף אים.

[21]און דער שלעכטער, אַז ער קערט זיך אָפּ פון אַלע זײַנע
זינד וואָס ער האָט געטאָן, און ער היט אַלע מײַנע געזעצן, און
טוט רעכט און גערעכטיקייט, וועט ער געוויס לעבן; ער וועט
ניט שטאַרבן. [22]אַלע זײַנע פאַרברעכן וואָס ער האָט געטאָן,
וועלן אים ניט דערמאָנט ווערן; פאַר זײַן גערעכטיקייט וואָס
ער האָט געטאָן, וועט ער לעבן. [23]טו איך דען באַגערן דעם

טויט פון דעם שלעכטן? זאָגט גאָט דער האַר, און ניט אַז ער
זאָל זיך אומקערן פון זיינע וועגן, און לעבן?
[24] און אַז דער גערעכטער קערט זיך אָפּ פון זיין
גערעכטיקייט, און טוט אומרעכט—אַזוי ווי אַלע אומ־
ווערדיקייטן וואָס דער שלעכטער האָט געטאָן טוט ער, זאָל
ער דען בלייבן לעבן? אַלע זיינע גערעכטיקייטן וואָס ער האָט
געטאָן, וועלן ניט דערמאָנט ווערן; פאַר זיין פעלשונג וואָס ער
האָט געפעלשט, און פאַר זיין זינד וואָס ער האָט געזינדיקט,
פאַר זיי מוז ער שטאַרבן. [25] און איר זאָגט: ניט ריכטיק איז דער
וועג פון גאָט. הערט אַקאָרשט, איר הויז פון ישׂראל, איז דען
מיין וועג ניט ריכטיק? פאַרוואָר, אײַערע וועגן זיינען ניט ריכטיק.
[26] אַז דער גערעכטער קערט זיך אָפּ פון זיין גערעכטיקייט,
און טוט אומרעכט, מוז ער דערפאַר שטאַרבן; פאַר זיין אומ־
רעכט וואָס ער האָט געטאָן, מוז ער שטאַרבן. [27] און אַז דער
שלעכטער קערט זיך אָפּ פון זיין שלעכטיקייט וואָס ער האָט
געטאָן, און טוט רעכט און גערעכטיקייט, ראַטעוועט ער זיין
נפש. [28] ווייל ער האָט זיך אַרומגעזען, און האָט זיך אומגעקערט
פון אַלע זיינע פאַרברעכן וואָס ער האָט געטאָן, וועט ער געוויס
לעבן; ער וועט ניט שטאַרבן. [29] און דאָס הויז פון ישׂראל זאָגט:
ניט ריכטיק איז דער וועג פון גאָט. זיינען דען מיינע וועגן ניט
ריכטיק, הויז פון ישׂראל? פאַרוואָר, אײַערע וועגן זיינען ניט
ריכטיק. [30] דרום וועל איך איטלאַכן לויט זיינע וועגן אײַך
משפּטן, הויז פון ישׂראל, זאָגט גאָט דער האַר. קערט צוריק
און קערט אײַך אום פון אַלע אײַערע פאַרברעכן, און זאָל עס
אײַך ניט זיין פאַר אַ שטרויכלונג צו זינד. [31] וואַרפט אַראָפּ
פון אײַך אַלע אײַערע פאַרברעכן וואָס איר האָט פאַרבראָכן
מיט זיי, און מאַכט אײַך אַ ניי האַרץ, און אַ ניי געמיט; נאָך וואָס
זאָלט איר שטאַרבן, הויז פון ישׂראל? [32] וואָרום איך באַגער ניט

דעם טויט פֿון דעם וואָס שטאַרבט, זאָגט גאָט דער האַר; דרום
קערט אַייך אום, און בלייבט לעבן.

יט 1און דו הייב אויף אַ קלאָג אויף די פֿירשטן פֿון ישׂראל,
2און זאָלסט זאָגן:
ווי איז דיין מוטער אַ לייבנטע געווען!
צווישן לייבן האָט זי געהויערט,
צווישן יונגלייבן
האָט זי אירע יונגע דערצויגן.
3און זי האָט אויפֿגעבראַכט איינעם פֿון אירע יונגע,
אַ יונגלייב איז ער געוואָרן;
און ער האָט זיך אויסגעלערנט רויב פֿאַרצוקן,
מענטשן האָט ער געגעסן.
4האָבן זיך איינגעזאַמלט אויף אים פֿעלקער—
אין זייער גרוב איז ער געכאַפּט געוואָרן;
און זיי האָבן אים מיט רינגען
קיין לאַנד מִצרַיִם געבראַכט.
5און זי האָט געזען אַז אומזיסט האָט זי געהאַרט,
פֿאַרלאָרן איז איר האָפֿונג,
האָט זי ווידער גענומען איינעם פֿון אירע יונגע,
פֿאַר אַ יונגלייב האָט זי אים געמאַכט.
6און ער איז אומגעגאַנגען צווישן לייבן,
אַ יונגלייב איז ער געוואָרן;
און ער האָט זיך אויסגעלערנט רויב פֿאַרצוקן,
מענטשן האָט ער געגעסן.
7און ער האָט געמערקט זייערע פּאַלאַצן,
און פֿאַרוויסט זייערע שטעט;
און דאָס לאַנד מיט איר פֿולקייט איז חרב געוואָרן

פון דעם קָול פון זײַן ברילן.
8 האָבן זיך פעלקער אַ לאָז געטאָן אויף אים,
רונד אַרום פון די מדינות,
און אויסגעשפּרייט אויף אים זייער נעץ—
אין זייער גרוב איז ער געכאַפּט געוואָרן.
9 און זיי האָבן אים אַרײַנגעטאָן אין אַ שטײַג מיט רינגען,
און אים געבראַכט צו דעם מלך פון בָבל;
אים געבראַכט אין פעסטונגען,
כדי זײַן קָול זאָל ניט געהערט ווערן מער
אויף די בערג פון ישׂראל.

10 דײַן מוטער איז—צוגלײַכנדיק—געווען ווי אַ ווײַנשטאָק
ביי וואַסער געפלאַנצט;
פרוכטיק און צווייגהאַפטיק
איז ער פון פיל וואַסער געווען.
11 און ער האָט געהאַט שטאַרקע שטאָקן,
פאַר צעפטערס פון געוועלטיקער;
און זײַן וווקס האָט זיך אויפגעהויבן
פון צווישן געדיכטענישן,
און ער האָט זיך אָנגעזען מיט זײַן הייך,
מיט די פיל צווייגן זײַנע.
12 אָבער ער איז אויסגעריסן געוואָרן מיט גרימצאָרן,
צו דער ערד איז ער אַנידערגעוואָרפן געוואָרן;
און דער מזרח־ווינט האָט פאַרטריקנט זײַן פרוכט,
צעבראָכן און פאַרטריקנט געוואָרן
זײַנען זײַנע שטאַרקע שטאָקן,
אַ פייער האָט אים פאַרצערט.
13 און אַצונד איז ער אין מדבר געפלאַנצט,

אין אַ לאַנד פֿון טריקעניש און דאָרשטיקייט.
[14] און אַ פֿייער איז אַרויס פֿון זײַן צווײַגנשטאָק,
זײַן פֿרוכט האָט עס פֿאַרצערט,
און ניטאָ אין אים אַ שטאַרקער שטאָק,
אַ צעפּטער צום געוועלטיקן.

אַ קלאָגליד איז דאָס,
און געבליבן צום קלאָגליד.

כ [1] און עס איז געווען אין זיבעטן יאָר, אין פֿינפֿטן חודש, אין
צענטן טאָג פֿון חודש, זײַנען געקומען מענער פֿון די
עלטסטע פֿון ישׂראל צו פֿרעגן בײַ גאָט, און זיי זײַנען געזעסן
פֿאַר מיר. [2] און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי
צו זאָגן: [3] מענטשנקינד, רעד צו די עלטסטע פֿון ישׂראל, און
זאָלסט זאָגן צו זיי: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: פֿרעגן בײַ
מיר זײַט איר געקומען? אַזוי ווי איך לעב, אויב איך וועל זיך
לאָזן פֿרעגן פֿון אײַך! זאָגט גאָט דער האַר. [4] ווילסטו זיי
משפּטן? ווילסטו משפּטן, מענטשנקינד? לאָז זיי וויסן די אומ־
ווערדיקייטן פֿון זייערע עלטערן. [5] און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: אין דעם טאָג וואָס איך האָב
אויסדערווײלט ישׂראל, און איך האָב אויפֿגעהויבן מײַן האַנט[א]
צו דעם זאָמען פֿון דעם הויז פֿון יעקבֿ, און האָב זיך געלאָזט
דערקענען צו זיי אין לאַנד מִצרַיִם, האָב איך אויפֿגעהויבן מײַן
האַנט צו זיי, אַזוי צו זאָגן: איך בין יהוה אײַער גאָט. [6] אין יענעם
טאָג האָב איך אויפֿגעהויבן מײַן האַנט צו זיי, זיי אַרויסצוציִען
פֿון לאַנד מִצרַיִם אין אַ לאַנד וואָס איך האָב אויסגעזוכט פֿאַר
זיי, וואָס פֿליסט מיט מילך און האָניק, וואָס איז דאָס שיינדל
פֿון אַלע לענדער. [7] און איך האָב צו זיי געזאָגט: וואַרפֿט אַוועק
איטלאַכער די אומווערדיקייטן פֿון זײַנע אויגן, און מיט די

א געשוואָרן.

אָפּגעטער פון מִצרַיִם זאָלט איר אַייך ניט פאַראומרייניקן; איך
בין יהוה אַייער גאָט. 8 אָבער זיי האָבן ווידערשפּעניקט אָן
מיר, און זיי האָבן ניט געוואָלט צוהערן צו מיר; זיי האָבן ניט
אַוועקגעוואָרפן איטלאַכער די אומווערדיקייטן פון זייערע
אויגן, און די אָפּגעטער פון מִצרַיִם האָבן זיי ניט פאַרלאָזן; און
איך האָב געטראַכט אויסצוגיסן מיין גרימצאָרן אויף זיי, אויס־
צולאָזן מיין כּעס אויף זיי אין לאַנד מִצרַיִם. 9 אָבער איך האָב
געטאָן פון מיין נאָמען וועגן, כּדי ער זאָל ניט פאַרשוועכט ווערן
אין די אויגן פון די פעלקער, וואָס זיי זיינען געווען צווישן זיי,
וואָס פאַר זייערע אויגן האָב איך זיך געלאָזט דערקענען צו זיי,
זיי אַרויסצוציִען פון לאַנד מִצרַיִם. 10 און איך האָב זיי אַרויס־
געצויגן פון לאַנד מִצרַיִם, און האָב זיי געבראַכט אין דער
מדבר. 11 און איך האָב זיי געגעבן מיינע חוקים, און מיינע
געזעצן זיי געלאָזט וויסן, וואָס אַז דער מענטש טוט זיי, לעבט
ער דורך זיי. 12 און אויך מיינע שבתים האָב איך זיי געגעבן,
צו זיין פאַר אַ צייכן צווישן מיר און צווישן זיי, כּדי זיי זאָלן וויסן
אַז איך יהוה הייליק זיי. 13 אָבער דאָס הויז פון ישׂראל האָבן
ווידערשפּעניקט אָן מיר אין דער מדבר: אין מיינע חוקים זיינען
זיי ניט געגאַנגען, און מיינע געזעצן האָבן זיי פאַראַכט, וואָס אַז
דער מענטש טוט זיי, לעבט ער דורך זיי; און מיינע שבתים
האָבן זיי פאַרשוועכט ביז גאָר; און איך האָב געטראַכט אויס־
צוגיסן מיין גרימצאָרן אויף זיי אין דער מדבר, כּדי זיי צו פאַר־
לענדן. 14 אָבער איך האָב געטאָן פון מיין נאָמען וועגן, כּדי
ער זאָל ניט פאַרשוועכט ווערן אין די אויגן פון די פעלקער
וואָס איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פאַר זייערע אויגן. 15 נאָר איך
האָב אויך אויפגעהויבן מיין האַנט צו זיי אין דער מדבר, זיי ניט
צו ברענגען אין דעם לאַנד וואָס איך האָב געגעבן, וואָס פליסט
מיט מילך און האָניק, וואָס איז דאָס שיינדל פון אַלע לענדער;

[16]ווײַל מײַנע געזעצן האָבן זײ פֿאַראַכט, און מײַנע חוקים, אין זײ
זײַנען זײ ניט געגאַנגען, און מײַנע שבתים האָבן זײ פֿאַרשוועכט;
נײַערט נאָך זײערע אָפּגעטער איז געגאַנגען זײער האַרץ.
[17]אָבער מײַן אויג האָט זײ געשוינט, זײ ניט אומצוברענגען, און
איך האָב ניט געמאַכט פֿון זײ אַ פֿאַרלענדונג אין דער מדבר.
[18]און איך האָב געזאָגט צו זײערע קינדער אין דער מדבר: אין
די חוקים פֿון אײַערע עלטערן זאָלט איר ניט גײן, און זײערע
געזעצן זאָלט איר ניט היטן, און מיט זײערע אָפּגעטער זאָלט
איר אײַך ניט פֿאַראומרײניקן. [19]איך יהוה בין אײַער גאָט;
אין מײַנע חוקים גײט, און מײַנע געזעצן היט, און טוט זײ. [20]און
מײַנע שבתים האַלט הײליק, און זײ זאָלן זײַן פֿאַר אַ צײכן צווישן
מיר און צווישן אײַך, כּדי איר זאָלט וויסן אַז איך יהוה בין אײַער
גאָט. [21]אָבער די קינדער האָבן ווידערשפּעניקט אָן מיר: אין
מײַנע חוקים זײַנען זײ ניט געגאַנגען, און מײַנע געזעצן האָבן זײ
ניט געהיט זײ צו טאָן, וואָס אַז אַ מענטש טוט זײ, לעבט ער דורך
זײ; מײַנע שבתים האָבן זײ פֿאַרשוועכט; און איך האָב געטראַכט
אויסצוגיסן מײַן גרימצאָרן אויף זײ, אויסצולאָזן מײַן כּעס אויף
זײ אין דער מדבר. [22]אָבער איך האָב אומגעקערט מײַן האַנט,
און איך האָב געטאָן פֿון מײַן נאָמען וועגן, כּדי ער זאָל ניט פֿאַר־
שוועכט ווערן אין די אויגן פֿון די פֿעלקער וואָס פֿאַר זײערע
אויגן האָב איך זײ אַרויסגעצויגן. [23]הגם איך האָב אויפֿגעהויבן
מײַן האַנט צו זײ אין דער מדבר, זײ צו פֿאַרשפּרײטן צווישן
די פֿעלקער, און זײ צו צעוואַרפֿן אין די לענדער; [24]ווײַל מײַנע
געזעצן האָבן זײ ניט געטאָן, און מײַנע חוקים האָבן זײ פֿאַראַכט,
און מײַנע שבתים האָבן זײ פֿאַרשוועכט, און נאָך די אָפּגעטער
פֿון זײערע עלטערן זײַנען געווען זײערע אויגן. [25]און איך אויך
האָב זײ געגעבן חוקים ניט גוטע, און געזעצן וואָס זײ זאָלן ניט
קענען לעבן דורך זײ; [26]און איך האָב זײ געלאָזט זיך פֿאַראומ־

רייניקן מיט זייערע אָפּפערגעשאַנקען, מיט אָפּשיידן איטלאַכס
וואָס עפנט דעם טראַכט; כדי איך זאָל זיי פאַרוויסטן, כדי זיי
זאָלן וויסן אַז איך בין יהוה.
[27]דרום רעד צו דעם הויז פון ישׂראל, דו מענטשנקינד, און
זאָלסט זאָגן צו זיי: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: דערמיט
אויך האָבן אײַערע עלטערן מיך געלעסטערט, וואָס זיי האָבן
געפעלשט אַ פעלשונג אָן מיר. [28]וואָרום אַז איך האָב זיי
געבראַכט אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב אויפגעהויבן מײַן
האַנט צו זיי, זיי עס צו געבן, איז ווו נאָר זיי האָבן געזען אַ הויך
בערגל, און ווו נאָר אַ געדיכטן בוים, האָבן זיי דאָרטן געשלאַכט
זייערע שלאַכטאָפּפער, און זיי האָבן דאָרטן געבראַכט די
דערצערענונג פון זייער קרבן, און דאָרטן געמאַכט זייער
געשמאַקן ריח, און דאָרטן געגאָסן זייערע גיסאָפּפער. [29]און
איך האָב צו זיי געזאָגט: וואָס באַטייט „די בָּמָה"?—וואָס איר
מאַכט זיך נאַרישא דאָרטן; דרום רופט מען איר נאָמען „בָּמָה"
ביז אויף הײַנטיקן טאָג.
[30]דרום זאָג צו דעם הויז פון ישׂראל: אַזוי האָט געזאָגט גאָט
דער האַר: איר פאַראומרייניקט אײַך אויף דעם שטייגער פון
אײַערע עלטערן, און נאָך זייערע אומווערדיקייטן זייט איר
פאַרפירט, [31]און אַז איר ברענגט אײַערע אָפּפערגעשאַנקען,
אַז איר מאַכט דורכגיין אײַערע קינדער דורכן פייערב, פאַר־
אומרייניקט איר אײַך מיט אַלע אײַערע אָפּגעטער ביז אויף
הײַנטיקן טאָג, און איך זאָל זיך לאָזן פרעגן פון אײַך, הויז פון
ישׂראל? אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר, אויב איך וועל
זיך לאָזן פרעגן פון אײַך! [32]און וואָס אײַך קומט אויפן זינען
וועט קיינמאָל ניט זיין; וואָס איר זאָגט: מיר וועלן זיין אַזוי ווי
די אומות, אַזוי ווי די משפּחות פון די לענדער, צו דינען האָלץ
און שטיין.

א הַבָּאִים. ב ד. ה. פאַרברענען צום גאָט מולך.

33אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
אויב ניט מיט אַ שטאַרקער האַנט,
און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם,
און מיט אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן,
וועל איך קיניגן אויף אײַך!
34און איך וועל אײַך אַרויסציִען פון די פעלקער,
און וועל אײַך אײַנזאַמלען פון די לענדער,
וואָס איר זײַט צעשפּרייט אין זיי,
מיט אַ שטאַרקער האַנט,
און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם,
און מיט אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן.
35און איך וועל אײַך ברענגען צום מדבר פון די פעלקער,
און וועל זיך משפּטן מיט אײַך, פּנים אל פּנים.
36אַזוי ווי איך האָב זיך געמשפּט מיט אײַערע עלטערן
אין מדבר פון לאַנד מִצרַיִם,
אַזוי וועל איך זיך משפּטן מיט אײַך,
זאָגט גאָט דער האַר.
37און איך וועל אײַך מאַכן דורכגיין אונטער דער רוט,
און וועל אײַך ברענגען אין דער פאַרקניפּונג פון בונד.
38און איך וועל אויסרייניקן פון אײַך די ווידערשפּעניקער,
און די וואָס ברעכן אָן מיר;
פון דעם לאַנד פון זייער פרעמדשאַפט
וועל איך זיי אַרויסציִען,
אָבער אויף דער ערד פון ישׂראל
וועלן זיי ניט קומען;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.
39און איר הויז פון ישׂראל,
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:

גייט דינט איטלאַכער זיינע אָפּגעטער,
אַזוי ווי איר ווילט ניט צוהערן צו מיר;
אָבער מיין הייליקן נאָמען זאָלט איר מער ניט פאַרשוועכן
מיט אַייערע אָפּפערגעשאַנקען, און מיט אַייערע אָפּגעטער.
40 וואָרום אויף מיין הייליקן באַרג,
אויף דעם הויכן באַרג פון ישׂראל, זאָגט גאָט דער האַר,
דאָרטן וועט דאָס גאַנצע הויז פון ישׂראל אין גאַנצן
מיר דינען אין לאַנד[א];
דאָרטן וועל איך זיי באַווויליקן[ב],
און דאָרטן וועל איך פאַרלאַנגען אַייערע אָפּשיידונגען,
און אַייערע ערשטגאָבן, מיט אַלע אַייערע געהייליקטע זאַכן.
41 דורך אַ געשמאַקן ריח וועל איך אַייך באַווויליקן,
ווען איך צי אַייך אַרויס פון די פעלקער,
און וועל אַייך אַיינזאַמלען פון די לענדער
וואָס איר זייט צעשפּרייט אין זיי;
און איך וועל געהייליקט ווערן דורך אַייך
אין די אויגן פון די אומות.
42 און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה,
ווען איך ברענג אַייך אויף דער ערד פון ישׂראל,
אין דעם לאַנד, וואָס איך האָב אויפגעהויבן מיין האַנט,
עס צו געבן צו אַייערע עלטערן.
43 און איר וועט דאָרטן דערמאָנען אַייערע וועגן,
און אַלע אַייערע מעשׂים,
וואָס איר האָט זיך פאַראומרייניקט מיט זיי,
און איר וועט זיך עקלען פאַר זיך אַליין
פון וועגן אַלע אַייערע בייזן וואָס איר האָט געטאָן.
44 און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה,
ווען איך טו מיט אַייך פון מיין נאָמען וועגן,

א, ב ווערטשפּיל: בְּאֶרֶץ-אֶרְצֵם.

ניט לויט אײַערע שלעכטע װעגן,
און לויט אײַערע פֿאַרדאָרבענע מעשׂים,
איר הויז פֿון ישׂראל, זאָגט גאָט דער האַר.

כא [1]און דאָס װאָרט פֿון גאָט איז געװען צו מיר, אַזױ צו
זאָגן:
[2]מענטשנקינד, טו דײַן פּנים אַקעגן דָרום, און רעד צום דָרום,
און זאָג נביאות אויף דעם װאַלד פֿון פֿעלד אין דָרום;
[3]און זאָלסט זאָגן צום װאַלד פֿון דָרום:
הער דאָס װאָרט פֿון גאָט: אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך צינד אָן אין דיר אַ פֿײַער,
און עס װעט פֿאַרצערן אין דיר איטלאַך פֿײַכטן בוים
און איטלאַך טרוקענעם בוים;
די פֿלאַמפֿײַער װעט ניט פֿאַרלאָשן װערן,
און אַלע פּנימער פֿון דָרום ביז צפֿון
װעלן אָנגעברענט װערן דערפֿון.
[4]און אַלע לײַבער װעלן זען,
אַז איך יהוה האָב זי אָנגעצונדן;
זי װעט ניט פֿאַרלאָשן װערן.
[5]האָב איך געזאָגט: װײ, גאָט דו האַר, זײ זאָגן אויף מיר: איז
ער ניט אַ משָלים־זאָגער? [6]איז דאָס װאָרט פֿון גאָט געװען צו
מיר, אַזױ צו זאָגן:
[7]מענטשנקינד, טו דײַן פּנים צו ירושָלַיִם,
און רעד צו די הײליקטומען,
און זאָג נביאות אויף דער ערד פֿון ישׂראל.
[8]און זאָלסט זאָגן צו דער ערד פֿון ישׂראל:
אַזױ האָט גאָט געזאָגט: זע, איך קום צו דיר,
און איך װעל אַרויסציִען מײַן שװערד פֿון איר שײד,

און װעל פֿאַרשניידן פֿון דיר דעם צדיק מיטן רשע.
9װײַל איך װיל פֿאַרשניידן פֿון דיר דעם צדיק מיטן רשע,
דרום װעט אַרױסגײן מײַן שװערד פֿון איר שייד
אויף אַלע לײַבער פֿון דָרום ביז צפֿון.
10און אַלע לײַבער װעלן װיסן
אַז איך יהוה האָב אַרױסגעצױגן
מײַן שװערד פֿון איר שייד;
זי װעט זיך מער ניט אומקערן.
11און דו מענטשנקינד, זיפֿץ;
מיט ברעכעניש פֿון לענדן און מיט ביטערקײט
זאָלסטו זיפֿצן פֿאַר זײערע אױגן.
12און עס װעט זײַן, אַז זײ װעלן זאָגן צו דיר:
אױף װאָס זיפֿצסטו?
זאָלסטו זאָגן: אױף דער הערונג װאָס קומט:
און איטלאַך האַרץ װעט צעגײן,
און אַלע הענט װעלן שלאַף װערן,
און איטלאַך געמיט װעט באַטריבט װערן,
און אַלע קני װעלן רינען מיט װאַסער.
זע, עס קומט, און עס געשעט,
זאָגט גאָט דער האַר.

13און דאָס װאָרט פֿון גאָט איז געװען צו מיר, אַזױ צו זאָגן:
14מענטשנקינד, זאָג נביאות, און זאָלסט זאָגן:
אַזױ האָט גאָט געזאָגט: זאָג:
אַ שװערד, אַ שװערד איז געשאַרפֿט,
און איז אױך געשליפֿן;
כּדי צו שעכטן אַ שעכטונג איז זי געשאַרפֿט,

15 כּדי צו האָבן אַ בּליץ איז זי געשליפן—
וויי, עס פאַרגייט דער שטאַם פון מיין זון!—
זי פאַרלענדט דעם גאַנצן בוים.
16 און מע האָט זי געגעבן צו שלייפן,
אויף צו נעמען אין פויסט;
זי איז געשאַרפט, די שווערד,
און זי איז געשליפן,
זי צו געבן אין האַנט פון דעם טייטער.
17 שריי און יאָמער, דו מענטשנקינד,
וואָרום זי איז אויף מיין פאָלק,
זי איז אויף אַלע פירשטן פון ישׂראל;
איבערגעענטפערט צום שווערד זיינען זיי מיט מיין פאָלק;
דרום שלאָג אויפן לענד.
18 וואָרום ער וועט געפּרוּווט ווערן; און ווי נאָך!
אַז זי פאַרלענדט דעם שטאַם, ער זאָל גאָר ניט זיין,
זאָגט גאָט דער האַר.
19 און דו מענטשנקינד, זאָג נביאות,
און קלאַפּ אַ האַנט אויף אַ האַנט,
און זאָל די שווערד פאַרטאָפּלט ווערן דרייפאַכיק;
דאָס איז די שווערד פאַר די וואָס דאַרפן דערשלאָגן ווערן,
די שווערד פאַר דעם גרויסן וואָס דאַרף דערשלאָגן ווערן,
וואָס רינגלט זיי אַרום.
20 כּדי דאָס האַרץ זאָל צעגיין,
און צו מערן די שטרויכלונגען,
האָב איך אויף אַלע זייערע טויערן
געבראַכט דעם שרעק פון שווערד;
וויי, זי איז צו בּליצן געמאַכט,
צו שעכטונג געשאַרפט.

21פֿאַרנעם זיך רעכטס,
פֿאַרקער זיך לינקס,
וווּהין דײַן שאַרף איז געקערט!
22און איך אויך וועל קלאַפּן אַ האַנט אויף אַ האַנט,
און וועל באַרוען מײַן גרימצאָרן;
איך יהוה האָב גערעדט.

23און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו
זאָגן:
24און דו מענטשנקינד, מאַך דיר צוויי וועגן,
פֿאַר דעם שווערד פֿון דעם מלך פֿון בָּבֿל צו קומען;
פֿון איין לאַנד זאָלן זיי ביידע אַרויסגיין.
און אַ וועגווייזער שטעל אויף;
ביים אָנהייב וועג צו דער שטאָט שטעל אים אויף.
25מאַך אַ וועג פֿאַר דער שווערד
צו קומען אויף רַבָּה פֿון די קינדער פֿון עַמוֹן,
און אויף יהודה אין ירושָלַיִם באַפֿעסטיקט.
26וואָרום דער מלך פֿון בָּבֿל שטעלט זיך
ביי דער שיידונג פֿון וועג,
ביים אָנהייב פֿון ביידע וועגן,
צו טרעפֿן מיט כּישוף;
ער שאָקלט מיט פֿיילן,
ער פֿרעגט ביי דעם תּרָפֿים,
ער קוקט אין אַ לעבער.
27אין זײַן רעכטער האַנט איז דער גוֹרל אויף ירושָלַיִם
אָנצושטעלן שטורעמבעק,
צו עפֿענען דאָס מויל מיט רציחה,
אויפֿצוהייבן דעם קָול אין געשריי,

צו שטעלן שטורעמבעק אויף די טויערן,
אָנצושיטן אַן ערדוואַל,
צו בויען אַ באַלעגער־מויער.
28 און ביי זיי וועט עס זיין
ווי אַ פאַלשער כּישוף אין זייערע אויגן;
וואָכן אויף וואָכן האָבן זיי נאָך!
אָבער דאָס מאַכט דערמאָנען די זינד,
אַז זיי זאָלן געכאַפּט ווערן.

29 דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
ווייל איר האָט געמאַכט דערמאָנען אייערע זינד,
ווען אייערע פאַרברעכן זיינען אַנטפּלעקט געוואָרן,
אַזוי אַז אייערע זינד ווייזן זיך אַרויס
אין אַלע אייערע מעשׂים—
ווייל איר זייט דערמאָנט געוואָרן,
וועט איר מיט דער האַנט געכאַפּט ווערן.
30 און דו רשע פאַרשוועכטער,
דו פירשט פון ישׂראל וואָס דיין טאָג איז געקומען
אין דער צייט פון דער לעצטער פאַרזינדיקונג,
31 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אַוועק די הויב! און אַראָפּ די קרוין!
דאָס איז ניט מער דאָס!
דאָס נידעריקע דערהייבן, און דעם הויכן דערנידערן!
32 אַ חורבן, אַ חורבן, אַ חורבן וועל איך עס מאַכן;
יאָ, דאָס וועט מער ניט זיין,
ביז עס קומט דער וועמען עס געהערט,
און איך וועל עס אים געבן.

33אוּן דוּ מענטשנקינד, זאָג נביאות אוּן זאָלסט זאָגן:
אַזוֹי האָט געזאָגט גאָט דער האַר
אויף די קינדער פוּן עַמוֹן,
אוּן אויף זייער לעסטערוּנג;
אוּן זאָלסט זאָגן: שווערד, דוּ געצויגענע שווערד,
צוּ שעכטוּנג געשליפן, צוּם אויסהאַלטן,
כּדי בליציק צוּ זיין—
34בעת מע זעט ווענן דיר פאַלשקייט,
בעת מע וואָרזאָגט ווענן דיר ליגן—
דיך צוּ לייגן אויף די העלדזער
פוּן רשעים פאַרשווּעכטע,
וואָס זייער טאָג איז געקוּמען,
אין דער צייט פוּן דער לעצטער פאַרזינדיקוּנג!—
35קער זי אוּם אין איר שייד!—
אין דעם אָרט ווּ דוּ ביסט געשאַפן געוואָרן,
אין דעם לאַנד פוּן דיין אָפּשטאַמוּנג,
וועל איך דיך משפטן.
36אוּן איך וועל אויסגיסן אויף דיר מיין כּעס;—
מיט דעם פייער פוּן מיין גרימצאָרן וועל איך בלאָזן אויף דיר,
אוּן איך וועל דיך געבן אין דער האַנט פוּן מענטשן פיאישע,
מיינסטערס אויף אוּמצוּברענגען.
37צוּם פייער פאַר אַ שפּייז וועסטוּ זיין;
דיין בלוּט וועט זיין אין מיטן לאַנד;
וועסט מער ניט געדאַכט ווערן;
וואָרוּם איך יהוה האָב גערעדט.

כב 1אוּן דאָס וואָרט פוּן גאָט איז געווען צוּ מיר, אַזוֹי צוּ זאָגן:
2אוּן דוּ מענטשנקינד,

ווילסטו משפּטן, ווילסטו משפּטן די בלוטיקע שטאָט?
טאָ לאָז זי וויסן אַלע אירע אומווערדיקייטן.
3און זאָלסט זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
דו שטאָט וואָס פאַרגיסט בלוט אין איר מיט,
כּדי איר צייט זאָל קומען,
און מאַכט ביי זיך אָפּגעטער,
אומריין צו ווערן,
4מיט דיין בלוט וואָס דו האָסט פאַרגאָסן,
האָסטו זיך פאַרשולדיקט,
און מיט די אָפּגעטער וואָס דו האָסט געמאַכט,
ביסטו אומריין געוואָרן,
און האָסט דערנענטערט דיינע טעג,
און ביסט געקומען צו דיינע יאָרן;
דרום האָב איך דיך געגעבן צו שאַנד ביי די פעלקער,
און צו שפּאָט ביי אַלע לענדער.
5נאָנטע און ווייטע פון דיר וועלן שפּאָטן פון דיר,
דו מיטן אומריינעם נאָמען, דו פילטומלדיקע.
6זע, די פירשטן פון ישׂראל, איטלאַכער לויט זיין אָרעם,
זיינען אין דיר געווען כּדי בלוט צו פאַרגיסן.
7פאָטער און מוטער האָט מען גרינגגעשאַצט אין דיר,
קעגן פרעמדן האָט מען זיך באַגאַנגען מיט רויב אין דיין מיט,
אַ יתום און אַן אַלמנה האָט מען געקריוודעט אין דיר.
8מיינע הייליקייטן האָסטו פאַראַכט,
און מיינע שבתים האָסטו פאַרשוועכט.
9רכילות־טרייבער זיינען געווען אין דיר
כּדי בלוט צו פאַרגיסן;
און אויף די בערג האָט מען געגעסן ביי דיר:
שענדלאַכקייט האָט מען געטאָן אין דיין מיט.

10 דעם פֿאָטערס שאַנד[א] האָט מען אַנטפּלעקט אין דיר,
אַן אומריינע אין איר אָפּזונדערונג האָט מען געשענדט אין דיר.
11 און איטלאַכער מיט זיין חברס ווייב
האָט אומווערדיקייט באַגאַנגען,
און איטלאַכער האָט זיין שנור
פֿאַראומרייניקט, מיט שענדלאַכקייט,
און איטלאַכער האָט זיין שוועסטער,
די טאָכטער פֿון זיין פֿאָטער, געשענדט אין דיר.
12 שׂוחד האָט מען גענומען אין דיר כּדי בלוט צו פֿאַרגיסן,
צינזן און מערונג האָסטו גענומען,
און באַריסן דיינע חברים דורך רויב,
און אָן מיר האָסטו פֿאַרגעסן, זאָגט גאָט דער האַר.

13 דרום זע, איך האָב געקלאַפּט מיין האַנט
וועגן דיין אומערלאַכן געווין וואָס דו האָסט געמאַכט,
און אויף דיין בלוטיקייט וואָס איז אין דיר געווען.
14 וועט דיין האַרץ באַשטיין,
צי וועלן דיינע הענט שטאַרק זיין,
אין די טעג וואָס איך רעכן זיך מיט דיר?
איך יהוה האָב גערעדט, און וועל טאָן.
15 און איך וועל דיך צעשפּרייטן צווישן די פֿעלקער,
און וועל דיך צעוואַרפֿן אין די לענדער,
און איך וועל פֿאַרלענדן דיין אומריינקייט פֿון דיר.
16 און וועסט פֿאַרשוועכט ווערן דורך זיך אַליין
פֿאַר די אויגן פֿון די פֿעלקער,
און וועסט וויסן אַז איך בין יהוה.
17 און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
18 מענטשנקינד,

[א] זע ויקרא יח, 8.

דאָס הויז פון ישׂראל זיינען מיר געוואָרן צו פּסולת,
זיי אַלע זיינען קופּער און צין
און אייזן און בליי אין דעם שמעלצאויוון;
פּסולת פון זילבער זיינען זיי.
19 דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
ווייל איר זייט אַלע צו פּסולת געוואָרן,
דרום זעט, איך זאַמל אייך אַיין אין ירושָלַיִם.
20 אַזוי ווי מע זאַמלט אַיין זילבער און קופּער
און אַייזן און בליי און צין אין אַ שמעלצאויוון,
צו בלאָזן דערויף פייער,
כדי צו צעשמעלצן,
אַזוי וועל איך אַייך אַיינזאַמלן
אין מיין כּעס און אין מיין גרימצאָרן,
און וועל אייך אַריינלייגן און צעשמעלצן.
21 יאָ, איך וועל אַייך צונויפקלייבן,
און וועל בלאָזן אויף אַייך מיט דעם פייער פון מיין צאָרן,
און איר וועט צעשמאָלצן ווערן דרינען.
22 אַזוי ווי זילבער ווערט צעשמאָלצן אין אַ שמעלצאויוון,
אַזוי וועט איר צעשמאָלצן ווערן דרינען;
און איר וועט וויסן אַז איך יהוה
האָב אויסגעגאָסן מיין גרימצאָרן אויף אַייך.
23 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
24 מענטשנקינד, זאָג צו איר:
ביסט אַ לאַנד וואָס איז ניט גערייניקט,
ניט באַרעגנט געוואָרן אין טאָג פון צאָרן.
25 דער בונט פון אירע נביאים אין איר מיט
איז ווי אַ ברומיקער לייב וואָס פאַרצוקט רויב;
נפשות האָבן זיי פאַרצערט,

שאַצן און טײַערע זאַכן נעמען זײ צו,
אירע אַלמנות האָבן זײ געמערט אין איר.
26 אירע כּהנים האָבן פֿאַרבראָכן קעגן מײַן תּורה,
און פֿאַרשוועכט מײַנע הײליקײטן;
צווישן הײליק און אומהײליק האָבן זײ ניט אָפּגעשײדט,
און צווישן רײן און אומרײן האָבן זײ ניט צו וויסן געטאָן,
און פֿון מײַנע שבתים האָבן זײ פֿאַרהוילן זײערע אויגן,
און איך בין פֿאַרשוועכט געוואָרן צווישן זײ.
27 אירע האַרן צווישן איר
זײַנען ווי וועלף וואָס פֿאַרצוקן רויב;
צו פֿאַרגיסן בלוט,
אומצוברענגען נפֿשות כּדי צו געווינען געווין.
28 און אירע נביאים האָבן זײ אָנגעשמירט טינק;
זײ זעען פֿאַלשקײט און וואָרזאָגן זײ ליגן.
זײ זאָגן: „אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר״,
ווען גאָט האָט ניט גערעדט.
29 דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד האָט געדריקט מיט געוואַלט,
און גענזלט גזלה,
און דעם אָרעמאַן און דעם אביון האָבן זײ געקריוודעט,
און דעם פֿרעמדן האָבן זײ געדריקט מיט אומרעכט.
30 און איך האָב געזוכט צווישן זײ אַ מאַן
וואָס זאָל אַרומצאַמען אַ צאַם,
און זיך שטעלן פֿאַר מיר אין דעם בראָך פֿאַרן לאַנד,
אַז איך זאָל עס ניט אומברענגען;
אָבער איך האָב ניט געפֿונען.
31 דרום האָב איך אויסגעגאָסן אויף זײ מײַן צאָרן;
מיט דעם פֿײַער פֿון מײַן גרימצאָרן האָב איך זײ פֿאַרלענדט:

זייער וועג האָב איך פֿאַרגאָלטן אויף זייער קאָפּ,
זאָגט גאָט דער האַר.

כג 1 און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
2 מענטשנקינד, עס זיינען געווען צוויי פֿרויען, טעכטער פֿון
איין מוטער. 3 און זיי האָבן מזנה געווען אין מִצרַיִם; אין זייער
יוגנט האָבן זיי מזנה געווען; דאָרטן זיינען זייערע בוזעמס
געדריקט געוואָרן, און דאָרטן האָט מען געקוועטשט זייערע
מיידלשע בריסט. 4 און זייערע נעמען זיינען געווען: די
גרעסערע–אָהלָה, און איר שוועסטער–אָהליבָה. און זיי זיינען
געוואָרן מיינע, און האָבן געבאָרן זין און טעכטער. און זייערע
נעמען: שומרון איז אָהלָה[א], און ירושָלַיִם איז אָהליבָה[ב].
5 און אָהלָה האָט מזנה געווען הינטער מיר, און האָט
געגלוסט צו אירע ליבהאָבער, צו די אַשורים, קריגסלייט 6 אָנ
געטאָן אין בלאָען, דוכסים און פֿירשטן, שיינע יונגען אַלע,
ריטער וואָס רייטן אויף פֿערד. 7 און זי האָט אַוועקגעגעבן
איר זנות אויף זיי, געקליבענע זין פֿון אַשור אַלע; און אַלע צו
וועמען זי האָט געגלוסט, האָט זי זיך פֿאַראומרייניקט מיט אַלע
זייערע אָפּגעטער. 8 און איר זנות מיט מִצרַיִם האָט זי ניט
פֿאַרלאָזן, וואָרום זיי זיינען מיט איר געלעגן אין איר יוגנט, און
זיי האָבן געדריקט אירע מיידלשע בריסט, און אויסגעגאָסן
זייער זנות אויף איר. 9 דרום האָב איך זי איבערגעגעבן אין
דער האַנט פֿון אירע ליבהאָבער, אין דער האַנט פֿון די זין
פֿון אַשור, וואָס זי האָט צו זיי געגלוסט. 10 זיי האָבן אַנטפּלעקט
איר שאַנד; אירע זין און אירע טעכטער האָבן זיי צוגענומען,
און זי האָבן זיי מיטן שווערד געטייט; און זי איז געוואָרן
אַ צונעמעניש בײַ ווײַבער. אַזוי האָט מען געטאָן אַ משפּט אויף
איר.

[א] נעצעלט. [ב] מיין נעצעלט איז אין איר.

[11]און איר שוועסטער אָהליבָה האָט דאָס געזען, אָבער
זי איז געווען פֿאַרדאָרבענער אין איר געלוסט פֿון יענער, און
אין איר זנות מער פֿון דער זנות פֿון איר שוועסטער. [12]צו די
זין פֿון אַשור האָט זי געגלוסט, דוכּסים און פֿירשטן, קריגסלייט
אָנגעטאָן פּראַכטיק, ריטער וואָס רייטן אויף פֿערד, שיינע
יונגען אַלע. [13]און איך האָב געזען אַז זי איז פֿאַראומרייניקט
געוואָרן—איין וועג בײ זײ ביידן. [14]און זי האָט נאָך געמערט
איר זנות, וואָרום זי האָט געזען מענער אויסגעקריצט אויף דער
וואַנט, בילדער פֿון כַּשׂדים געצייכנט מיט רויטער פֿאַרב
[15]אָנגעגורט מיט גאַרטלען אויף זייערע לענדן, מיט אַראָפּ־
געהאַנגענע טורבאַנען אויף זייערע קעפּ, מיטן אויסזען פֿון
עלצטע אַלע—די געשטאַלט פֿון די זין פֿון בָּבל, וואָס כַּשׂדים
איז דאָס לאַנד פֿון זייער געבורט. [16]און זי האָט צו זײ געגלוסט,
ווי אירע אויגן האָבן זײ דערזען, און זי האָט געשיקט שלוחים
צו זײ קיין כַּשׂדים. [17]און די זין פֿון בָּבל זיינען צו איר געקומען
צום ליבשאַפֿטגעלעגער, און זײ האָבן זי פֿאַראומרייניקט מיט
זייער זנות; און זי איז אומריין געוואָרן פֿון זײ, ביז איר זעל האָט
זיך אָפּגעעקלט פֿון זײ. [18]און אַז זי האָט אַנטפּלעקט איר זנות
און אַנטפּלעקט איר שאַנד, האָט מיין זעל זיך אָפּגעעקלט פֿון
איר, אַזוי ווי מיין זעל האָט זיך אָפּגעעקלט פֿון איר שוועסטער.
[19]און זי האָט נאָך געמערט איר זנות, זיך צו דערמאָנען אָן די
טעג פֿון איר יוגנט, ווען זי האָט מזנה געווען אין לאַנד מִצרַיִם.
[20]און זי האָט געגלוסט צו זייערע קעפּסמענער, וואָס פֿלייש
פֿון אייזלען איז זייער פֿלייש, און אויסגוס פֿון פֿערד איז זייער
אויסגוס. [21]און דו האָסט געבענקט נאָך דער שענדלאַכקייט
פֿון דיין יוגנט, ווען מע האָט געדריקט אין מִצרַיִם דיינע בריסט
פֿון וועגן דיין יונגן בוזעם.

22דרום, אָהליבָה, האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
זע, איך דערוועק אויף דיר דײַנע ליבהאָבער,
די וואָס דײַן זעל האָט זיך אָפּגעעקלט פון זיי,
און איך וועל זיי ברענגען אויף דיר פון רונד אַרום:
23די זין פון בָבל, און אַלע כַשׂדים,
פּקוד און שוֹעַ און קוֹעַ,
אַלע זין פון אַשור מיט זיי,
שיינע יונגען, דוכּסים און פירשטן אַלע,
עלצטע און באַרופענע, רײַטער אויף פערד אַלע.
24און זיי וועלן קומען אויף דיר אין אַ מחנה,
מיט רײַטוועגן און רעדער, און מיט אַ געזעמל פעלקער;
מיט פּאַנצער און שילד און קיווער
וועלן זיי זיך אויסשטעלן קעגן דיר רונד אַרום;
און איך וועל איבערגעבן פאַר זיי דעם משפּט,
און זיי וועלן דיך משפּטן מיט זייערע משפּטים.
25און איך וועל אָנטאָן אָן דיר מײַן פאַרדראָס,
און זיי וועלן זיך באַגיין קעגן דיר מיט גרימצאָרן;
דײַן נאָז און דײַנע אויערן וועלן זיי אָפּשנײַדן,
און דײַן איבערבלײַב וועט דורכן שווערד פאַלן;
דײַנע זין און דײַנע טעכטער וועלן זיי אַוועקנעמען,
און דײַן איבערבלײַב וועט פאַרצערט ווערן אין פײַער.
26און זיי וועלן דיר אויסטאָן דײַנע קליידער,
און צונעמען דײַנע שיינע זאַכן.
27און איך וועל פאַרשטערן פון דיר דײַן שענדלאַכקייט,
און דײַן זנות פון לאַנד מִצרַיִם אָן,
און וועסט ניט אויפהייבן דײַנע אויגן צו זיי,
און מִצרַיִם וועסטו מער ניט דערמאָנען.

28וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך גיב דיר אין דער האַנט פון די וואָס דו האָסט פיינט,
אין דער האַנט פון די וואָס דיין זעל האָט זיך אָפּגעעקלט פון זיי.
29און זיי וועלן זיך באַגיין קעגן דיר מיט שׂנאה,
און וועלן צונעמען דיין גאַנצע מי,
און וועלן דיר איבערלאָזן נאַקעט און הויל;
און אַנטפּלעקט וועט ווערן דיין זונהשע נאַקעטקייט,
און דיין שענדלאַכקייט, און דיין זנות.
30דאָס וועט מען טאָן צו דיר,
פאַר דיין נאָכלויפן נאָך די פעלקער,
און ווייל דו האָסט זיך פאַראומרייניקט מיט זייערע אָפּגעטער.
31אין דעם וועג פון דיין שוועסטער ביסטו געגאַנגען,
דרום וועל איך געבן איר כּוס אין דיין האַנט.
32אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
דעם כּוס פון דיין שוועסטער וועסטו טרינקען,
דעם טיפן און דעם ברייטן;
וועסט ווערן צו געלעכטער און צו שפּאָט;
ער איז פול ביזן ראַנד.
33וועסט מיט שיכּרות און קומער זיך אָנפילן,
מיט דעם כּוס פון שרעק און דערשרעקעניש,
מיט דעם כּוס פון דיין שוועסטער שומרון.
34און וועסט אים טרינקען און אויסזופּן,
און וועסט זיינע שערבלאַך צעקנאַקן,
און דיינע בריסט וועסטו רייסן;
וואָרום איך האָב גערעדט,
זאָגט גאָט דער האַר.
פאַרוואָר, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
35ווייל דו האָסט פאַרגעסן אָן מיר,

און מיך אַוועקגעוואָרפֿן הינטער דײַן רוקן,
דרום טראָג דו אויך דײַן שענדלאַכקייט און דײַן זנות.
[36]און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: מענטשנקינד, ווילסטו
משפּטן אָהלָה און אָהליבָה? טאָ דערצייל זיי זייערע אומ־
ווערדיקייטן: [37]אַז זיי האָבן מזנה געווען, און בלוט איז אויף
זייערע הענט, און מיט זייערע אָפּגעטער האָבן זיי מזנה געווען,
און אַפילו זייערע קינדער וואָס זיי האָבן מיר געבאָרן, האָבן
זיי איבערגעגעבן צו זיי פֿאַר אַ שפּייז. [38]נאָך דאָס האָבן זיי
געטאָן צו מיר: זיי האָבן פֿאַראומרייניקט מײַן הייליקטום אין
דעם אייגענעם טאָג, און מײַנע שבתים האָבן זיי פֿאַרשוועכט.
[39]און אַז זיי האָבן געשאָכטן זייערע קינדער צו זייערע אָפּגעטער,
זײַנען זיי געקומען אין מײַן הייליקטום אין דעם אייגענעם טאָג
עס צו פֿאַרשוועכן; יאָ, אָט אַזוי האָבן זיי געטאָן אין מײַן הויז.
[40]און איר האָט אויך געשיקט נאָך מענער וואָס זײַנען געקומען
פֿון דער ווייט, וואָס ווי אַ שליח איז צו זיי געשיקט געוואָרן,
אַזוי זײַנען זיי געקומען; די פֿאַר וועמען דו האָסט זיך געוואַשן,
געפּאַרבט דײַנע אויגן, און זיך אָנגעצירט מיט צירונג. [41]און
ביסט געזעסן אויף אַ פּראַכטיקן בעט, מיט אַ געגרייטן טיש
דערבײַ, און מײַן ווײַרויך און מײַן אייל האָסטו אַרויפֿגעשטעלט
דערויף. [42]און דער קָול פֿון אַ צופֿרידענעם געזעמל איז געווען
בײַ איר; און צו די מענטשן פֿון גרויסן עולם זײַנען נאָך געבראַכט
געוואָרן די סבאָער פֿון דער מדבר, און זיי האָבן אָנגעטאָן
אָרעמבענדער אויף זייערע הענט, און אַ שיינע קרוין אויף
זייערע קעפּ. [43]האָב איך געזאָגט אויף דער אַלט געוואָרענער
אין ניאוף: טרײַבט מען נאָך איצט אויך זנות מיט איר? מיט איר?
[44]וואָרום מע איז געקומען צו איר אַזוי ווי מע קומט צו אַ פּרוי
אַ זונה; אַזוי איז מען געקומען צו אָהלָה און אָהליבָה די
שענדלאַכע ווײַבער. [45]אָבער גערעכטע מענער, זיי וועלן זיי

משפּטן מיט דעם משפּט פֿון נואפֿטעס און דעם משפּט פֿון בלוט־
פֿאַרגיסערנס; וואָרום נואפֿטעס זיינען זיי, און בלוט איז אויף
זייערע הענט.
46וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
מע וועט אַרויפֿברענגען אויף זיי אַ גרויס געזעמל,
און זיי מאַכן צו שוידער און צו רויב.
47און פֿאַרוואַרפֿן מיט שטיינער וועט זיי דאָס געזעמל,
און זיי צעהאַקן מיט זייערע שווערדן;
זייערע זין און זייערע טעכטער וועלן זיי הרגענען,
און זייערע הייזער וועלן זיי אין פֿייער פֿאַרברענען,
48און איך וועל פֿאַרשטערן שענדלאַכקייט אויסן לאַנד.
און אַלע ווייבער וועלן אַ מוסר נעמען,
און וועלן ניט טאָן אַזוי ווי אַייער שענדלאַכקייט.
49און מע וועט פֿאַרגעלטן אַייער שענדלאַכקייט אויף אַייך,
און די זינד פֿון אַייערע אָפּגעטער וועט איר טראָגן,
און איר וועט וויסן אַז איך בין גאָט יהוה.

כד 1און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר אין ניינטן יאָר,
אין צענטן חודש, אין צענטן טאָג פֿון חודש, אַזוי צו זאָגן:
2מענטשנקינד, פֿאַרשרייב דיר דעם נאָמען פֿון דעם טאָג, געווי
דעם היינטיקן טאָג; דער מלך פֿון בָּבל האָט זיך אָנגעזעצט
אויף ירושָלַיִם געווי אין היינטיקן טאָג. 3און גיב דעם ווידער־
שפּעניקן געזינדל אַ משל, און זאָלסט זאָגן צו זיי: אַזוי האָט
געזאָגט גאָט דער האַר:
שטעל צו דעם טאָפּ, שטעל צו,
און גיס אויך אָן וואַסער אין אים;
4זאַמל אַיין זיינע שטיקער אין אים;
איטלאַך גוט שטיק, דעם דיך, און די שולטער;

מיט געקליבענע קנאָכנס פיל אָן.
5געקליבענע שאָף זאָלסטו נעמען,
און לייג אויך אָן ביינער אונטער דעם;
מאַך זידן זיין זידונג,
אַפילו זיינע ביינער זאָלן צעקאָכט ווערן אין אים.

6פאַרוואָר, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
וויי די בלוטיקע שטאָט, דער טאָפּ וואָס זיין קויט איז אין אים,
און זיין קויט איז פון אים ניט אַרויס!
שטיקערווייז, שטיקערווייז נעם עס אַרויס;
ניט געוואָרפן ווערן זאָל צומאָל גורל דערויף.
7וואָרום איר בלוט איז אין איר מיט,
אויף אַ גלאַטן פעלז האָט זי עס אַרויפגעטאָן;
זי האָט עס ניט געגאָסן אויף דער ערד,
צו פאַרדעקן דערויף שטויב.
8כדי אויפצובריענגען דעם גרימצאָרן,
כדי צו נעמען נקמה,
האָב איך אַרויפגעטאָן איר בלוט אויף אַ גלאַטן פעלז,
אַז עס זאָל ניט פאַרדעקט ווערן.
9דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
וויי די בלוטיקע שטאָט!
איך אויך וועל גרויס מאַכן דעם הויפן.
10מער דאָס האָלץ,
צינד אָן דאָס פייער,
צעגענץ דאָס פלייש,
און קאָך דאָס געקעכץ,
אַז די ביינער זאָלן צעברענט ווערן.
11און לאָז אים שטיין אויף זיינע קוילן אַ ליידיקן,

כדי ער זאָל דערהיצט ווערן,
און זיין קופּער זאָל צעברענט ווערן,
און צעשמאָלצן ווערן זאָל אין אים זיין אומריינקייט,
זיין שמוץ זאָל פאַרלענדט ווערן.
12 די כּוחות האָט ער פאַרמאַטערט,
אָבער זיין פיל שמוץ גייט פון אים ניט אַרויס—
דער געשטאַנק פון זיין שמוץ.
13 פון וועגן דיין שענדלאַכער אומריינקייט,
ווייל איך האָב דיך גערייניקט,
און ביסט פון דיין אומריינקייט ניט ריין געוואָרן,
וועסטו מער ניט ריין ווערן,
ביז איך באַרו מיין גרימצאָרן אויף דיר.
14 איך יהוה האָב גערעדט;
עס געשעט, און איך וועל עס טאָן.
איך וועל ניט נאָכלאָזן, און ניט שוינען, און ניט חרטה האָבן;
לויט דיינע וועגן און לויט דיינע מעשׂים
טוט מען דיך משפּטן, זאָגט גאָט דער האַר.

15 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
16 מענטשנקינד, זע, איך נעם אַוועק פון דיר
די גלוסטונג פון דיינע אויגן דורך אַ שלאַק,
אָבער זאָלסט ניט קלאָגן און ניט וויינען,
און אַ טרער זאָל ביי דיר ניט גיין.
17 זיפץ שטילערהייט;
קיין טויטנטרויער זאָלסטו ניט מאַכן;
דיין קאָפּדעק בינד אָן אויף זיך,
און דיינע שיך זאָלסטו אָנטאָן אויף דיינע פיס,

און װאָלסט ניט פֿאַרדעקן די אויבערשטע ליפּ,
און דאָס ברויט פֿון מענטשן װאָלסטו ניט עסן.
18 און איך האָב גערעדט צו דעם פֿאָלק אין דער פֿרי, און
אין אָװנט איז מײַן װײַב געשטאָרבן. און איך האָב געטאָן אין
דער פֿרי אַזױ װי איך בין באַפֿױלן געװאָרן. 19 האָט דאָס פֿאָלק
צו מיר געזאָגט: װילסטו אונדז ניט זאָגן, װאָס באַטײַט דאָסדאָזיקע
פֿאַר אונדז, אַז דו טוסט אַזױ? 20 האָב איך צו זײ געזאָגט: דאָס
װאָרט פֿון גאָט איז געװען צו מיר, אַזױ צו זאָגן:
21 זאָג צו דעם הױז פֿון ישׂראל:
אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך פֿאַרשװעך מײַן הײליקטום,
דעם שטאָלץ פֿון אײַער מאַכט,
די גלוסטונג פֿון אײַערע אױגן,
און די שמאַכטעניש פֿון אײַער זעל;
און אײַערע זין און אײַערע טעכטער
װאָס איר האָט איבערגעלאָזן,
װעלן דורכן שװערד פֿאַלן.
22 און איר װעט טאָן אַזױ װי איך האָב געטאָן:
די אויבערשטע ליפּ װעט איר ניט פֿאַרדעקן,
און ברויט פֿון מענטשן װעט איר ניט עסן.
23 און אײַערע קאָפּדעקן װעלן זײַן אויף אײַערע קעפּ,
און אײַערע שיך אויף אײַערע פֿיס;
ניט איר װעט קלאָגן און ניט איר װעט װײנען;
און איר װעט אײַנגײן פֿאַר אײַערע זינד,
און קרעכצן אײנער צום אַנדערן.
24 און יחזקאל װעט אײַך זײַן פֿאַר אַ צײכן;
אַזױ װי אַלץ װאָס ער האָט געטאָן, װעט איר טאָן.

אַז דאָס װעט געשען, װעט איר װיסן
אַז איך בין גאָט יהוה.

25 און דו מענטשנקינד, פֿאַרוואָר,
אין דעם טאָג װאָס איך נעם אַװעק פֿון זײ זײער פֿעסטונג,
די פֿרײד פֿון זײער שײנקײט,
די גלוסטונג פֿון זײערע אױגן,
און דעם באַגער פֿון זײער זעל,
זײערע זין און זײערע טעכטער,
26 אין יענעם טאָג װעט קומען צו דיר אַן אַנטרונענער,
דאָס צו מאַכן הערן אין דײנע אױערן.
27 אין יענעם טאָג װעט דײן מױל געעפֿנט װערן צום אַנטרונענעם,
און װעסט רעדן, און מער ניט שטום זײן[א];
און װעסט זײ זײן פֿאַר אַ צײכן;
און זײ װעלן װיסן אַז איך בין יהוה.

כה 1 און דאָס װאָרט פֿון גאָט איז געװען צו מיר, אַזױ צו
זאָגן:
2 מענטשנקינד, טו דײן פּנים צו די קינדער פֿון עַמון,
און זאָג נביאות אױף זײ.
3 און זאָלסט זאָגן צו די קינדער פֿון עַמון:
הערט דאָס װאָרט פֿון גאָט דעם האַר:
אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
װײל דו האָסט געזאָגט: אַהאַ!
אױף מײן הײליקטום, װאָס עס איז פֿאַרשװעכט געװאָרן,
און אױף דער ערד פֿון ישׂראל, װאָס זי איז פֿאַרװיסט געװאָרן,
און אױף דעם הױז פֿון יהודה, װאָס זײ זײנען אין גָלות אַװעק,
4 דרום זע, איך גיב דיך צו די קינדער פֿון מזרח פֿאַר אַ ירושה,

א זע ג, 26–27.

און זיי וועלן באַזעצן זייערע לאַגערדערפער אין דיר,
און מאַכן אין דיר זייערע וווינונגען;
זיי וועלן עסן דיין פרוכט,
און זיי וועלן טרינקען דיין מילך.
5און איך וועל מאַכן רַבָּה פאַר אַ פיטערפּלאַץ פון קעמלען,
און די קינדער פון עַמוֹן פאַר אַ הויעראָרט פון שאָף;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.

6וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווייל דו האָסט געפּאַטשט מיט דער האַנט,
און געקלאַפּט מיטן פוס,
און זיך געפרייט אין אַל דיין פאַראַכטונג פון דער זעל,
וועגן דער ערד פון ישׂראל,
7דרום זע, איך האָב אויסגעשטרעקט מיין האַנט אויף דיר,
און איך וועל דיך מאַכן צו רויב פאַר די פעלקער,
און וועל דיך פאַרשניידן פון די אומות,
און וועל דיך אונטערברענגען פון די לענדער;
איך וועל דיך פאַרטיליקן,
און וועסט וויסן אַז איך בין יהוה.

8אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווייל מוֹאָב און שֵׂעיר האָבן געזאָגט:
זע, אַזוי ווי אַלע פעלקער איז דאָס הויז פון יהודה,
9דרום זע, איך עפן דעם רוקן פון מוֹאָב פון די שטעט,
פון זיינע שטעט ביי זיין עק,
דאָס שיינע לאַנד בֵּית־ישימוֹת, בַּעַל־מְעוֹן, און קִרְיָתַיִם,
10אין איינעם מיט די קינדער פון עַמוֹן—
פאַר די קינדער פון מזרח,

און איך וועל עס זיי געבן פאַר אַ ירושה,
כּדי די קינדער פון עַמון
זאָלן מער ניט געדאַכט ווערן צווישן די פעלקער.
11און איך וועל טאָן אַ משפט אויף מואָב,
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.

12אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווייל אֶדום איז זיך באַגאַנגען מיט נקמה־נעמונג
אַקעגן דעם הויז פון יהודה,
און זיי האָבן זיך שולדיק פאַרשולדיקט,
און זיך נוקם געווען אָן זיי,
13דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
איך וועל אויסשטרעקן מיין האַנט אויף אֶדום,
און וועל פאַרשניידן פון איר מענטשן און בהמות,
און וועל זי מאַכן אַ וויסטעניש פון תֵּימָן ביז דדָן;
דורכן שווערד וועלן זיי פאַלן.
14און איך וועל ברענגען מיין נקמה אויף אֶדום
דורך דער האַנט פון מיין פאָלק ישׂראל,
און זיי וועלן טאָן צו אֶדום
לויט מיין כּעס און לויט מיין גרימצאָרן;
און זיי וועלן שפירן מיין נקמה,
זאָגט גאָט דער האַר.

15אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווייל די פּלשתּים זיינען זיך באַגאַנגען מיט נקמה,
און האָבן נקמה גענומען מיט פאַראַכטונג פון דער זעל,
אומצוברענגען, פון אייביקער שׂנאה,
16דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:

זע, איך שטרעק אויס מיין האַנט אויף די פּלִשתּים,
און װעל פֿאַרשניידן די כּרֵתים[א],
און װעל אונטערברענגען דעם איבערבלייב
פֿון דעם באָרטן פֿון ים.
17 און איך װעל טאָן אויף זיי גרויסע נקמות
מיט שטראָפֿן פֿון גרימצאָרן;
און זיי װעלן װיסן אַז איך בין יהוה,
װען איך ברענג מיין נקמה אויף זיי.

כו 1 און עס איז געװען אין עלפֿטן יאָר, אין ערשטן טאָג פֿון
חודש, איז געװען דאָס װאָרט פֿון גאָט צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
2 מענטשנקינד, װייל צור האָט געזאָגט אויף ירושָלַיִם:
אַהאַ! צעבראָכן איז די טיר פֿון די אומות,
צו מיר גייט עס איבער;
איך װעל פֿול װערן פֿון דעם חורבן.
3 דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
זע, איך קום אויף דיר, צור,
און װעל אויפֿברענגען אויף דיר פֿיל פֿעלקער,
אַזוי װי דער ים ברענגט אויף זיינע װעלן.
4 און זיי װעלן צעשטערן די מויערן פֿון צור,
און איינװאַרפֿן אירע טורעמס;
און איך װעל אָפּשאָבן איר ערד פֿון איר,
און װעל זי מאַכן פֿאַר אַ גלאַטן פֿעלז.
5 אויף אויסשפּרייטן נעצן װעט זי זיין
אין מיטן פֿון ים;
װאָרום איך האָב גערעדט,
זאָגט גאָט דער האַר;
און זי װעט זיין צו רויב פֿאַר די פֿעלקער.

[א] װאָרטשפּיל: וְהִכְרַתִּי אֶת כְּרֵתִים.

6און אירע טעכטערשטעט וואָס אין פעלד
וועלן מיטן שווערד אויסגעהרגעט ווערן;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.

7וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך ברענג אויף צור נבוכדרֶאצַר דעם מלך פון בָבל,
פון צפון אַהער, דעם מלך פון מלכים,
מיט פערד, און מיט רייטוועגן, און מיט רייטער,
און אַן איינזאַמלונג, און פאָלק אַ סך.
8דיינע טעכטערשטעט אין פעלד
וועט ער מיטן שווערד אויסהרגען;
און ער וועט מאַכן אַרום דיר אַ באַלעגערמויער,
און אָנשיטן אַרום דיר אַן ערדוואַל,
און אויפשטעלן קעגן דיר אַ שילד.
9און זיינע מויערברעכער וועט ער אָנשטעלן
אַקעגן דיינע מויערן,
און דיינע טורעמס וועט ער צוברעכן
מיט די העק זיינע.
10פון דער פילקייט פון זיינע פערד,
וועט דיך זייער שטויב פאַרדעקן;
פון גערויש פון רייטער,
און רעדער און רייטוועגן,
וועלן ציטערן דיינע מויערן,
ווען ער קומט אין דיינע טויערן,
ווי מע קומט אין אַן איינגעבראָכענער שטאָט;
11מיט די קלויען פון זיינע פערד
וועט ער צעטרעטן אַלע דיינע גאַסן;
דיין פאָלק וועט ער מיטן שווערד אויסהרגען.

און דײַנע שטאַרקע זײַלשטײנער
װעלן צו דער ערד נידערן.
12 און זײ װעלן ראַבעװען דײַן פאַרמעג,
און רויבן דײַן סחורה;
און זײ װעלן צעשטערן דײַנע מויערן,
און דײַנע גלוסטיקע הײַזער װעלן זײ צעברעכן;
און דײַנע שטײנער און דײַנע האָלצן און דײַן ערד
װעלן זײ אין מיטן װאַסער אַהינטאָן.
13 און איך װעל מאַכן אויפהערן
דעם טומל פון דײַנע געזאַנגען,
און דער קָול פון דײַנע האַרפן
װעט מער ניט געהערט װערן.
14 און איך װעל דיך מאַכן פאַר אַ גלאַטן פעלז,
אויף אויסשפּרײטן נעצן װעסטו זײַן;
װעסט מער ניט אָפּגעבויט װערן;
װאָרום איך יהוה האָב גערעדט, זאָגט גאָט דער האַר,

15 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר צו צור:
פאַרװאָר, פון דעם קלאַפּ פון דײַן פאַלן,
װען דערשלאָגענע קרעכצן,
װען הרוגים װערן געהרגעט אין דיר,
װעלן ציטערן די אינזלען.
16 און נידערן פון זײערע טראָנען
װעלן אַלע פירשטן פון ים,
און זײ װעלן אויסטאָן זײערע מאַנטלען,
און זײערע געשטיקטע קלײדער װעלן זײ אַראָפּציען;
ציטערניש װעלן זײ אָנטאָן,
אויף דער ערד װעלן זײ זיצן,

און אויפציטערן וועלן זיי אַלע רגע,
און באַנומען ווערן פון וועגן דיר.
17און זיי וועלן אויפהייבן אויף דיר אַ קלאָג,
און וועלן זאָגן צו דיר:
ווי ביסטו אונטערגעגאַנגען, דו באַזעצטע ביי ימען,
דו גערימטע שטאָט,
וואָס איז געווען שטאַרק אויפן ים,
זי און אירע באַוווינער,
וואָס האָבן געוואָרפן זייער שרעק
אויף אַלע באַוווינער פון דער [ערד]!
18אַצונד ציטערן די אינזלען
אין טאָג פון דיין פאַלן;
יאָ, די אינזלען וואָס אין ים
זיינען דערשראָקן פון דיין אויסלאָז.
19וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווען איך מאַך דיך אַ פאַרוויסטע שטאָט,
ווי שטעט וואָס ווערן ניט באַוווינט,
ווען איך ברענג־אויף אויף דיר דעם תְּהוֹם,
און די גרויסע וואַסערן וועלן דיך באַדעקן,
20וועל איך דיך נידערן מיט די גענידערטע אין גרוב,
מיט דעם פאָלק פון פאַרצייטן,
און איך וועל דיך באַזעצן אין אונטערערד,
ווי די חורבות פון פאַרצייטן,
מיט די גענידערטע אין גרוב,
כדי דו זאָלסט ניט באַזעצט ווערן;
און איך וועל געבן פראַכט אין לאַנד פון די לעבעדיקע.
21פאַר אַ שרעקעניש וועל איך דיך מאַכן,
און וועסט מער ניט זיין,

און ווערסט געזוכט ווערן,
און מער ניט געפונען ווערן אויף אייביק,
זאָגט גאָט דער האַר.

כז [1]און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו
זאָגן:
[2]און דו מענטשנקינד, הייב אויף אַ קלאָג אויף צור,
[3]און זאָלסט זאָגן צו צור,
וואָס זיצט ביי די אײַנגאַנגען פון ים,
וואָס האַנדלט מיט פעלקער אין אינזלען פיל:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
צור, דו האָסט געזאָגט:
איך בין פאַרפול אין שיינקייט.
[4]אין האַרצן פון די ימען זיינען דיינע געמאַרקן,
דיינע בויערס האָבן דיין שיינקייט פאַרפולט.
[5]פון ציפּרעסן פון שניר
האָבן זיי דיר אַלע ברעטער געבויט;
צעדער פון לבנון האָבן זיי גענומען,
צו מאַכן מאַסטן פאַר דיר.
[6]פון אייכנבוימער פון בשן
האָבן זיי דיינע רודערס געמאַכט;
דיין דעק האָבן זיי געמאַכט
פון עלפנביין מיט בוקסנהאָלץ
פון די אינזלען פון די כּתים.
[7]ליינען מיט שטיקעריי פון מצרים
איז דיין זעגל געווען,
דיר צו זיין פאַר אַ פאָן;
בלאָ און פורפּל פון די אינזלען פון אלישה

איז דײַן איבערדעק געװען.
8 די באַװױנער פֿון צידון און אַרוַד
זײַנען דיר רודערערס געװען;
דײַנע קלוגע לײַט, צור, זײַנען אין דיר געװען,
זײ זײַנען דײַנע שיפֿפֿירער געװען.
9 די עלטסטע פֿון גבל און אירע קלוגע לײַט
זײַנען אין דיר געװען דײַנע שפּאַלטנפֿאַרריכטער;
אַלע שיפֿן פֿון ים מיט זײערע שיפֿלײַט
זײַנען אין דיר געװען, צו האַנדלען דײַן האַנדל.
10 פָּרַס און לוד און פּוט זײַנען אין דײַן חיל געװען,
דײַנע לײַט פֿון מלחמה;
פּאַנצער און קיװער האָבן זײ אױפֿגעהאַנגען אין דיר,
זײ האָבן דיר שײנקײט געגעבן.
11 די זין פֿון אַרוַד און חֵילֵך
אױף דײַנע מױערן רונד אַרום,
און די גַמָדים
זײַנען אין דײַנע טורעמס געװען;
זײערע שילדן האָבן זײ אױפֿגעהאַנגען
אױף דײַנע מױערן רונד אַרום;
זײ האָבן דײַן שײנקײט פֿאַרפֿולט.
12 תּרשיש איז דײַן סוחר געװען,
פֿון װעגן דער פֿילקײט פֿון אַלערלײ גוטס;
מיט זילבער, אײַזן, צין, און בלײַ,
האָבן זײ פֿאַר דײַנע סחורות אָפּגעגעבן.
13 יָוָן, תּובַל, און מֶשֶך,
זײ זײַנען דײַנע האַנדלסלײַט געװען;
נפֿשות פֿון מענטשן און קופּערנע כּלים
האָבן זײ דיר אין האַנדל געגעבן.

14פון דעם הויז פון תּוֹגַרְמָה
פערד און רייטער און מויל־אייזלען
האָט מען פֿאַר דיינע סחורות געגעבן.
15די זין פון דְדָן זיינען דיינע האַנדלסלייט געווען;
פיל אינזלען זיינען געווען די סחורה פון דיין האַנט;
הערנער פון עלפנביין און עבנהאָלץ
האָבן זיי דיר אָפּגאָב געבראַכט.
16אֲרָם איז דיין סוחר געווען,
פון וועגן פיל געשעפטן דיינע;
מיט גאַרפונקל, פורפל, און שטיקעריי,
און פיינליינען, און קאָרעלן, און רובין,
האָבן זיי פֿאַר דיינע סחורות אָפּגעגעבן.
17יהודה און דאָס לאַנד פון ישׂראל,
זיי זיינען דיינע האַנדלסלייט געווען;
ווייץ פון מִנִית, און זיסוואַרג,
און האָניק און אייל, און באַלזאַם,
האָבן זיי דיר אין האַנדל געגעבן.
18דַמֶשֶׂק איז דיין סוחר געווען,
צוליב די פיל געשעפטן דיינע,
פון וועגן דער פילקייט פון אַלערליי גוטס,
אין וויין פון חֶלְבּוֹן, און ווייסער וואָל.
19וְדָן און יָוָן האָבן געגעבן געשפּינס פֿאַר דיינע סחורות;
שמידאייזן, קאַניל, און געווירצראָר
זיינען געווען אין דיין האַנדל.
20דְדָן האָט געהאַנדלט מיט דיר
אין טייערע בגדים צום רייטן.
21עֲרָב און אַלע פירשטן פון קֵדָר,
זיי זיינען די סוֹחרים פון דיין האַנט געווען;

אין לעמער, און ווידערס, און בעק,
דערין זיינען זיי דײַנע סוחרים געווען.
22 די האַנדלסלײַט פון שבאָ און רַעְמָה,
זיי זיינען דײַנע האַנדלסלײַט געווען;
מיטן בעסטן פון אַלערליי בשמים,
און מיט אַלערליי טײַער געשטיין, און גאָלד,
האָבן זיי פאַר דײַנע סחורות אָפּגעגעבן.
23 חָרָן און כַּנֵה און עֶדֶן, די האַנדלסלײַט פון שבאָ—
אַשור איז ווי דײַן תּלמיד אין האַנדל געווען.
24 זיי זיינען דײַנע האַנדלסלײַט געווען אין פּראַכטצײַגן,
אין בלאָע מאַנטלען און שטיקערײַ,
און אין קאַסטנס מיט פאַרביקע טוכן,
פאַרבונדן מיט שטריק, און באַפעסטיקט—אויף דײַן מאַרק.
25 די שיפן פון תַּרשיש
האָבן דיר דײַן האַנדל געבראַכט.
און האָסט זיך אָנגעפילט, און ביסט זייער שווער געווען,
אין האַרצן פון די ימען.
26 אין גרויסע וואַסערן
האָבן דיך דײַנע רודערערס געבראַכט;
דער מזרח־ווינט האָט דיך צעבראָכן
אין האַרצן פון די ימען.
27 דײַן גוטס און דײַנע סחורות,
דײַן האַנדל, דײַנע שיפלײַט, און דײַנע שיפפירער,
דײַנע שפּאַלטנפאַרריכטער,
און די הענדלער פון דײַן האַנדל,
און אַלע דײַנע מלחמה־לײַט וואָס אין דיר,
און מיט אַל דײַן געזעמל וואָס אין דײַן מיט,
וועלן אַרײַנפאַלן אין האַרצן פון די ימען,

אין טאָג פון דיין פאַלן.
28 פון דעם ווייגעשריי פון דיינע שיפפירער
ווערן שטורעמען די אינדן.
29 און נידערן וועלן פון זייערע שיפן
אַלע וואָס האַלטן אַ רודער;
די שיפלייט, אַלע שיפפירער,
וועלן אויף דער ערד בלייבן שטיין.
30 און זיי וועלן מאַכן הערן זייער קול וועגן דיר,
און שרייען וועלן זיי ביטער;
און זיי וועלן אַרויפטאָן שטויב אויף זייערע קעפּ,
אין אַש וועלן זיי זיך קייקלען.
31 און מאַכן אַ פּליך וועלן זיי נאָך דיר,
און אָנגורטן זאַקקליידער וועלן זיי,
און וויינען וועלן זיי אויף דיר מיט אַ ביטער געמיט,
אַ קלאָגעניש אַ ביטערע.
32 און אין זייער יאָמער וועלן זיי אויפהייבן אויף דיר אַ קלאָג,
און קלאָגן וועלן זיי אויף דיר:
ווער איז ווי צור געווען
פאַראַנקערט אין מיטן פון ים!
33 ווען דיינע סחורות פלעגן פון די ימען אַרויס,
האָסטו פיל פעלקער אָנגעזעט;
מיט דיין פיל גוטס און דיין האַנדל
האָסטו רייך געמאַכט די מלכים פון דער ערד.
34 אַצונד אַז דו ביסט צעבראָכן פון די ימען,
אין די טיפענישן פון די וואַסערן,
אַז דיין האַנדל און אַל דיין געזעמל
זיינען געפאַלן אין דיין מיט,
35 ווערן אַלע באַוווינער פון די אינזלען

באַנומען איבער דיר,
און זייערע מלכים שוידערן אַ שוידער;
זייער פּנים איז צערודערט.
[36]די סוחרים צווישן די פעלקער
שמוצערן אויף דיר;
אַ שרעקעניש ביסטו געוואָרן,
און ביסט אויף אייביק ניטאָ.

כח [1]און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו
זאָגן:
[2]מענטשנקינד, זאָג צו דעם פירשט פון צור:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווייל דיין האַרץ האָט זיך דערהויבן,
און דו האָסט געזאָגט: אַ גאָט בין איך,
די זיצונג פון געטער טו איך זיצן
אין האַרצן פון די ימען;
און ביסט דאָך אַ מענטש און ניט אַ גאָט,
נאָר האָסט געמאַכט דיין האַרץ ווי דאָס האַרץ פון אַ גאָט:
[3]ביסט דאָך מער חכם פון דָניאֵלן,
קיין פאַרבאָרגעניש האָט מען פון דיר ניט פאַרהוילן!
[4]מיט דיין גרויס חכמה און מיט דיין שכל
האָסטו דיר אָנגעשאַפט אַ פאַרמעג,
און אָנגעשאַפט גאָלד און זילבער אין דיינע אוצרות.
[5]מיט דיין גרויס חכמה, מיט דיין האַנדל,
האָסטו געמערט דיין פאַרמעג!
און דיין האַרץ האָט זיך דערהויבן פון וועגן דיין פאַרמעג.
[6]דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
ווייל דו האָסט געמאַכט דיין האַרץ ווי דאָס האַרץ פון אַ גאָט,

7 דרום זע, איך ברענג אויף דיר פרעמדע,
די פּאָרכטיקסטע פון די פעלקער;
און זיי וועלן אַרויסציען זייערע שווערדן
אויף דיין שיינער חכמה,
און זיי וועלן פאַרשוועכן דיין גלאַנץ.
8 אין גרוב וועלן זיי דיך נידערן,
און דעם טויט פון אַ דערשלאָגענעם וועסטו שטאַרבן,
אין האַרצן פון די ימען.
9 וועסטו דען זאָגן פאַר דיין טייטער:
אַ גאָט בין איך?
ווען אַ מענטש און ניט אַ גאָט וועסטו זיין
אין דער האַנט פון דיין דערשלאָגער.
10 דעם טויט פון אומבאַשניטענע וועסטו שטאַרבן,
דורך דער האַנט פון פרעמדע;
וואָרום איך האָב גערעדט,
זאָגט גאָט דער האַר.

11 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
12 מענטשנקינד, הייב אויף אַ קלאָג אויף דעם מלך פון צור,
און זאָלסט זאָגן צו אים:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אַ געצירקלטער זיגלרינג ביסטו געווען,
פול מיט חכמה און פאַרפול אין שיינקייט.
13 אין עדן דעם גאָרטן פון גאָט ביסטו געווען;
אַלערליי טייער געשטיין איז דיין צודעק געווען;
רובין, טאָפּאַז, און דימענט,
גאָלדשטיין, אָניקל, און יאַשפיז,
סאַפירשטיין, גאַרפונקל, און שמאַראַק, און גאָלד,

דײַנע געפּײַקלטע און געלעכלטע אַרבעט,
זײַנען אין טאָג פֿון דײַן באַשאַפֿן װערן
געװען אָנגעבריײט אין דיר.
14אַ כּרוב אַ ברײטשירעמענדיקער ביסטו געװען;
און איך האָב דיך אַרױפֿגעזעצט,
ביז דו ביסט אױף גאָטס הײליקן באַרג געװען;
צװישן פֿײַערשטײנער ביסטו אומגעגאַנגען.
15גאַנץ ביסטו געװען אין דײַנע װעגן,
פֿון דעם טאָג פֿון דײַן באַשאַפֿן װערן,
ביז אומרעכט איז געפֿונען געװאָרן אין דיר.
16דורך דײַן גרױס האַנדלשאַפֿט
האָט מען דיך אָנגעפֿילט אינעװײניק מיט רױבונג,
און ביסט זינדיק געװאָרן;
דרום האָב איך דיך פֿאַרשװעכט פֿון גאָטס באַרג,
און דיך אונטערגעבראַכט, דו שירעמענדיקער כּרוב,
פֿון צװישן די פֿײַערשטײנער.
17דײַן האַרץ האָט זיך דערהױבן פֿון װעגן דײַן שײנקײט,
האָסט פֿאַרדאָרבן דײַן חכמה איבער דײַן גלאַנץ;
האָב איך דיך אױף דער ערד געװאָרפֿן,
פֿאַר די מלכים דיך געגעבן, צו קוקן אױף דיר.
18דורך דײַנע פֿיל זינד, מיט דעם אומרעכט פֿון דײַן האַנדל,
האָסטו פֿאַרשװעכט דײַנע הײליקטומען;
דרום האָב איך געמאַכט אַרױסגײן פֿון דיר אַ פֿײַער
װאָס האָט דיך פֿאַרצערט,
און איך האָב דיך געמאַכט צו אַש אױף דער ערד,
פֿאַר די אױגן פֿון אַלע װאָס זעען דיך.
19אַלע װאָס קענען דיך צװישן די פֿעלקער
װערן באַנומען איבער דיר;

אַ שרעקעניש ביסטו געוואָרן,
און ביסט אויף אייביק נישטאָ.

20 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
21 מענטשנקינד, טו דיין פנים צו צידון,
און זאָג נביאות אויף איר;
22 און זאָלסט זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך קום אויף דיר, צידון,
און איך וועל געעררלאַכט ווערן צווישן דיר;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה,
ווען איך טו אַ משפט אין איר,
און איך וועל געהייליקט ווערן אין איר.
23 און איך וועל אָנשיקן אויף איר פּעסט
און בלוט אין אירע גאַסן,
און דערשלאָגענע וועלן פאַלן אין איר מיט
פון דער שווערד וואָס אויף איר פון רונד אַרום;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.
24 און מער וועט ניט זיין פאַר דעם הויז פון ישׂראל
אַ שטעכיק ווילדגעוועקס, און אַ שמאַרציקער דאָרן,
פון אַלע זייערע אַרומיקע וואָס פאַראַכטן זיי;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין גאָט יהוה.

25 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווען איך זאַמל איין דאָס הויז פון ישׂראל
פון די אומות וואָס זיי זיינען צעשפּרייט געוואָרן צווישן זיי,
וועל איך געהייליקט ווערן דורך זיי
אין די אויגן פון די פעלקער;
און זיי וועלן זיצן אויף זייער ערד

וואָס איך האָב געגעבן צו מײַן קנעכט, צו יעקבן.
26און זיי וועלן זיצן אויף איר אין זיכערקייט,
און זיי וועלן בויען הייזער, און פלאַנצן ווייַנגערטנער;
יאָ, זיי וועלן זיצן אין זיכערקייט,
ווען איך טו אַ משפט אויף אַלע
וואָס פאַראַכטן זיי פון רונד אַרום זיי;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה זייער גאָט.

כט 1אין צענטן יאָר, אין צענטן חודש, אין צוועלפטן טאָג פון
חודש, איז געווען דאָס וואָרט פון גאָט צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
2מענטשנקינד, טו דײַן פנים צו פּרעה דעם מלך פון מִצרַיִם, און
זאָג נביאות אויף אים, און אויף מִצרַיִם אין גאַנצן;
3רעד, און זאָלסט זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך קום אויף דיר פּרעה,
מלך פון מִצרַיִם,
דער גרויסער קראָקאָדיל,
וואָס הויערט אין זײַנע טײַכן,
וואָס זאָגט: מיר געהערט מײַן טײַך,
און איך האָב אים מיר געמאַכט.
4און איך וועל אַרײַנטאָן רינגען אין דײַנע קינבאַקן,
און וועל באַהעפטן די פיש פון דײַנע טײַכן אָן דײַנע שופּן;
און איך וועל דיך אויפברענגען פון דײַנע טײַכן,
מיט אַלע פיש פון דײַנע טײַכן
וואָס וועלן אָן דײַנע שופּן באַהעפט זײַן.
5און איך וועל דיך אַוועקוואַרפן אין מדבר,
דיך מיט אַלע פיש פון דײַנע טײַכן;
אויפן פרײַען פעלד וועסטו זיך וואַלגערן,
ניט אויפגעזאַמלט און ניט אויפגעקליבן וועסטו ווערן;

צו דער חיה פֿון דער ערד, און צום פֿויגל פֿון הימל,
האָב איך דיך געגעבן פֿאַר אַ שפּייז.
6און אַלע באַוווינער פֿון מִצרַיִם וועלן וויסן
אַז איך בין יהוה;
ווייל זיי זיינען געווען אַ שטעקן פֿון ראָר,
פֿאַר דעם הויז פֿון ישׂראל.
7אַז זיי האָבן דיך אָנגענומען אין האַנט,
פֿלעגסטו זיך צעשפּאַלטן,
און זיי דעם גאַנצן אַקסל צערייסן;
און אַז זיי האָבן זיך אָנגעלענט אויף דיר,
פֿלעגסטו זיך צעברעכן,
און זיי די גאַנצע לענדן ליימען.

8דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
זע, איך ברענג אויף דיר אַ שווערד,
און וועל פֿאַרשניידן פֿון דיר מענטשן און בהמות.
9און דאָס לאַנד מִצרַיִם וועט זיין וויסט און חרב,
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה;
ווייל ער האָט געזאָגט: דער טייך געהערט מיר,
און איך האָב אים געמאַכט.
10דרום זע, איך קום צו דיר, און צו דיינע טייכן,
און וועל מאַכן דאָס לאַנד מִצרַיִם פֿאַר חורבות,
אַ חרבע וויסטעניש, פֿון מִגדול ביז סְוֵנֵה,
און ביז דעם געמאַרק פֿון כּוש.
11ניט דורכגיין וועט אַ פֿוס פֿון אַ מענטשן אין איר,
און ניט אַ פֿוס פֿון אַ בהמה וועט דורכגיין אין איר,
און זי וועט ניט זיין באַוווינט פֿערציק יאָר.
12און איך וועל מאַכן דאָס לאַנד מִצרַיִם

אַ וויסטעניש צווישן פאַרוויסטע לענדער,
און אירע שטעט, צווישן חרבֿע שטעט,
וועלן זיין אַ וויסטעניש פערציק יאָר;
און איך וועל צעשפּרייטן מִצרַיִם צווישן די פעלקער,
און וועל זיי צעוואַרפן אין די לענדער.

13 וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
צום סוף פון פערציק יאָר,
וועל איך אײַנזאַמלען מִצרַיִם
פון די פעלקער וואָס זיי זיינען צעשפּרייט געוואָרן אַהין.
14 און איך וועל אומקערן די געפאַנגענשאַפט פון מִצרַיִם,
און וועל זיי צוריקקערן קיין לאַנד פַּתרוֹס,
אין דעם לאַנד פון זייער אָפּשטאַמונג;
און זיי וועלן דאָרטן זיין אַ שפּלע מלוכה.
15 די שפּלסטע פון די מלוכות וועט זי זיין,
און זי וועט זיך מער ניט איבערנעמען איבער די פעלקער;
און איך וועל זיי פאַרמינערן,
ניט צו געוועלטיקן איבער די פעלקער.
16 און זיי וועלן מער ניט זיין דעם הויז פון ישׂראל
פאַר אַ פאַרזיכערונג וואָס מאַכט דערמאָנען זינד,
ווען זיי קערן זיך נאָך זיי;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין גאָט יהוה.

17 און עס איז געווען אין זיבן און צוואַנציקסטן יאָר, אין
ערשטן חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש, איז געווען דאָס וואָרט
פון גאָט צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
18 מענטשנקינד, נבֿוכַדרֶאצַר דער מלך פון בָּבֶל
האָט געמאַכט זיין חיל דינען אַ שווערן דינסט אַקעגן צוֹר;

איטלאַכער קאָפּ איז אויסגעקראָכן,
און איטלאַכער אַקסל איז אָפּגעריבן;
און שׂכר האָט ער ניט געקראָגן
פֿאַר זיך און פֿאַר זיין חיל פֿון צור
פֿאַר דעם דינסט וואָס ער האָט געדינט אַקעגן איר.
19 דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
זע, איך גיב נבֿוכַדרֶאצַר דעם מלך פֿון בָבֿל דאָס לאַנד מִצרַיִם,
און ער וועט אַוועקטראָגן איר שֶפע,
און רויבן איר זאַקרויב, און ראַבעווען איר רויב;
און דאָס וועט זיין דער שׂכר פֿאַר זיין חיל.
20 פֿאַר זיין לוין וואָס ער האָט אום דעם געדינט,
האָב איך אים געגעבן דאָס לאַנד מִצרַיִם,
ווייל זיי האָבן געאַרבעט פֿאַר מיר,
זאָגט גאָט דער האַר.

21 אין יענעם טאָג וועל איך מאַכן שפּראָצן
דעם האָרן פֿון דעם הויז פֿון ישׂראל,
און דיר וועל איך געבן אַן אָפֿן מויל צווישן זיי;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.

ל 1 און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
2 מענטשנקינד, זאָג נביאות, און זאָלסט זאָגן:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
יאָמערט: ווי איבער דעם טאָג!
3 וואָרום נאָנט איז דער טאָג,
יאָ, נאָנט איז דער טאָג פֿון גאָט;
אַ טאָג פֿון וואָלקן,

די שטראָפֿצייט פֿון די פֿעלקער וועט עס זיין.

4 און אַ שווערד וועט קומען אויף מִצרַיִם,
און אַ ציטערניש וועט זיין אין כּוש,
ווען דערשלאָגענע פֿאַלן אין מִצרַיִם;
און מען וועט אַוועקנעמען איר שֶפֿע,
און אירע גרונטפֿעסטן וועלן צעשטערט ווערן.
5 כּוש, און פּוט, און לוד,
און אַלע געמישטע פֿעלקער, און כּוב,
און די קינדער פֿון דעם לאַנד פֿון בונד,
וועלן מיט זיי דורכן שווערד פֿאַלן.

6 אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
פֿאַלן וועלן אויך די אונטערלענער פֿון מִצרַיִם,
און נידערן וועט איר שטאָלצע מאַכט;
פֿון מִגדול ביז סוֵנֵה וועלן זיי פֿאַלן דורכן שווערד אין איר,
זאָגט גאָט דער האַר.
7 און זיי וועלן פֿאַרוויסט זיין צווישן פֿאַרוויסטע לענדער,
און זיינע שטעט וועלן זיין צווישן חרבֿע שטעט.
8 און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה,
ווען איך מאַך אַ פֿייער אין מִצרַיִם,
און אַלע אירע העלפֿער וועלן צעבראָכן ווערן.
9 אין יענעם טאָג וועלן שלוחים אַרויסגיין פֿון מיר אין שיפֿן,
אויפֿצושרעקן כּוש די זיכערע;
און אַ ציטערניש וועט זיין ביי זיי ווי אין טאָג פֿון מִצרַיִם;
וואָרום זע, עס קומט!

10 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
איך וועל אויך פֿאַרטיליקן דעם המון פֿון מִצרַיִם,

דורך דער האַנט פֿון נבוכַדרֶאצַר דעם מלך פֿון בָבל.
11ער און זיין פֿאָלק מיט אים,
די פֿאַרכטיקסטע פֿון די פֿעלקער,
ווערן געבראַכט אומצוברענגען דאָס לאַנד;
און זיי וועלן אַרויסציען זייערע שווערדן אויף מִצרַיִם,
און וועלן אָנפֿילן דאָס לאַנד מיט דערשלאָגענע.
12און איך וועל מאַכן די טייכן אַ טריקעניש,
און וועל איבערענטפֿערן דאָס לאַנד
אין דער האַנט פֿון שלעכטע;
און איך וועל פֿאַרוויסטן דאָס לאַנד מיט איר פֿולקייט,
דורך דער האַנט פֿון פֿרעמדע;
איך יהוה האָב גערעדט.

13אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
איך וועל אויך אונטערברענגען די אָפּגעטער,
און וועל פֿאַרשטערן די געצן פֿון נוֹף;
און קיין פֿירשט וועט מער ניט זיין פֿון לאַנד מִצרַיִם;
און איך וועל מאַכן אַ מוֹרא אין לאַנד מִצרַיִם.
14און איך וועל פֿאַרוויסטן פַּתרוֹס,
און וועל מאַכן אַ פֿייער אין צוֹעַן,
און טאָן אַ משפּט אין נוֹא.
15און איך וועל אויסגיסן מיין גרימצאָרן אויף סין,
דער פֿעסטונג פֿון מִצרַיִם;
און איך וועל פֿאַרשניידן דעם הַמוֹן פֿון נוֹא.
16און איך וועל מאַכן אַ פֿייער אין מִצרַיִם;
דרייען אין ווייטאָק וועט זיך דרייען סין,
און נוֹא וועט אַיינגעבראָכן ווערן,
און אויף נוֹף וועלן קומען פֿיינט ביי טאָג.

17די יונגעלייט פֿון און און פּי־בֶסֶת וועלן דורכן שווערד פֿאַלן,
און זיי וועלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט גיין.
18און אין תּחפַּנחֵס וועט אויפֿהערן דער טאָג,
ווען איך צעברעך דאָרטן די יאָכשטאַנגען פֿון מִצרַיִם;
און איר שטאָלצע מאַכט וועט פֿאַרשטערט ווערן אין איר;
זי אַליין וועט אַ וואָלקן באַדעקן,
און אירע טעכטערשטעט וועלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט גיין.
19און איך וועל טאָן אַ משפּט אין מִצרַיִם;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.

20און עס איז געווען אין עלפֿטן יאָר, אין ערשטן חודש, אין
זיבעטן טאָג פֿון חודש, איז געווען דאָס וואָרט פֿון גאָט צו מיר,
אַזוי צו זאָגן:
21מענטשנקינד, איך האָב צעבראָכן דעם אָרעם
פֿון פַּרעה דעם מלך פֿון מִצרַיִם,
און זע, ער איז ניט פֿאַרבונדן געוואָרן
צו ברענגען אַ רפֿואה דורך אַרויפֿטאָן אַ וויקלבאַנד,
אים צו פֿאַרבינדן, ער זאָל ווערן שטאַרק
צו האַלטן אַ שווערד.
22פֿאַרוואָר, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך קום צו פַּרעה דעם מלך פֿון מִצרַיִם,
און וועל צעברעכן זיינע אָרעמס,
דעם געזונטן, און דעם צעבראָכענעם;
און איך וועל מאַכן אַרויספֿאַלן די שווערד פֿון זיין האַנט.
23און איך וועל צעשפּרייטן מִצרַיִם צווישן די פֿעלקער,
און וועל זיי צעוואַרפֿן אין די לענדער.
24און איך וועל שטאַרקן די אָרעמס פֿון דעם מלך פֿון בָּבל.
און וועל געבן מיין שווערד אין זיין האַנט;

און איך װעל צעברעכן די אָרעמס פֿון פּרעהן,
און ער װעט קרעכצן פֿאַר אים
קרעכצן פֿון אַ דערשטאָכענעם.
25און איך װעל שטאַרקן די אָרעמס פֿון דעם מלך פֿון בָּבֶל,
און די אָרעמס פֿון פּרעהן װעלן אַראָפּפֿאַלן;
און זײ װעלן װיסן אַז איך בּין יהוה,
װען איך גיב מײן שװערד אין דער האַנט פֿון דעם מלך פֿון בָּבֶל,
און ער װעט זי אױסשטרעקן קעגן לאַנד מִצרַיִם.
26און איך װעל צעשפּרײטן מִצרַיִם צװישן די פֿעלקער,
און װעל זײ צעװאַרפֿן אין די לענדער;
און זײ װעלן װיסן אַז איך בּין יהוה.

לא 1און עס איז געװען אין עלפֿטן יאָר, אין דריטן חוֹדש, אין ערשטן טאָג פֿון חוֹדש, איז געװען דאָס װאָרט פֿון גאָט צו מיר, אַזױ צו זאָגן:
2מענטשנקינד, זאָג צו פּרעה דעם מלך פֿון מִצרַיִם,
און צו זײן המוֹן:
צו װעמען גלײכסטו זיך אין דײן גרױסקײט?
3זע, אַשוּר איז געװען אַ צעדער אין לְבָנוֹן,
מיט שײנע צװײגן, און שאָטנדיקן געװעלד,
און הױך אין װוּקס;
און צװישן געדיכטענישן איז געװען זײן שפּיץ.
4װאַסער האָט אים אױפֿגעצױגן,
דער תְּהוֹם האָט אים אױפֿגעבּראַכט;
זײנע שטראָמען, זײ פֿלעגן גײן
רונד אַרום זײן פֿלאַנצונג,
און זײנע גראָבנס האָט ער צעשיקט

צו אַלע בוימער פון פעלד.
5דרום איז זיין וווקס געווען העכער
פון אַלע בוימער פון פעלד,
און זיינע צווייגן האָבן זיך געמערט,
און זיינע ריטער זיינען לאַנג געוואָרן,
פון פיל וואַסער ביי זיין אויסוואַקסן.
6אין זיינע צווייגן האָבן גענעסט
אַלע פויגלען פון הימל,
און אונטער זיינע ריטער האָבן געבאָרן
אַלע חיות פון פעלד;
און אין זיין שאָטן פלעגן זיצן
אַלע גרויסע פעלקער.
7און ער איז שיין געווען אין זיין גרויסקייט,
אין דער לענג פון זיינע צווייגן;
וואָרום זיין וואָרצל איז געווען
ביי וואַסער אַ סך.
8די צעדערן אין גאָרטן פון גאָט
האָבן אים ניט פאַרטונקלט;
ציפּרעסן זיינען ניט גלייך געווען
צו די צווייגן זיינע;
און פלאַטאַנענבוימער זיינען ניט געווען
אַזוי ווי די ריטער זיינע;
קיין בוים אין גאָרטן פון גאָט
איז ניט גלייך געווען צו אים אין זיין שיינקייט.
9שיין האָב איך אים געמאַכט
מיט זיינע פיל צווייגן,
און אים האָבן מקנא געווען
אַלע בוימער פון עֵדן וואָס אין גאָרטן פון גאָט.

10דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
ווייל דו ביסט געוועזן הויך אין וווקס;
און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין שפּיץ פון צווישן געדיכטענישן,
און זיין האַרץ האָט זיך דערהויבן פון וועגן זיין הייך,
11דרום וועל איך אים געבן אין דער האַנט
פון דעם מאַכטיקסטן פון די פעלקער;
רעכענען וועט ער זיך רעכענען מיט אים;
פאַר זיין שלעכטיקייט טו איך אים פאַרטרייבן.
12און אים שניידן אָפּ פרעמדע,
די פאַרכטיקסטע פון די פעלקער,
און זיי וואַרפן אים אַוועק;
אויף אַלע בערג און אין אַלע טאָלן
פאַלן זיינע צווייגן,
און זיינע ריטער ליגן צעבראָכן
אין אַלע גראָבנס פון דער ערד;
און אַלע פעלקער פון דער ערד
נידערן פון זיין שאָטן, און פאַרלאָזן אים.
13אויף זיין געפאַלענעם שטאַם רוען אַלע פויגלען פון הימל,
און אויף זיינע ריטער זיינען אַלע חיות פון פעלד;
14כדי קיין בוימער ביים וואַסער
זאָלן זיך ניט גרייסן מיט זייער וווקס,
און ניט אויסשטרעקן זייער שפּיץ פון צווישן געדיכטענישן;
און עס זאָלן ניט שטיין אין זייער הייך זייערע מאַכטיקע,
אַלע אָנגעטרונקענע מיט וואַסער;
וואָרום זיי אַלע זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צום טויט,
צו דער אונטערשטער ערד, צווישן די קינדער פון מענטשן,
צו די געגידערטע אין גרוב.

15אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אין דעם טאָג וואָס ער האָט גענידערט אין אונטערערד,
האָב איך געמאַכט טרויערן, האָב איך צוגעדעקט
דעם תּהוֹם וועגן אים,
און איך האָב פאַרמיטן זיינע טייכן,
און פאַרהאַלטן געוואָרן זיינען די גרויסע וואַסערן;
און איך האָב געמאַכט פינצטער וועגן אים דעם לבֿנוֹן,
און אַלע בוימער פון פעלד האָבן געחלשט וועגן אים.
16מיט דעם הילך פון זיין פאַלן
האָב איך אויפגעשטורעמט די פעלקער,
ווען איך האָב אים געמאַכט נידערן אין אונטערערד
מיט די גענידערטע אין גרוב.
און זיך געטרייסט אין דער אונטערשטער ערד
האָבן אַלע בוימער פון עֵדֶן,
די געקליבנסטע און בעסטע פון לבֿנוֹן,
אַלע אָנגעטרונקענע מיט וואַסער.
17זיי אויך האָבן מיט אים גענידערט אין אונטערערד,
צו די דערשלאָגענע פון שווערד–
די וואָס זיינען זיין אָרעם געווען,
וואָס זיינען געזעסן אין זיין שאָטן צווישן די פעלקער.
18צו וועמען אַזוינס גלייכסטו זיך אין כּבוד און אין גרויסקייט
צווישן די בוימער פון עֵדֶן?
אָבער וועסט גענידערט ווערן מיט די בוימער פון עֵדֶן
אין דער אונטערשטער ערד;
צווישן אומבאַשניטענע וועסטו ליגן,
מיט דערשלאָגענע פון שווערד;
ער, פַּרעה, און זיין גאַנצער הַמוֹן,
זאָגט גאָט דער האַר.

לב 1און עס איז געווען אין צוועלפטן יאָר, אין צוועלפטן
חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש, איז געווען דאָס וואָרט
פון גאָט צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
2מענטשנקינד, הייב אויף אַ קלאָג אויף פּרעה
דעם מלך פון מִצרַיִם,
און זאָלסט זאָגן צו אים:
צו אַ יונגלייב פון די פעלקער האָסטו זיך געגליכן;
און ביסט געווען ווי אַ קראָקאָדיל אין די ימען,
און האָסט זיך געפּליושקעט אין דײַנע טײַכן,
און מיט דײַנע פיס האָסטו די וואַסערן צעמישט,
און צעקויטיקט זייערע טײַכן.
3אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
דרום וועל איך אויסשפּרייטן אויף דיר מײַן נעץ,
מיט אַן אײַנזאַמלונג פון פיל פעלקער,
און זיי וועלן דיך אויפברענגען אין מײַן פאַנגנעץ.
4און איך וועל דיך אַוועקוואַרפן אויף דער ערד,
אויפן פרייען פעלד וועל איך דיך אַוועקשלײַדערן;
און איך וועל מאַכן רוען אויף דיר אַלע פויגלען פון הימל,
און וועל אָנזעטן מיט דיר אַלע חיות פון דער ערד.
5און איך וועל אַהינטאָן דײַן פלייש אויף די בערג,
און וועל אָנפילן די טאָלן מיט דײַן ווערעמדיקייט.
6און איך וועל אָנטרינקען דאָס לאַנד מיט דײַן אײַטער,
מיט דײַן בלוט ביז די בערג;
און די גראָבנס וועלן אָנגעפילט ווערן מיט דיר.
7און ווען איך לעש דיך אויס, וועל איך צודעקן די הימלען,
און וועל פינצטער מאַכן זייערע שטערן;
די זון, זי וועל איך מיט אַ וואָלקן פאַרדעקן,
און די לבנה וועט ניט לײַכטן איר ליכט.

8אַלע ליכטיקע ליכטער אין הימל,
זיי וועל איך מאַכן פינצטער איבער דיר,
און איך וועל געבן אַ חושך אויף דיין לאַנד,
זאָגט גאָט דער האַר.
9און איך וועל פאַראומערן דאָס האַרץ פון פיל פעלקער,
ווען איך ברענג דיין בראָך צווישן די פעלקער,
אין לענדער וואָס דו קענסט זיי ניט.
10און איך וועל מאַכן באַנומען ווערן וועגן דיר פיל פעלקער,
און זייערע מלכים וועלן שוידערן אַ שוידער וועגן דיר,
ווען איך פאָך מיין שווערד פאַר זייער פנים;
און זיי וועלן ציטערן אַלע רגע,
איטלאַכער פאַר זיין לעבן,
אין טאָג פון דיין פאַלן.
11וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
די שווערד פון דעם מלך פון בָּבל וועט קומען אויף דיר.
12דורך די שווערדן פון גיבורים וועל איך מאַכן פאַלן דיין הַמון;
די פאָרכטיקסטע פון די פעלקער זיינען זיי אַלע;
און זיי וועלן פאַרוויסטן דעם שטאָלץ פון מִצרַיִם,
און פאַרטיליגט ווערן וועט איר גאַנצער הַמון.
13און איך וועל אונטערברענגען אַלע אירע בהמות
פון לעבן די פיל וואַסערן;
און זיי וועט מער ניט צעמישן אַ פוס פון אַ מענטשן,
און קלויען פון אַ בהמה וועלן זיי ניט צעמישן.
14דענסמאָל וועל איך מאַכן אָפּשטיין זייערע וואַסערן,
און זייערע טייכן וועל איך ווי בוימל מאַכן גיין,
זאָגט גאָט דער האַר,
15ווען איך מאַך דאָס לאַנד מִצרַיִם אַ וויסט און וויסטעניש,
אַ לאַנד אָן איר פולקייט,

װען איך שלאָג אַלע װוּנער אין איר;
און זײ װעלן װיסן אַז איך בין יהוה.

16אַ קלאָגליד איז דאָס, און קלאָגן װעט מען עס;
די טעכטער פֿון די פֿעלקער װעלן עס קלאָגן;
אויף מִצרַיִם און אויף איר גאַנצן הַמוֹן װעלן זײ עס קלאָגן,
זאָגט גאָט דער האַר.

17און עס איז געװען אין צװעלפֿטן יאָר, אין פֿופֿצנטן
טאָג פֿון חודש, איז געװען דאָס װאָרט פֿון גאָט צו מיר, אַזױ צו
זאָגן:
18מענטשנקינד, יאָמער אויף דעם הַמוֹן פֿון מִצרַיִם,
און מאַך זײ נידערן—
זי מיט די טעכטער פֿון מאַכטיקע פֿעלקער,
אין דער אונטערשטער ערד, מיט די גענידערטע אין גרוב.
19פֿון װעמען ביסטו בעסער?
נידער אַראָפּ, און װער געלײגט מיט די אומבאַשניטענע.
20צװישן דערשלאָגענע פֿון שװערד זאָלן זײ פֿאַלן;
צו דער שװערד איז זי איבערגעגעבן געװאָרן;
שלעפּט זי אַראָפּ מיט איר גאַנצן הַמוֹן.
21די שטאַרקסטע גיבּורים װעלן רעדן
פֿון אים מיט זײַנע העלפֿער פֿון מיטן דער אונטערערד:
זײ האָבן גענידערט, זיך געלײגט, די אומבאַשניטענע,
דערשלאָגענע פֿון שװערד.
22דאָרטן איז אַשור מיט איר גאַנצן געזעמל—
רונד אַרום איר אירע קבֿרים;
אַלע דערשלאָגענע, געפֿאַלן פֿון שװערד—
23װאָס אירע קבֿרים זײַנען פֿאַרלײגט אין די עקן פֿון גרוב,

און איר געזעמל איז רונד אַרום איר קבר;
אַלע דערשלאָגענע, געפאַלן פון שווערד,
וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק
אין לאַנד פון די לעבעדיקע.
24 דאָרטן איז עֵילָם מיט איר גאַנצן הָמון
רונד אַרום איר קבר;
אַלע דערשלאָגענע, געפאַלן פון שווערד,
וואָס האָבן געני‍דערט אומבאַשניטענע
אין דער אונטערשטער ערד,
וואָס האָבן אָנגעוואָרפן זייער שרעק
אין לאַנד פון די לעבעדיקע,
און זיי טראָגן זייער שאַנד
מיט די גענידערטע אין גרוב.
25 צווישן דערשלאָגענע האָט מען איר אַ געלעגער געגעבן
מיט איר גאַנצן הָמון;
רונד אַרום איר אירע קברים;
אַלע אומבאַשניטענע, דערשלאָגן פון שווערד;
ווייל זייער שרעק איז געווען אָנגעוואָרפן
אין לאַנד פון די לעבעדיקע,
דרום טראָגן זיי זייער שאַנד
מיט די גענידערטע אין גרוב;
צווישן געשלאָגענע זיינען זיי געלייגט געוואָרן.
26 דאָרטן איז מֶשֶך, תּוּבַל מיט איר גאַנצן הָמון;
רונד אַרום איר אירע קברים;
אַלע אומבאַשניטענע, דערשלאָגן פון שווערד;
ווייל זיי האָבן אָנגעוואָרפן זייער שרעק
אין לאַנד פון די לעבעדיקע.
27 און די געפאַלענע פון די אומבאַשניטענע

וועלן ניט ליגן מיט די גיבורים
וואָס האָבן גענידערט אין אונטערערד מיט זייערע כלי־מלחמה,
און זייערע שווערדן האָט מען געלייגט אונטער זייערע קעפּ;
וואָרום זייערע זינד זיינען אויף זייער געביין,
ווייל דער שרעק פון די גיבורים
איז געווען אין לאַנד פון די לעבעדיקע.
28 אויך דו וועסט צווישן אומבאַשניטענע צעבראָכן ווערן,
און ליגן מיט דערשלאָגענע פון שווערד.
29 דאָרטן איז אֱדום,
אירע מלכים און אַלע אירע פירשטן,
וואָס זיינען ביי אַל זייער גבורה
געלייגט געוואָרן מיט דערשלאָגענע פון שווערד;
מיט אומבאַשניטענע ליגן זיי,
און מיט די גענידערטע אין גרוב.
30 דאָרטן זיינען די פירשטן פון צפון אַלע, און אַלע צידונים,
וואָס האָבן גענידערט מיט דערשלאָגענע;
ביי אַל זייער אָנשרעק דורך זייער גבורה זיינען זיי פאַרשעמט;
און זיי ליגן אומבאַשניטענע מיט דערשלאָגענע פון שווערד,
און טראָגן זייער שאַנד מיט די גענידערטע אין גרוב.
31 זיי וועט פּרעה זען,
און וועט זיך טרייסטן אויף זיין גאַנצן המון,
די דערשלאָגענע פון שווערד —
פּרעה מיט זיין גאַנצן חיל,
זאָגט גאָט דער האַר.
32 וואָרום איך טו וואַרפן מיין שרעק
אין לאַנד פון די לעבעדיקע;
און ער וועט געלייגט ווערן צווישן אומבאַשניטענע,
מיט דערשלאָגענע פון שווערד —

פַּרעה מיט זײַן גאַנצן הַמון,
זאָגט גאָט דער האַר.

לג [1]און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
[2]מענטשנקינד, רעד צו די קינדער פֿון דײַן פֿאָלק, און
זאָלסט זאָגן צו זיי: אַז איך ברענג אַ שווערד אויף אַ לאַנד, און
דאָס פֿאָלק פֿון לאַנד נעמט אַ מאַן פֿון צווישן זיך, און זיי מאַכן
אים פֿאַר זייער וועכטער, [3]און ער זעט די שווערד קומען אויפֿן
לאַנד, און ער בלאָזט אין שופֿר, און וואָרנט דאָס פֿאָלק, [4]און
דער הערער הערט דעם קָול פֿון שופֿר, און ער לאָזט זיך ניט
וואָרענען, און די שווערד קומט, און נעמט אים צו, וועט זײַן
בלוט זײַן אויף זײַן קאָפּ. [5]דעם קָול פֿון שופֿר האָט ער
געהערט, און ער לאָזט זיך ניט וואָרענען, וועט זײַן בלוט זײַן
אויף אים; וואָרום אַז ער לאָזט זיך וואָרענען, וואָלט ער זײַן
נפֿש געראַטעוועט. [6]אָבער אַז דער וועכטער זעט די שווערד
קומען, און ער בלאָזט ניט אין שופֿר, און דאָס פֿאָלק ווערט
ניט געוואָרנט, און די שווערד קומט, און נעמט צו פֿון זיי אַ נפֿש,
איז ער צוגענומען געוואָרן פֿאַר זײַנע זינד, אָבער זײַן בלוט וועל
איך מאָנען פֿון דעם וועכטערס האַנט. [7]און דו מענטשנקינד,
אַ וועכטער האָב איך דיך געמאַכט פֿאַר דעם הויז פֿון ישׂראל,
אַז ווען דו וועסט הערן פֿון מײַן מויל אַ וואָרט, זאָלסטו זיי
וואָרענען פֿון מיר. [8]אַז איך זאָג צו דעם שלעכטן: דו
שלעכטער, שטאַרבן מוסטו שטאַרבן; און דו האָסט ניט גערעדט
צו וואָרענען דעם שלעכטן פֿון זײַן וועג, וועט ער, דער
שלעכטער, שטאַרבן פֿאַר זײַנע זינד, און זײַן בלוט וועל איך
פֿון דײַן האַנט מאָנען. [9]אָבער אַז דו האָסט געוואָרנט דעם
שלעכטן פֿון זײַן וועג, זיך אומצוקערן פֿון אים, און ער האָט

זיך ניט אומגעקערט פון זיין וועג, וועט ער שטאַרבן פאַר זיינע
זינד, און דו האָסט דיין נפש מציל געווען.
10און דו מענטשנקינד, זאָג צו דעם הויז פון ישׂראל: איר
זאָגט, אַזוי צו זאָגן: פאַרוואָר, אונדזערע פאַרברעכן און
אונדזערע זינד זיינען אויף אונדז, און דורך זיי גייען מיר אַיין,
און ווי קענען מיר לעבן? 11זאָג צו זיי: אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט
דער האַר, אויב איך באַגער דעם טויט פון דעם שלעכטן,
נייערט אַז דער שלעכטער זאָל זיך אומקערן פון זיין וועג, און
לעבן! קערט אַייך אום, קערט אַייך אום פון אַייערע שלעכטע
וועגן; און נאָך וואָס זאָלט איר שטאַרבן, הויז פון ישׂראל?
12און דו מענטשנקינד, זאָג צו די קינדער פון דיין פאָלק:
די גערעכטיקייט פון דעם גערעכטן וועט אים ניט מציל זיין אין
טאָג פון זיין פאַרברעך, און די שלעכטיקייט פון דעם שלעכטן,
דורך איר וועט ער ניט געשטרויכלט ווערן אין דעם טאָג וואָס
ער קערט זיך אום פון זיין שלעכטיקייט; און דער וואָס איז אַ
גערעכטער, קען דערפאַר ניט בלייבן לעבן אין דעם טאָג וואָס
ער זינדיקט. 13אז איך זאָג אויף דעם גערעכטן: לעבן וועט ער
לעבן, און ער פאַרזיכערט זיך אויף זיין גערעכטיקייט, און טוט
אומרעכט, וועלן אַלע זיינע גערעכטיקייטן ניט דערמאָנט ווערן,
און פאַר זיין אומרעכט וואָס ער האָט געטאָן, דערפאַר וועט
ער שטאַרבן. 14און אַז איך זאָג צו דעם שלעכטן: שטאַרבן
מוסטו שטאַרבן, און ער קערט זיך אום פון זיינע זינד, און טוט
רעכט און גערעכטיקייט; 15אַז דעם משכון קערט דער
שלעכטער אום, די גזלה באַצאָלט ער, אין די געזעצן פון לעבן
גייט ער, ניט צו טאָן קיין אומרעכט—וועט ער געוויס לעבן, ער
וועט ניט שטאַרבן. 16אַלע זיינע זינד וואָס ער האָט געזינדיקט,
וועלן אים ניט דערמאָנט ווערן; רעכט און גערעכטיקייט טוט
ער, לעבן וועט ער לעבן. 17און די קינדער פון דיין פאָלק

זאָגן: ניט ריכטיק איז דער וועג פון גאָט, ווען זייער אייגענער
וועג איז ניט ריכטיק. [18]אַז דער גערעכטער קערט זיך אָפּ פון
זיין גערעכטיקייט, און טוט אומרעכט, מוז ער שטאַרבן דער־
פאַר. [19]און אַז דער שלעכטער קערט זיך אָפּ פון זיין
שלעכטיקייט, און טוט רעכט און גערעכטיקייט, וועט ער
דערפאַר לעבן. [20]און איר זאָגט: ניט ריכטיק איז דער וועג
פון גאָט; איטלאַכן לויט זיינע וועגן משפּט איך אַייך, הויז פון
ישׂראל.

[21]און עס איז געווען אין צוועלפטן יאָר פון אונדזער גָלות,
אין צענטן חודש, אין פינפטן טאָג פון חודש, איז געקומען צו
מיר אַן אַנטרונענער פון ירושָלַיִם, אַזוי צו זאָגן: די שטאָט איז
געשלאָגן געוואָרן. [22]און די האַנט פון גאָט איז געווען אויף מיר
אין אָוונט איידער דער אַנטרונענער איז אָנגעקומען; און ער
האָט געעפנט מיין מויל איידער ער איז אָנגעקומען צו מיר אין
דער פרי; און מיין מויל איז געבליבן אָפן, און איך בין מער
ניט שטום געווען.

[23]און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
[24]מענטשנקינד, די וואָס זיצן אין דידאָזיקע חורבות
אויף דער ערד פון ישׂראל, זאָגן, אַזוי צו זאָגן:
איינער איז געווען אַברהם,
און ער האָט געאַרבט דאָס לאַנד,
און מיר זיינען פיל,
איז אונדז דאָס לאַנד [אַוודאי] געגעבן געוואָרן פאַר אַ ירושה.
[25]דרום זאָג צו זיי: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
מיטן בלוט עסט איר,
און אַייערע אויגן הייבט איר אויף צו אַייערע אָפּגעטער,
און בלוט פאַרגיסט איר,

[א] זע ג, 26–27.

און דאָס לאַנד ווילט איר ירשען?
26 איר זייט געשטאַנען אויף אייער שווערד,
איר האָט געטאָן אומווערדיקייט,
און איינער דעם אַנדערנס ווייב האָט איר פאַראומרייניקט,
און דאָס לאַנד ווילט איר ירשען?
27 אַזוי זאָלסטו זאָגן צו זיי:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אַזוי ווי איך לעב,
אַז די וואָס אין די חורבות וועלן דורכן שווערד[א] פאַלן,
און דער וואָס אויפֿן פרייען פעלד,
אים גיב איך צו די חיות, אים צו פאַרצערן,
און די וואָס אין די פעסטונגען און אין די היילן
וועלן פון פעסט אויסשטאַרבן.
28 און איך וועל מאַכן דאָס לאַנד אַ וויסט און וויסטעניש,
און פאַרשטערט וועט ווערן איר שטאָלצע מאַכט,
און די בערג פון ישראל וועלן זיין וויסט אָן אַ דורכגייער.
29 און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה,
ווען איך מאַך דאָס לאַנד אַ וויסט און וויסטעניש,
פאַר אַלע זייערע אומווערדיקייטן וואָס זיי האָבן געטאָן.

30 און דו מענטשנקינד,
די קינדער פון דיין פאָלק רעדן פון דיר,
ביז די ווענט, און אין די איינגאַנגען פון די הייזער,
און איינער רעדט מיטן אַנדערן,
איטלאַכער מיט זיין ברודער, אַזוי צו זאָגן:
קומט אַקאָרשט, און הערט,
וואָס איז דאָס וואָרט וואָס גייט אַרויס פון גאָט;
31 און זיי קומען צו דיר ווי אַ צונויפקום פון פאָלק;

א וואָרטשפּיל: בֶּחֳרָבוֹת-בַּחֶרֶב.

און זיי זיצן פֿאַר דיר, ווי כּלומרשט מיין פֿאָלק,
און זיי הערן צו דיינע ווערטער,
אָבער זיי טוען זיי ניט;
וואָרום מיט זייער מויל ווייזן זיי ליבשאַפֿט,
בעת נאָך זייער גייציקייט גייט זייער האַרץ.
32 און זע, ביסט בײַ זיי ווי אַ ליבעלידל
פֿון איינעם וואָס האָט אַ שיין קול, און שפּילט גוט;
און זיי הערן צו דיינע ווערטער,
אָבער זיי טוען זיי ניט.
33 אָבער ווען עס קומט—זע, עס קומט—
וועלן זיי וויסן אַז אַ נביא איז געווען צווישן זיי.

לד 1 און דאָס וואָרט פֿון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו
זאָגן:
2 מענטשנקינד, זאָג נביאות אויף די פּאַסטוכער פֿון ישׂראל;
זאָג נביאות, און זאָלסט זאָגן צו זיי, צו די פּאַסטוכער:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
וויי, די פּאַסטוכער פֿון ישׂראל
וואָס האָבן געפּיטערט זיך אַליין!
דאַרפֿן ניט די פּאַסטוכער די שאָף פּיטערן?
3 דאָס פֿעטס עסט איר אויף,
און מיט דער וואָל באַקליידט איר זיך,
די פֿעטע טוט איר שעכטן;
די שאָף פּיטערן טוט איר ניט.
4 די שלאַפֿע האָט איר ניט געשטאַרקט,
און די קראַנקע האָט איר ניט געהיילט,
און די צעבראָכענע האָט איר ניט אַרומגעבונדן,
און די פֿאַרשטויסענע האָט איר ניט אומגעקערט,

און די פֿאַרלאָרענע האָט איר ניט געזוכט,
און מיט געוואַלט האָט איר געוועלטיקט איבער זיי,
און מיט האַרטיקייט.
5און זיי זיינען צעשפּרייט געוואָרן, ווייל אָן אַ פּאַסטוך,
און געוואָרן צו שפּייז פֿאַר יעטוועדער חיה פֿון פֿעלד,
ווייל זיי זיינען צעשפּרייט געווען.
6האָבן געבלאָנדזשעט מיינע שאָף אויף אַלע בערג,
און אויף איטלאַכן הויכן בערגל;
און איבערן גאַנצן געזיכט פֿון דער ערד
זיינען צעשפּרייט געוואָרן מיינע שאָף,
און ניט געווען קיין פֿרעגער און קיין זוכער.

7דרום, איר פּאַסטוכער, הערט דאָס וואָרט פֿון גאָט:
8אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
פֿאַרוואָר, ווייל מיינע שאָף זיינען געוואָרן צו רויב,
און מיינע שאָף זיינען געוואָרן צו שפּייז
פֿאַר יעטוועדער חיה פֿון פֿעלד, ווייל אָן אַ פּאַסטוך,
און מיינע פּאַסטוכער האָבן ניט נאָכגעפֿרעגט אויף מיינע שאָף,
און די פּאַסטוכער האָבן געפּיטערט זיך אַליין,
און מיינע שאָף האָבן זיי ניט געפּיטערט,
9דרום, איר פּאַסטוכער, הערט דאָס וואָרט פֿון גאָט:
10אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך קום צו די פּאַסטוכער,
און וועל מאָנען מיינע שאָף פֿון זייער האַנט,
און וועל זיי אָפּשאַפֿן פֿון פּיטערן שאָף,
און די פּאַסטוכער וועלן מער ניט פּיטערן זיך אַליין;
און איך וועל מציל זיין מיינע שאָף פֿון זייער מויל,
און זיי וועלן מער ניט זיין זיי צו שפּייז.

11וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אָט בין איך, און איך וועל נאָכפֿרעגן אויף מײַנע שאָף,
און איך וועל זיי אויפֿזוכן.
12ווי אַ פּאַסטוך זוכט נאָך זײַן סטאַדע
אין דעם טאָג וואָס ער איז צווישן זײַנע שאָף די צעשפּרייטע,
אַזוי וועל איך נאָכזוכן מײַנע שאָף;
און איך וועל זיי מציל זײַן פֿון אַלע ערטער
וואָס זיי זײַנען צעשפּרייט געוואָרן אַהין
אין דעם טאָג פֿון וואָלקן און נעבל.
13און איך וועל זיי אַרויסציִען פֿון די פֿעלקער,
און וועל זיי אײַנזאַמלען פֿון די לענדער,
און וועל זיי ברענגען אויף זייער ערד;
און איך וועל זיי פּיטערן אויף די בערג פֿון ישׂראל,
בײַ די שטראָמען, און אין אַלע וווינערטער פֿון לאַנד.
14אויף אַ גוטער פּיטערונג וועל איך זיי פּיטערן,
און אויף די הויכע בערג פֿון ישׂראל וועט זײַן זייער לאָנקע;
דאָרטן וועלן זיי הויערן אין אַ גוטער לאָנקע,
און אַ פֿעטע פּיטערונג וועלן זיי זיך פּיטערן
אויף די בערג פֿון ישׂראל.
15איך וועל פּיטערן מײַנע שאָף,
און איך וועל זיי מאַכן הויערן,
זאָגט גאָט דער האַר.
16די פֿאַרלאָרענע וועל איך אויפֿזוכן,
און די פֿאַרשטויסענע וועל איך אומקערן,
און די צעבראָכענע וועל איך אַרומבינדן,
און די קראַנקע וועל איך שטאַרקן,
און די פֿעטע און די שטאַרקע וועל איך פֿאַרטיליקן;
מיט גערעכטיקייט וועל איך זיי פּיטערן.

17און איר מײַנע שאָף, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זעט, איך משפּט צווישן אַ לאַם און אַ לאַם,
די ווידערס און די בעק.
18ווײניק אײַך וואָס די בעסטע פּיטערונג פּיטערט איר אײַך,
אַז דעם איבערבלײַב פון אײַער פּיטערונג
צעטראַמפּלט איר מיט אײַערע פּיס?
און וואָס אָפּגעשטאַנען וואַסער טרינקט איר,
אַז דאָס איבעריקע צעקויטיקט איר מיט אײַערע פּיס?
19און מײַנע שאָף פּיטערן זיך
אויף וואָס אײַערע פּיס האָבן צעטראַמפּלט,
און טרינקען וואָס אײַערע פּיס האָבן צעקויטיקט.

20דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט צו זײ:
אָט בין איך, און איך וועל משפּטן
צווישן דעם פעטן לאַם און דעם מאָגערן לאַם.
21ווײַל מיט דער זײַט און מיטן אַקסל שטופּט איר,
און מיט אײַערע הערנער שטויסט איר, אַלע שלאַפע,
ביז איר האָט זײ צעשפּרײט דערויסן,
22דרום וועל איך העלפן מײַנע שאָף,
און זײ וועלן מער ניט זײַן צו רויב;
און איך וועל משפּטן צווישן אַ לאַם און אַ לאַם.
23און איך וועל אויפשטעלן איבער זײ אײן פּאַסטוך
וואָס וועט זײ פּיטערן—מײַן קנעכט דוד;
ער וועט זײ פּיטערן, און ער וועט זײ זײַן צום פּאַסטוך.
24און איך יהוה וועל זײ זײַן צום גאָט,
און מײַן קנעכט דוד אַ פירשט צווישן זײ;
איך יהוה האָב גערעדט.
25און איך וועל זײ שליסן אַ בונד פון שלום,

און וועל פֿאַרשטערן אַ בײזע חיה פֿון לאַנד,
און זײ װעלן זיצן אין מדבר אין זיכערקײט,
און שלאָפֿן אין די וועלדער.
26 און איך וועל מאַכן זײ און רונד אַרום מײַן באַרג
פֿאַר אַ בענטשונג;
און איך וועל מאַכן נידערן דעם רעגן אין זײַן צײַט;
געבענטשטע רעגנס וועלן דאָס זײַן.
27 און דער בוים פֿון פֿעלד וועט געבן זײַן פּרוכט,
און די ערד וועט געבן איר געוועקס;
און זײ וועלן זײַן אויף זײער ערד אין זיכערקײט;
און זײ וועלן וויסן אַז איך בין יהוה,
ווען איך צעברעך די שטאַנגען פֿון זײער יאָך,
און וועל זײ מציל זײַן פֿון דער האַנט
פֿון די וואָס אַרבעטן מיט זײ.
28 און זײ וועלן מער ניט זײַן אַ רויב פֿאַר די פֿעלקער,
און די חיה פֿון לאַנד וועט זײ ניט פֿאַרצערן;
און זײ וועלן זיצן אין זיכערקײט,
און קײנער וועט ניט שרעקן.
29 און איך וועל זײ אויפֿשטעלן אַ פֿלאַנצונג פֿאַר אַ שם,
און עס וועלן מער ניט זײַן אין לאַנד
אויסגעגאַנגענע פֿון הונגער,
און זײ וועלן מער ניט טראָגן
די שאַנד פֿון די פֿעלקער.
30 און זײ וועלן וויסן
אַז איך יהוה זײער גאָט בין מיט זײ,
און זײ, דאָס הויז פֿון ישׂראל, זײַנען מײַן פֿאָלק,
זאָגט גאָט דער האַר.
31 און איר זײַט מײַנע שאָף;

די מענטשנשאָף פון מיין פיטערונג זייט איר;
און איך בין אײַער גאָט, זאָגט גאָט דער האַר.

לה [1]און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו
זאָגן:
[2]מענטשנקינד, טו דיין פנים צו באַרג שֵׂעִיר,
און זאָג נביאות אויף אים;
[3]און זאָלסט זאָגן צו אים:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך קום צו דיר, באַרג שֵׂעִיר,
און וועל אויסשטרעקן מיין האַנט אויף דיר,
און וועל דיך מאַכן אַ וויסט און וויסטעניש.
[4]דיינע שטעט וועל איך חרב מאַכן,
און דו וועסט אַ וויסטעניש זיין;
און וועסט וויסן אַז איך בין יהוה.
[5]ווייל ביי דיר איז געווען אַן אייביקע שׂנאה,
און האָסט איבערגעענטפערט די קינדער פון ישׂראל
אין דער מאַכט פון שווערד,
אין דער צייט פון זייער בראָך,
אין דער צייט פון דער לעצטער פאַרזינדיקונג;
[6]דרום, אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
אַז צו בלוט וועל איך דיך מאַכן,
און בלוט וועט דיך נאָכיאָגן;
פאַרוואָר, אייגן בלוט האָסטו פיינט געהאַט,
דרום זאָל בלוט דיך נאָכיאָגן.
[7]און איך וועל מאַכן באַרג שֵׂעִיר
פאַר אַ וויסט און וויסטעניש,
און וועל פאַרשניידן פון אים גייער און קומער.

8און איך וועל אָנפילן זיינע בערג מיט זיינע דערשלאָגענע;
דיינע הייכן, און דיינע טאָלן, און אַלע דיינע גראָבנס—
דערשלאָגענע פון שווערד וועלן פאַלן אין זיי.
9אייביקע וויסטענישן וועל איך דיך מאַכן,
און דיינע שטעט וועלן ניט ווידערקערן;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.
10ווייל דו האָסט געזאָגט:
„די ביידע פעלקער און די ביידע לענדער וועלן מיינע ווערן,
און מיר וועלן זיי ירשען",
הגם גאָט איז דאָרט געווען,
11דרום, אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט דער האַר,
אַז איך וועל טאָן אַזוי ווי דיין צאָרן און ווי דיין קנאה
וואָס דו האָסט באַוויזן, פון דיין שׂנאה צו זיי;
און איך וועל באַוווסט ווערן צווישן זיי,
ווען איך וועל דיך משפטן.
12און וועסט וויסן אַז איך יהוה האָב געהערט
אַלע דיינע לעסטערונגען וואָס דו האָסט געזאָגט
אויף די בערג פון ישׂראל, אַזוי צו זאָגן:
פאַרוויסט זיינען זיי געוואָרן,
אונדז זיינען זיי געגעבן געוואָרן צו שפּייז.
13און איר האָט זיך געגרייסט קעגן מיר מיט אייער מויל,
און האָט געמערט קעגן מיר אַייערע ווערטער;
איך האָב געהערט.
14אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווען די גאַנצע ערד פרייט זיך,
וועל איך דיך מאַכן אַ וויסטעניש.
15אַזוי ווי דו האָסט זיך געפרייט
איבער דער נחלה פון דעם הויז פון ישׂראל,

פֿאַרוואָס זי איז וויסט געוואָרן,
אַזוי וועל איך טאָן צו דיר;
אַ וויסטעניש וועסטו ווערן, באַרג שֵׂעִיר,
און גאַנץ אֱדוֹם אין גאַנצן;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.

לו [1]און דו מענטשנקינד, זאָג נביאות
אויף די בערג פֿון ישׂראל,
און זאָלסט זאָגן: בערג פֿון ישׂראל,
הערט דאָס וואָרט פֿון גאָט.
[2]אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווייל דער פֿיינט האָט אויף אײַך געזאָגט: אַהאַ!
אויך די אייביקע הייכן זיינען אונדז צו ירושה געוואָרן.
[3]דרום זאָג נביאות, און זאָלסט זאָגן:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווייל און באַווייל מע האָט אײַך פֿאַרוויסט
און אײַנגעשלונגען פֿון רונד אַרום,
כּדי איר זאָלט ווערן אַ ירושה
פֿאַר די איבעריקע פֿעלקער,
און איר זייט געקומען אויף דעם גערייד פֿון צינגער,
און דער באַריידעריי פֿון מענטשן,
[4]דרום איר בערג פֿון ישׂראל,
הערט דאָס וואָרט פֿון גאָט דעם האַר:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר
צו די בערג און צו די הייכן,
צו די גראָבנס און צו די טאָלן,
און צו די וויסטע חורבות, און צו די פֿאַרלאָזענע שטעט,
וואָס זיינען געוואָרן צו רויב און צו שפּאָט

ביי די איבעריקע פעלקער וואָס פון רונד אַרום—
5 דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
פאַרוואָר, אין דעם פייער פון מיין צאָרן
האָב איך גערעדט וועגן די איבעריקע פעלקער,
און וועגן אֶדום אין גאַנצן,
וואָס האָבן געמאַכט מיין לאַנד זיך פאַר אַ ירושה,
מיט שמחה פון גאַנצן האַרצן,
מיט פאַראַכטונג פון דער זעל,
כדי עס צו פאַרטרייבן צוליב רויב.
6 דרום זאָג נביאות איבער דער ערד פון ישׂראל,
און זאָלסט זאָגן צו די בערג און צו די הייכן,
צו די גראָבנס און צו די טאָלן:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, אין מיין כּעס און אין מיין גרימצאָרן האָב איך גערעדט,
ווייל די שאַנד פון די פעלקער האָט איר געטראָגן.
7 דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
איך הייב אויף מיין האַנט[א],
אויב די פעלקער וואָס פון רונד אַרום אייך,
זיי גופא, וועלן ניט טראָגן זייער שאַנד!
8 און איר, בערג פון ישׂראל, וועט געבן אייערע צווייגן,
און טראָגן אייער פרוכט, פאַר מיין פאָלק ישׂראל;
וואָרום זיי זיינען נאָנט צו קומען.
9 וואָרום אָט קום איך צו אייך,
און איך וועל זיך קערן צו אייך,
און איר וועט באַאַרבעט ווערן, און פאַרזייט ווערן.
10 און איך וועל מערן אויף אייך מענטשן,
דאָס גאַנצע הויז פון ישׂראל אין גאַנצן;
און די שטעט וועלן באַזעצט ווערן,

א איך שווער.

און די חורבות וועלן אָפּגעבויט ווערן.
11און איך וועל מערן אויף אַייך מענטשן און בהמות,
און זיי וועלן זיך מערן און פרוכפּערן;
און איך וועל אַייך באַזעצן ווי אין אַײערע פריערדיקע צײַטן,
און וועל אַייך באַגיטיקן מער ווי אין אַײער אָנהײב;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.
12און איך וועל מאַכן אומגײן אויף אַייך מענטשן,
מײַן פאָלק ישׂראל;
און זיי וועלן דיך אַרבן,
און וועסט זיי זײַן פאַר אַ נחלה,
און וועסט זיי מער ניט ווידער פאַרוואַרפן.

13אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ווײַל מע זאָגט צו אַייך:
אַ מענטשנעסערן ביסטו,
און אַ פאַרוואַרפערן פון פעלקער ביסטו געוואָרן.
14דרום וועסטו מענטשן מער ניט עסן,
און דײַנע פעלקער וועסטו מער ניט פאַרוואַרפן,
זאָגט גאָט דער האַר.
15און איך וועל דיך מער ניט מאַכן הערן
די שאַנד פון די פעלקער,
און די חרפּה פון די אומות
וועסטו מער ניט טראָגן,
און דײַנע פעלקער וועסטו מער ניט מאַכן שטרויכלען,
זאָגט גאָט דער האַר.

16און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
17מענטשנקינד, דאָס הויז פון ישׂראל זיצנדיק אויף זײער ערד,

האָבן זיי זי פֿאַראומרייניקט מיט זייער וועג
און מיט זייערע מעשׂים;
אַזוי ווי די אומריינקייט פֿון אַן אָפּגעזונדערטער פֿרוי
איז געווען זייער וועג פֿאַר מיר.
18און איך האָב אויסגעגאָסן אויף זיי מיין גרימצאָרן
פֿאַר דעם בלוט וואָס זיי האָבן פֿאַרגאָסן אין לאַנד,
און ווייל מיט זייערע אָפּגעטער האָבן זיי עס פֿאַראומרייניקט.
19און איך האָב זיי צעשפּרייט צווישן די פֿעלקער,
און זיי זיינען צעוואָרפֿן געוואָרן אין די לענדער;
לויט זייער וועג און לויט זייערע מעשׂים
האָב איך זיי געמשפּט.
20און אַז זיי זיינען געקומען צו די פֿעלקער
וואָס זיי זיינען געקומען אַהין,
האָבן זיי פֿאַרשוועכט מיין הייליקן נאָמען,
אַז מע האָט אויף זיי געזאָגט:
דאָס פֿאָלק פֿון גאָט זיינען דידאָזיקע,
און פֿון זיין לאַנד קומען זיי אַרויס.
21און איך האָב געשוינט מיין הייליקן נאָמען,
וואָס דאָס הויז פֿון ישׂראל האָט אים פֿאַרשוועכט
צווישן די פֿעלקער וואָס זיי זיינען געקומען אַהין.

22דרום זאָג צו דעם הויז פֿון ישׂראל:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
ניט פֿון אַייערטוועגן טו איך, הויז פֿון ישׂראל,
נייערט פֿאַר מיין הייליקן נאָמען,
וואָס איר האָט פֿאַרשוועכט צווישן די פֿעלקער
וואָס איר זייט געקומען אַהין.
23און איך וועל הייליקן מיין גרויסן נאָמען,

וואָס איז פֿאַרשוועכט געוואָרן צווישן די פֿעלקער,
וואָס איר האָט פֿאַרשוועכט צווישן זיי;
און די פֿעלקער וועלן וויסן אַז איך בין יהוה,
זאָגט גאָט דער האַר,
ווען איך ווער געהייליקט דורך אײַך פֿאַר זייערע אויגן.
24און איך וועל אײַך צונויפֿנעמען פֿון די פֿעלקער,
און וועל אײַך אײַנזאַמלען פֿון אַלע לענדער,
און אײַך ברענגען אויף אײַער ערד.
25און איך וועל שפּריצן אויף אײַך ריינע וואַסער,
און איר וועט ריין ווערן;
פֿון אַלע אײַערע אומריינקייטן און פֿון אַלע אײַערע אָפּגעטער
וועל איך אײַך ריייניקן.
26און איך וועל אײַך געבן אַ ניי האַרץ,
און אַ ניי געמיט וועל איך אַרײַנגעבן אין אײַך,
און איך וועל אָפּטאָן דאָס האַרץ פֿון שטיין פֿון אײַער לײַב,
און וועל אײַך געבן אַ האַרץ פֿון פֿלייש.
27און מײַן גייסט וועל איך אַרײַנגעבן אין אײַך,
און וועל מאַכן אַז אין מײַנע חוקים זאָלט איר גיין,
און מײַנע געזעצן זאָלט איר היטן און טאָן.
28און איר וועט זיצן אין דעם לאַנד
וואָס איך האָב געגעבן אײַערע עלטערן,
און איר וועט מיר זײַן צום פֿאָלק,
און איך וועל אײַך זײַן צום גאָט.
29און איך וועל אײַך העלפֿן פֿון אַלע אײַערע אומריינקייטן;
און איך וועל רופֿן צו דער תּבֿואה, און וועל זי מערן,
און וועל ניט געבן אויף אײַך קיין הונגער.
30און איך וועל מערן די פּרוכט פֿון בוים,
און די וואַקסונג פֿון פֿעלד,

כדי איר זאָלט מער ניט אויסשטײן
די חרפּה פֿון הונגער צווישן די פֿעלקער.
31 און איר וועט זיך דערמאָנען אײַערע שלעכטע וועגן,
און אײַערע מעשׂים וואָס זײַנען ניט גוט געווען,
און איר וועט זיך עקלען פֿאַר זיך אַליין
איבער אײַערע זינד און איבער אײַערע אומווערדיקייטן.
32 ניט פֿון אײַערטוועגן טו איך, זאָגט גאָט דער האַר;
זאָל דאָס באַוווּסט זײַן צו אײַך;
זײַט אין בושה און שעמט אײַך פֿאַר אײַערע וועגן,
איר הויז פֿון ישׂראל.

33 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אין דעם טאָג וואָס איך רייניק אײַך פֿון אַלע אײַערע זינד,
וועל איך באַזעצן די שטעט,
און די חורבות וועלן אָפּגעבויט ווערן.
34 און דאָס פֿאַרוויסטע לאַנד וועט באַאַרבעט ווערן,
אָנשטאָט וואָס עס איז געווען אַ וויסטעניש
פֿאַר די אויגן פֿון איטלאַכן דורכגייער.
35 און מע וועט זאָגן:
דאָסדאָזיקע לאַנד דאָס פֿאַרוויסטע
איז געוואָרן ווי דער גאָרטן פֿון עֵדֶן,
און די שטעט די חרבֿע און פֿאַרוויסטע און צעשטערטע
זײַנען באַפֿעסטיקטע באַזעצט.
36 און וויסן וועלן די פֿעלקער
וואָס וועלן איבערבלײַבן רונד אַרום אײַך,
אַז איך יהוה האָב אָפּגעבויט די צעשטערטע ערטער,
האָב באַפֿלאַנצט דאָס פֿאַרוויסטע;
איך יהוה האָב גערעדט און וועל טאָן.

37אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אויך דערין װעל איך זיך לאָזן דערבעטן
פון דעם הויז פון ישׂראל, זיי צו טאָן:
איך װעל זיי מערן מענטשן װי שאָף.
38װי די הייליקע שאָף,
װי די שאָף פון ירושָלַיִם אין אירע יָום־טובים,
אַזוי װעלן זיין די חרבע שטעט פול מיט מענטשנשאָף;
און זיי װעלן װיסן אַז איך בין יהוה.

לז 1די האַנט פון גאָט איז געװען אויף מיר,
און ער האָט מיך אַרויסגעטראָגן מיט דעם גייסט פון גאָט,
און האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אין מיטן פון דעם טאָל,
און ער איז געװען פול מיט ביינער.
2און ער האָט מיך פאַרבייגעפירט פאַרביי זיי רונד אַרום,
ערשט זיי זיינען געװען זייער פיל איבערן טאָל,
און פאַרװאָר, זיי זיינען געװען זייער פאַרטריקנט.
3און ער האָט צו מיר געזאָגט:
מענטשנקינד, קענען דידאָזיקע ביינער לעבעדיק װערן?
האָב איך געזאָגט: גאָט דו האַר, דו װייסט דאָך.
4האָט ער צו מיר געזאָגט: זאָג נביאות צו דידאָזיקע ביינער,
און זאָלסט זאָגן צו זיי:
איר טרוקענע ביינער, הערט דאָס װאָרט פון גאָט:
5אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר צו דידאָזיקע ביינער:
זעט, איך ברענג אַריין אין אַייך אַן אָטעם,
און איר װעט לעבעדיק װערן.
6יאָ, איך װעל געבן אויף אַייך אָדערן,
און װעל אַרויפטאָן אויף אַייך פלייש,
און אַרויפציען אויף אַייך אַ הויט,

און אַרײַנגעבן אין אײַך אַן אָטעם,
און איר װעט לעבעדיק װערן;
און איר װעט װיסן אַז איך בין יהוה.

7און איך האָב נביאות געזאָגט
אַזױ װי איך בין באַפױלן געװאָרן;
און עס איז געװאָרן אַ גערויש,
װי איך האָב נביאות געזאָגט;
ערשט אַ גערודער,
און די בײנער האָבן גענעגט בײן צו זײַן בײן.
8און איך האָב געזען, ערשט אָדערן זײנען אויף זײ,
און פלײש איז אַרױפגעװאַקסן,
און אַ הויט האָט זיך אַריבערגעצויגן אויף זײ פון אויבן,
נאָר קײן אָטעם איז אין זײ ניט געװען.
9האָט ער צו מיר געזאָגט:
זאָג נביאות צו דעם אָטעם,
זאָג נביאות, דו מענטשנקינד,
און זאָלסט זאָגן צו דעם אָטעם:
אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
פון די פיר װינטן קום, דו אָטעם,
און הויך אַרײַן אין דידאָזיקע הרוגים,
אַז זײ זאָלן לעבעדיק װערן.

10און איך האָב נביאות געזאָגט
אַזױ װי ער האָט מיר באַפױלן,
און דער אָטעם איז אין זײ אַרײַן,
און זײ זײַנען לעבעדיק געװאָרן;
און זײ האָבן זיך געשטעלט אויף זײערע פיס,

אַ זייער זייער גרויסע מחנה.

11 און ער האָט צו מיר געזאָגט:

מענטשנקינד, די דאָזיקע ביינער, זיי זיינען
דאָס גאַנצע הויז פון ישׂראל;
זע, זיי זאָגן:
פאַרטריקנט זיינען אונדזערע ביינער,
און פאַרלאָרן איז אונדזער האָפֿונג;
פאַרשניטן זיינען מיר.

12 דרום זאָג נביאות, און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך עפֿן אַייערע קברים,
און וועל אַייך, מיין פאָלק, אויפברענגען פון אַייערע קברים.
און אַייך ברענגען אויף דער ערד פון ישׂראל.

13 און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה,
ווען איך עפֿן אַייערע קברים,
און ווען איך ברענג אַייך אויף, מיין פאָלק, פון אַייערע קברים,

14 און איך וועל אַריינגעבן מיין גייסט אין אַייך,
און איר וועט לעבעדיק ווערן;
און איך וועל אַייך באַרוּען אויף אַייער ערד;
און איר וועט וויסן אַז איך יהוה
האָב גערעדט און געטאָן, זאָגט יהוה.

15 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
16 און דו מענטשנקינד, נעם דיר איין האָלץ, און שרייב אָן אויף
אים: פאַר יהודה, און פאַר די קינדער פון ישׂראל זיינע חברים;
און נעם דיר איין האָלץ, און שרייב אָן אויף אים: פאַר יוסף—
דער האָלץ פון אפרים, און פון דעם גאַנצן הויז פון ישׂראל זיינע
חברים; 17 און גענען זיי דיר איינעם צום אַנדערן אין איין האָלץ,

אַז זיי זאָלן ווערן איינס אין דיין האַנט. [18]און אַז די קינדער
פון דיין פאָלק וועלן זאָגן צו דיר, אַזוי צו זאָגן: ווילסטו אונדז
ניט זאָגן וואָס דידאָזיקע זיינען דיר? [19]רעד צו זיי: אַזוי האָט
געזאָגט גאָט דער האַר: זעט, איך נעם דעם האָלץ פון יוסף
וואָס אין דער האַנט פון אפרים, און די שבטים פון ישׂראל זיינע
חברים, און איך וועל זיי צוטאָן צו אים אין איינעם מיט דעם
האָלץ פון יהודה, און איך וועל זיי מאַכן פאַר איין האָלץ, און
זיי וועלן ווערן איינער אין מיין האַנט. [20]און די העלצער וואָס
דו וועסט אויף זיי שרייבן, זאָלן זיין אין דיין האַנט פאַר זייערע
אויגן. [21]און רעד צו זיי:

אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך נעם צונויף די קינדער פון ישׂראל
פון צווישן די פעלקער, וואָס זיי זיינען אַוועק אַהין,
און איך וועל זיי איינזאַמלען פון רונד אַרום,
און וועל זיי ברענגען אויף זייער ערד.
[22]און איך וועל זיי מאַכן פאַר איין פאָלק אין לאַנד,
אויף די בערג פון ישׂראל,
און איין מלך וועט זיין ביי זיי אַלעמען צום מלך;
און זיי וועלן מער ניט זיין אין צוויי פעלקער,
און וועלן מער ניט צעטיילט ווערן ווידער אין צוויי מלוכות.
[23]און זיי וועלן זיך מער ניט פאַראומריייניקן
מיט זייערע אָפּגעטער, און מיט זייערע אומווערדיקייטן,
און מיט אַלע זייערע פאַרברעכן;
און איך וועל זיי העלפן פון אַלע זייערע וווינערטער
וואָס זיי האָבן געזינדיקט אין זיי,
און איך וועל זיי רייניקן;
און זיי וועלן מיר זיין צום פאָלק,
און איך וועל זיי זיין צום גאָט.

24און מײַן קנעכט דוד װעט זײַן אַ מלך איבער זײ,
און אײן פּאַסטוך װעט זײַן בײַ זײ אַלעמען;
און אין מײַנע געזעצן װעלן זײ גײן,
און מײַנע חוקים װעלן זײ היטן און זײ טאָן.
25און זײ װעלן זיצן אויף דעם לאַנד
װאָס איך האָב געגעבן צו מײַן קנעכט, צו יעקבן,
װאָס אײַערע עלטערן זײַנען געזעסן דערין;
און זײ װעלן זיצן דערויף,
זײ, און זײערע קינדער, און זײערע קינדסקינדער ביז אײביק;
און מײַן קנעכט דוד װעט זײ זײַן אַ פירשט אויף אײביק.
26און איך װעל זײ שליסן אַ בונד פֿון שלום—
אַן אײביקער בונד װעט עס זײַן מיט זײ;
און איך װעל זײ באַזעצן, און זײ מערן,
און װעל מאַכן מײַן הײליקטום צװישן זײ אויף אײביק.
27און מײַן רואונג װעט זײַן איבער זײ;
און איך װעל זײ זײַן צום גאָט,
און זײ װעלן מיר זײַן צום פֿאָלק.
28און די פֿעלקער װעלן װיסן אַז איך יהוה הײליק ישׂראל,
װען מײַן הײליקטום װעט זײַן צװישן זײ אויף אײביק.

לח 1און דאָס װאָרט פֿון גאָט איז געװען צו מיר, אַזױ צו זאָגן:
2מענטשנקינד, טו דײַן פּנים צו גוֹגן אין לאַנד מָגוֹג,
דעם אויבערפֿירשט פֿון מֶשֶך און תּוּבַל,
און זאָג נבֿיאות אויף אים;
3און זאָלסט זאָגן: אַזױ האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך קום צו דיר, גוֹג,
דו אויבערפֿירשט פֿון מֶשֶך און תּוּבַל.

4 און איך וועל דיך פֿאַרנאַרן,
און וועל אַרײַנטאָן רינגען אין דײַנע קינבאַקן,
און וועל דיך אַרויסציִען מיט דײַן גאַנצן חיל,
פֿערד און רײַטער, פּראַכטיק אָנגעטאָן אַלע,
אַ גרויס געזעמל, מיט פּאַנצערס און שילדן,
וואָס האַלטן שווערדן אַלע.
5 פָּרַס, כּוּש, און פּוּט מיט זיי,
אַלע מיט שילדן און קיווערס.
6 גוֹמֶר, און אַלע אירע מחנות,
דאָס הויז פֿון תּוֹגַרְמָה,
די עקן פֿון צפֿון, און אַלע זײַערע מחנות–
פֿיל פֿעלקער מיט דיר.
7 ברייט דיך אָן און זיי אָנגעברייט,
דו און אַלע דײַנע געזעמלען
וואָס זײַנען אײַנגעזאַמלט אַרום דיר,
און זײַ בײַ זיי אָפּגעהיט.
8 אין פֿיל טעג אַרום וועסטו באַפֿוילן ווערן,
אין סוֹף פֿון די יאָרן וועסטו קומען אויף אַ לאַנד
וואָס איז אומגעקערט פֿון שווערד,
וואָס איז אײַנגעזאַמלט פֿון פֿיל פֿעלקער–
אויף די בערג פֿון ישׂראל,
וואָס זײַנען געווען אַ שטענדיקע וויסטעניש;
אָבער עס איז אַרויסגעצויגן געוואָרן פֿון די פֿעלקער,
און זיי זיצן אין זיכערקייט אַלע.
9 און וועסט אַרויפֿגיין ווי עס קומט אַ געוויטער,
ווי אַ וואָלקן צו באַדעקן די ערד וועסטו זײַן,
דו און אַלע דײַנע מחנות, און פֿיל פֿעלקער מיט דיר.

10אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
וועלן דיר אַרויפקומען זאַכן אויפן האַרצן,
און וועסט טראַכטן אַ בייזע טראַכטונג.
11און וועסט זאָגן:
איך וועל אַרויפגיין אויף דעם לאַנד פון אָפענע שטעט,
איך וועל קומען אויף די רואיקע וואָס זיצן אין זיכערקייט,
וואָס זיצן אַלע אָן אַ מויער,
און ניטאָ ביי זיי ריגל און טויערן;
12צו רויבן זאַקרויב, און צו ראַבעווען רויב,
צו לייגן דיין האַנט אויף חורבות באַזעצטע,
און אויף אַ פאָלק אײַנגעזאַמלט פון פיל פעלקער,
וואָס האָט אָנגעשאַפט פי און פאַרמעג—
די וואָס זיצן אויפן נאָפּל פון דער ערד.
13שבאָ, און דדָן, און די סוחרים פון תּרשיש,
און אַלע אירע יונגלייבן, וועלן זאָגן צו דיר:
קומסטו זאַקרויב צו רויבן?
האָסטו אײַנגעזאַמלט דיין געזעמל רויב צו ראַבעווען?
זילבער און גאָלד אַוועקצוטראָגן?
פי און פאַרמעג אַוועקצונעמען?
פיל זאַקרויב צו רויבן?

14דרום זאָג נביאות, דו מענטשנקינד,
און זאָלסט זאָגן צו גוגן:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
פאַרוואָר, אין יענעם טאָג
וואָס מיין פאָלק ישׂראל זיצט אין זיכערקייט,
וועסטו זיך דערוויסן.

15 און וועסט קומען פון דיין אָרט,
פון די עקן פון צפון,
דו, און פיל פעלקער מיט דיר,
רייטער אויף פערד אַלע,
אַ גרויס געזעמל, און חיל אַ סך.
16 און וועסט אַרויפגיין אויף מיין פאָלק ישׂראל
ווי אַ וואָלקן צו באַדעקן די ערד—
אין סוף פון די טעג וועט דאָס זיין—
און איך וועל דיך ברענגען אויף מיין לאַנד,
כּדי די אומות זאָלן מיך דערקענען,
ווען איך וועל געהייליקט דורך דיר, גוג,
פאַר זייערע אויגן.

17 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
דו ביסט דאָך דער וואָס איך האָב אָנגעזאָגט
אין פריערדיקע טעג דורך מיינע קנעכט
די נביאים פון ישׂראל,
וואָס האָבן נביאות געזאָגט אין יענע טעג
יאָרן נאָכאַנאַנד,
אַז איך וועל דיך ברענגען אויף זיי.
18 און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
אין דעם טאָג וואָס גוג קומט אויף דער ערד פון ישׂראל,
זאָגט גאָט דער האַר,
וועט אויפגיין מיין גרימצאָרן אין מיין נאָז.
19 און אין מיין פאַרדראָס,
אין דעם פייער פון מיין צאָרן האָב איך גערעדט:
אויב אין יענעם טאָג וועט ניט זיין
אַ גרויסע ציטערניש אויף דער ערד פון ישׂראל!

20און ציטערן וועלן פֿאַר מיר די פֿישן פֿון ים,
און דער פֿויגל פֿון הימל,
און די חיה פֿון פֿעלד,
און יעטוועדער שרץ וואָס קריכט אויף דער ערד,
און יעטוועדער מענטש וואָס אויפֿן געזיכט פֿון דער ערד;
און צעשטערט ווערן וועלן די בערג,
און איינפֿאַלן וועלן די פֿעלזטרעפּ,
און יעטוועדער מויער וועט צו דער ערד פֿאַלן.
21און איך וועל רופֿן קעגן אים אויף אַלע מיינע בערג אַ שווערד,
זאָגט גאָט דער האַר;
איינעמס שווערד וועט זיין קעגן אַנדערן.
22און איך וועל זיך משפּטן מיט אים,
מיט פּעסט און מיט בלוט;
און אַ פֿלייציקן רעגן, און האָגלשטיינער, פֿייער, און שוועבל,
וועל איך מאַכן רעגענען אויף אים און אויף זיינע מחנות,
און אויף די פֿיל פֿעלקער וואָס מיט אים.
23און איך וועל געגרייסט ווערן און געהייליקט ווערן,
און איך וועל זיך לאָזן דערקענען פֿאַר די אויגן פֿון פֿיל אומות,
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.

לט 1און דו מענטשנקינד, זאָג נביאות אויף גוג,
און זאָלסט זאָגן:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך קום צו דיר, גוג,
דו אויבערפֿירשט פֿון מֶשֶך און תּובַל.
2און איך וועל דיך פֿאַרנאַרן, און דיך פֿירן,
און וועל דיך אויפֿברענגען פֿון די עקן פֿון צפֿון,
און דיך ברענגען אויף די בערג פֿון ישׂראל.

3און איך וועל אַרויסשלאָגן דיין בויגן פון דיין לינקער האַנט,
און דיינע פיילן וועל איך פון דיין רעכטער האַנט מאַכן
אַרויספאַלן.
4אויף די בערג פון ישׂראל וועסטו פאַלן,
דו, און אַלע דיינע מחנות,
און די פעלקער וואָס מיט דיר;
פאַר אַלערליי געפליגלטע רויבפויגלען
און די חיות פון פעלד,
האָב איך דיך געגעבן צו שפּייז.
5אויפן פרייען פעלד וועסטו פאַלן,
וואָרום איך האָב גערעדט, זאָגט גאָט דער האַר.
6און איך וועל אָנשיקן אַ פייער אויף מָגוֹג,
און אויף די וואָס זיצן אויף די אינזלען אין זיכערקייט;
און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה.
7און מיין הייליקן נאָמען
וועל איך באַוווּסט מאַכן צווישן מיין פאָלק ישׂראל,
און איך וועל מער ניט לאָזן פאַרשוועכט ווערן
מיין הייליקן נאָמען;
און די פעלקער וועלן וויסן
אַז איך יהוה בין הייליק אין ישׂראל.
8זע, עס קומט, און עס געשעט, זאָגט גאָט דער האַר;
דאָס איז דער טאָג וואָס איך האָב אָנגעזאָגט.
9און די באַוווינער פון די שטעט פון ישׂראל וועלן אַרויסגיין,
און וועלן ברענען און הייצן
מיט וואָפן און שילדן און פאַנצערס,
מיט בויגנס און מיט פיילן,
און מיט האַנטשטעקנס און מיט שפּיזן,
און זיי וועלן ברענען פייער דערמיט זיבן יאָר.

10און זיי וועלן ניט נעמען האָלץ פֿון פֿעלד,
און ניט האַקן פֿון די וועלדער,
נייערט מיטן וואָפֿן וועלן זיי ברענען פֿייער;
און זיי וועלן באַראַבעווען זייערע באַראַבעווער.
און באַרויבן זייערע רויבער,
זאָגט גאָט דער האַר.
11און עס וועט זיין אין יענעם טאָג, וועל איך געבן גוגן אַן
אָרט פֿאַר אַ קבר אין ישׂראל, דעם טאָל פֿון די דורכגייער צום
מזרח פֿון ים; און עס וועט פֿאַרשפּאַרן די דורכגייער דעם וועג;
און מע וועט דאָרטן באַגראָבן גוגן און זיין גאַנצן המון, און
מע וועט עס רופֿן גֵי־הֲמון־גוג[א]. 12און דאָס הויז פֿון ישׂראל וועט
זיי באַגראָבן זיבן חדשים נאָכאַנאַנד, כּדי צו רייניקן דאָס לאַנד.
13און דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿון לאַנד וועט זיי באַגראָבן; און זיי
וועט זיין פֿאַר אַ שם דער טאָג וואָס איך ווער געערלאַכט,
זאָגט גאָט דער האַר. 14און שטענדיקע לייט וועט מען אָפּשיידן
וואָס וועלן דורכגיין דורכן לאַנד, צו באַגראָבן מיט די דורכ־
גייער די וואָס זיינען געבליבן אויפֿן געזיכט פֿון לאַנד, כּדי עס
צו רייניקן—צום סוף פֿון זיבן חדשים וועלן זיי עס דורכזוכן.
15און אַז די דורכגייער וועלן דורכגיין דורכן לאַנד, און עמיצער
וועט דערזען אַ ביין פֿון אַ מענטשן, וועט ער אויפֿשטעלן
דערביי אַ צייכן, ביז די באַגרעבער וועלן אים באַגראָבן אין גֵי־
הֲמון־גוג. 16און הֲמוֹנָה[ב] וועט אויך זיין דער נאָמען פֿון אַ שטאָט.
אַזוי וועלן זיי רייניקן דאָס לאַנד.
17און דו מענטשנקינד, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זאָג צו אַלערליי געפֿליגלטע פֿויגלען,
און צו אַלע חיות פֿון פֿעלד:
זאַמלט אייך איין, און קומט;
קלייבט אייך אויף פֿון רונד אַרום

א דער טאָל פֿון גוגס המון אָדער מאַסע. ב המון, מאַסע.

צו מײַן שלאַכטונג װאָס איך שלאַכט פֿאַר אײַך,
אַ גרױסע שלאַכטונג אױף די בערג פֿון ישׂראל,
און איר װעט עסן פֿלײש, און טרינקען בלוט.
18פֿלײש פֿון גיבורים װעט איר עסן,
און בלוט פֿון פֿירשטן פֿון דער ערד װעט איר טרינקען;
װידערס, לעמער, און בעק,
אָקסן, געשטאָפּטע פֿון בָשָן אַלע.
19און איר װעט עסן פֿעטס צו זאַט,
און װעט טרינקען בלוט צום שיכּור װערן,
פֿון מײַן שלאַכטונג װאָס איך האָב געשלאַכט פֿאַר אײַך.
20און איר װעט זיך זעטן בײַ מײַן טיש מיט פֿערד און רײַטער,
מיט גיבורים און אַלערלײ מלחמה־לײַט,
זאָגט גאָט דער האַר.
21און איך װעל געבן מײַן כּבֿוד צװישן די פֿעלקער,
און אַלע פֿעלקער װעלן זען מײַן משפּט װאָס איך האָב געטאָן,
און מײַן האַנט װאָס איך האָב אַרױפֿגעטאָן אױף זײ.
22און דאָס הױז פֿון ישׂראל װעט װיסן
פֿון יענעם טאָג אָן און װײַטער,
אַז איך בין יהוה זײער גאָט.
23און די פֿעלקער װעלן װיסן,
אַז דורך זײערע זינד איז אין גָלות אַװעק דאָס הױז פֿון ישׂראל,
פֿאַרװאָס זײ האָבן געפֿעלשט אָן מיר,
און איך האָב פֿאַרבאָרגן מײַן פּנים פֿון זײ;
און איך האָב זײ געגעבן אין דער האַנט פֿון זײערע פֿײַנט,
און זײ זײַנען געפֿאַלן דורכן שװערד אַלע.
24לױט זײער אומרײנקײט און לױט זײערע פֿאַרברעכן
האָב איך געטאָן מיט זײ,
און פֿאַרבאָרגן מײַן פּנים פֿון זײ.

25פֿאַרוואָר, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
אַצונד וועל איך אומקערן די געפֿאַנגענשאַפֿט פֿון יעקבֿ,
און וועל דערבאַרימען דאָס גאַנצע הויז פֿון ישׂראל;
און איך וועל זיך אָננעמען פֿאַר מײַן הייליקן נאָמען.
26און זיי וועלן טראָגן זייער שאַנד,
און זייער גאַנצע פֿעלשונג וואָס זיי האָבן געפֿעלשט אָן מיר,
ווען זיי זיצן אויף זייער ערד אין זיכערקייט,
און קיינער שרעקט זיי ניט;
27ווען איך קער זיי צוריק פֿון די פֿעלקער,
און וועל זיי אײַנזאַמלען פֿון די לענדער פֿון זייערע פֿײַנט,
און וועל געהייליקט ווערן דורך זיי
פֿאַר די אויגן פֿון פֿיל אומות.
28און זיי וועלן וויסן אַז איך בין יהוה זייער גאָט,
ווען איך פֿאַרטרײַב זיי צו די אומות,
און וועל זיי דערנאָך אײַנזאַמלען אויף זייער ערד;
און איך וועל פֿון זיי מער ניט איבערלאָזן דאָרטן.
29און איך וועל מער ניט פֿאַרבאָרגן מײַן פּנים פֿון זיי,
וואָרום איך האָב אויסגעגאָסן מײַן גײַסט
אויף דעם הויז פֿון ישׂראל,
זאָגט גאָט דער האַר.

מ 1אין פֿינף און צוואַנציקסטן יאָר פֿון אונדזער גלות, אין
אָנהייב יאָר, אין צענטן טאָג פֿון חודש, אין פֿערצנטן יאָר
נאָכדעם ווי די שטאָט איז געשלאָגן געוואָרן, גענוי אין דעם־
דאָזיקן טאָג, איז געווען אויף מיר די האַנט פֿון גאָט, און ער האָט
מיך אַהין געבראַכט. 2אין זעאונגען פֿון גאָט האָט ער מיך
געבראַכט קיין ארץ־ישׂראל, און ער האָט מיך אַראָפּגעלאָזט
אויף אַ זייער הויכן באַרג, און אויף אים איז געווען אַזוי ווי דאָס

געבוי פון אַ שטאָט, אין דָרום. 3און ער האָט מיך אַהין
געבראַכט, ערשט דאָרטן איז אַ מאַן וואָס זיין אויסזען איז אַזוי
ווי דאָס אויסזען פון קופּער, און אַ פלאַקסענע שנור איז אין
זיין האַנט, און אַ מעסטשטאַנג; און ער שטייט אין טויער. 4און
דער מאַן האָט צו מיר גערעדט: מענטשנקינד, זע מיט דיינע
אויגן, און מיט דיינע אויערן הער, און לייג צו דיין האַרץ צו
אַלץ וואָס איך ווייז דיר, וואָרום כדי דיר צו ווייזן ביסטו
געבראַכט געוואָרן אַהער; דערציייל אַלץ וואָס דו זעסט צו
דעם הויז פון ישׂראל.

5און זע, אַ מויער איז געווען דרויסן פון דעם הויז רונד
אַרום; און אין דער האַנט פון דעם מאַן איז געווען אַ מעסט־
שטאַנג פון זעקס איילן, איטלאַכע פון אַן אייל מיט אַ האַנט־
ברייט; און ער האָט אָפּגעמאָסטן די ברייט פון דעם בנין, איין
שטאַנג, און די הייך איין שטאַנג.

6און ער איז געקומען צו אַ טויער וואָס זיין פּאָדערזייט איז
געווען צו מזרח, און ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף זיינע טרעפּ,
און האָט אָפּגעמאָסטן די שוועל פון דעם טויער, איין שטאַנג די
ברייט—די איין שוועל, איין שטאַנג די ברייט. 7און איטלאַכער
אַלקער איז געווען איין שטאַנג די לענג, און איין שטאַנג די ברייט,
און צווישן די אַלקערס פינף איילן; און די שוועל פון דעם טויער
לעבן דעם פירהויז פון טויער פון אינעווייניק איז געווען איין
שטאַנג. 8און ער האָט אָפּגעמאָסטן דאָס פירהויז פון טויער
פון אינעווייניק, איין שטאַנג. 9און ער האָט אָפּגעמאָסטן דאָס
פירהויז פון טויער, אַכט איילן, און זיינע טירזיילן, צוויי איילן;
און דאָס פירהויז פון טויער איז געווען פון אינעווייניק. 10און
די אַלקערס פון דעם טויער צו מזרח זיינען געווען דריי פון
דער זייט, און דריי פון דער אַנדער זייט; איין מאָס פאַר זיי
דרייען, און איין מאָס פאַר די טירזיילן פון דער זייט און פון

דער אַנדער זײַט. [11]און ער האָט אָפּגעמאָסטן די ברייט פֿון
דעם טויער־אײַנגאַנג, צען איילן; די לענג פֿון טויער, דרײַצן
איילן. [12]און אַן אַרומצאָם איז געווען פֿאַר די אַלקערס, איין
אייל [פֿון דער זײַט], און איין אייל אַרומצאָם פֿון דער אַנדער
זײַט; און די אַלקערס זײַנען געווען זעקס איילן פֿון דער זײַט,
און זעקס איילן פֿון דער אַנדער זײַט. [13]און ער האָט אָפּ־
געמאָסטן דעם טויער, פֿון דעם דאַך פֿון איין אַלקער צו דעם
אַנטקעגנדיקן דאַך, פֿינף און צוואַנציק איילן די ברייט; אַן
עפֿענונג קעגן אַן עפֿענונג. [14]און ער האָט געמאַכט די טירזײַלן
זעכציק איילן, ביז אויף די טירזײַלן פֿון הויף אין די טויערן
רונד אַרום. [15]און פֿון דער פֿאָדערזײַט פֿון דעם אײַנגאַנגטויער
ביז דער פֿאָדערזײַט פֿון דעם אינעווייניקסטן פֿירהויז פֿון טויער
איז געווען פֿופֿציק איילן. [16]און שמאָלע פֿענצטער זײַנען געווען
אין די אַלקערס, און אין זייערע טירזײַלן, אינעווייניקצו צום
טויער רונד אַרום, און אַזוי אין די געוועלבן; און פֿענצטער
רונד אַרום אינעווייניקצו; און אויף די טירזײַלן טײַטלבוימער.
[17]און ער האָט מיך געבראַכט אין דעם אויסנווייניקסטן
הויף, ערשט דאָרטן זײַנען קאַמערן, און אַ פֿלאַסטערונג איז
געמאַכט אין הויף רונד אַרום; דרײַסיק קאַמערן אויף דער
פֿלאַסטערונג. [18]און די פֿלאַסטערונג איז געווען בײַ דער זײַט
פֿון די טויערן אַקעגן דער לענג פֿון די טויערן—די אונטערשטע
פֿלאַסטערונג. [19]און ער האָט אָפּגעמאָסטן די ברייט, פֿון פֿאַר
דעם אונטערשטן טויער ביז פֿאַר דעם אינעווייניקסטן הויף פֿון
אויסנווייניק, הונדערט איילן, אין מזרח און אין צפֿון.
[20]און דעם טויער פֿון דעם אויסנווייניקסטן הויף וואָס
זײַן פֿאָדערזײַט איז געווען צו צפֿון, האָט ער אויסגעמאָסטן,
זײַן לענג און זײַן ברייט. [21]און זײַנע אַלקערס זײַנען געווען דרײַ
פֿון דער זײַט און דרײַ פֿון דער אַנדער זײַט; און זײַנע טירזײַלן

און זיינע געוועלבן אַזוי ווי די מאָס פון דעם ערשטן טויער;
פופציק איילן זיין לענג, און די ברייט פינף און צוואַנציק איילן.
[22]און זיינע פענצטער, און זיינע געוועלבן, און זיינע טײטל־
בוימער, אַזוי ווי די מאָס פון דעם טויער וואָס זיין פּאָדערזייט
איז געווען צו מזרח; און אויף זיבן טרעפּ איז מען אַרויפגעגאַנגען
אין אים; און זיינע געוועלבן זיינען געווען פאַר זיי. [23]און אַ
טויער צום אינעווייניקסטן הויף איז געווען קעגן טויער צו צפון,
און צו מזרח; און ער האָט אָפּגעמאָסטן פון טויער צו טויער
הונדערט איילן.
[24]און ער האָט מיך געפירט צו דָרום, ערשט דאָרטן איז
אַ טויער צו דָרום; און ער האָט אָפּגעמאָסטן זיינע טירזיילן
און זיינע געוועלבן אַזוי ווי יענע מאָסן. [25]און פענצטער זיינען
געווען אין אים, און אין זיינע געוועלבן רונד אַרום, אַזוי ווי יענע
פענצטער; פופציק איילן די לענג, און די ברייט פינף און
צוואַנציק איילן. [26]און זיבן טרעפּ זיינען געווען זיין אַרויפגאַנג,
און זיינע געוועלבן זיינען געווען פאַר זיי; און ער האָט געהאַט
טײטלבוימער, איינעם פון דער זייט, און איינעם פון דער
אַנדער זייט, אויף זיינע טירזיילן. [27]און אַ טויער איז געווען
צום אינעווייניקסטן הויף אַקעגן דָרום; און ער האָט אָפּגעמאָסטן
פון טויער צו טויער אַקעגן דָרום הונדערט איילן.
[28]און ער האָט מיך געבראַכט צום אינעווייניקסטן הויף
דורך דעם טויער פון דָרום, און ער האָט אָפּגעמאָסטן דעם
טויער פון דָרום אַזוי ווי יענע מאָסן. [29]און זיינע אַלקערס, און
זיינע טירזיילן, און זיינע געוועלבן, זיינען געווען אַזוי ווי יענע
מאָסן; און פענצטער זיינען געווען אין אים, און אין זיינע
געוועלבן רונד אַרום; פופציק איילן די לענג, און די ברייט
פינף און צוואַנציק איילן. [30]און געוועלבן זיינען געווען רונד
אַרום; די לענג איז געווען פינף און צוואַנציק איילן, און די

ברייט פינף איילן. 31און זיינע געוועלבן זיינען געווען צום
אויסנווייניקסטן הויף צו, און טייטלבוימער זיינען געווען אויף
זיינע טירזיילן; און אַכט טרעפּ זיינען געווען זיין אַרויפגאַנג.
32און ער האָט מיך געבראַכט אין דעם אינעווייניקסטן הויף
אַקעגן מזרח, און ער האָט אָפּגעמאָסטן דעם טויער אַזוי ווי
יענע מאָסן. 33און זיינע אַלקערס, און זיינע טירזיילן, און זיינע
געוועלבן, זיינען געווען אַזוי ווי יענע מאָסן; און פענצטער זיינען
געווען אין אים, און אין זיינע געוועלבן רונד אַרום; די לענג
פופציק איילן, און די ברייט פינף און צוואַנציק איילן. 34און
זיינע געוועלבן זיינען געווען צום אויסנווייניקסטן הויף צו, און
טייטלבוימער זיינען געווען אויף זיינע טירזיילן, פון דער זייט
און פון דער אַנדער זייט; און אַכט טרעפּ זיינען געווען זיין
אַרויפגאַנג.
35און ער האָט מיך געבראַכט צו דעם טויער פון צפון, און
האָט אָפּגעמאָסטן אַזוי ווי יענע מאָסן—36זיינע אַלקערס, און
זיינע טירזיילן, און זיינע געוועלבן; און פענצטער זיינען געווען
אין אים רונד אַרום; די לענג פופציק איילן, און די ברייט פינף
און צוואַנציק איילן. 37און זיינע טירזיילן זיינען געווען צום
אויסנווייניקסטן הויף צו, און טייטלבוימער זיינען געווען אויף
זיינע טירזיילן, פון דער זייט און פון דער אַנדער זייט; און אַכט
טרעפּ זיינען געווען זיין אַרויפגאַנג.
38און אַ קאַמער איז געווען, מיט איר אַיינגאַנג אין די טיר־
זיילן פון די טויערן; דאָרטן זאָל מען אָפּשווענקען דאָס בראַנד־
אָפּפער. 39און אין דעם פירהויז פון טויער זיינען געווען צוויי
טישן פון דער זייט, און צוויי טישן פון דער אַנדער זייט, צו
שעכטן אויף זיי דאָס בראַנדאָפּפער, און דאָס זינדאָפּפער,
און דאָס שולדאָפּפער. 40און אויף איין זייט פון דרויסן, ווי
מע גייט אַרויף צום אַיינגאַנג פון צפון־טויער, זיינען געווען צוויי

טישן, און אויף דער אַנדער זיין פֿון דעם פֿירהויז וואָס צום
טויער צוויי טישן. [41]פֿיר טישן פֿון דער זייט, און פֿיר טישן פֿון
דער אַנדער זייט, ביין זייט פֿון טויער—אַכט טישן וואָס אויף
זיי זאָל מען שעכטן. [42]און פֿיר טישן פֿאַרן בראַנדאָפּפֿער,
פֿון געהאַקטע שטיינער, די לענג אַן אייל און אַ האַלב, און די
ברייט אַן אייל און אַ האַלב, און די הייך אַן אייל, וואָס אויף זיי
זאָל מען אַוועקלייגן די כּלים וואָס מע שעכט מיט זיי דאָס
בראַנדאָפּפֿער און דאָס שלאַכטאָפּפֿער. [43]און האָקן פֿון איין
האַנטברייט זיינען געווען באַפֿעסטיקט אינעווייניק רונד אַרום;
און אויף די טישן האָט געזאָלט זיין דאָס פֿלייש פֿון דעם קרבן.
[44]און דרויסן פֿון דעם אינעווייניקסטן טויער זיינען געווען
קאַמערן פֿאַר די וועכטער אין דעם אינעווייניקסטן הויף וואָס
ביין זייט פֿון צפֿון־טויער, און זייער פֿאָדערזייט איז געווען צו
דָרום; איינע ביין זייט פֿון מזרח־טויער מיט דער פֿאָדערזייט
צו צפֿון. [45]און ער האָט צו מיר געזאָגט: דידאָזיקע קאַמער
וואָס איר פֿאָדערזייט איז צו דָרום, איז פֿאַר די כּהנים וואָס
היטן די היטונג פֿון הויז. [46]און די קאַמער וואָס איר פֿאָדערזייט
איז צו צפֿון, איז פֿאַר די כּהנים וואָס היטן די היטונג פֿון מזבח;
דאָס זיינען די קינדער פֿון צָדוֹק, די פֿון די קינדער פֿון לֵוִי וואָס
גענענען צו גאָט, אים צו דינען.

[47]און ער האָט אויסגעמאָסטן דעם הויף, די לענג הונדערט
איילן, און די ברייט הונדערט איילן, פֿירעקעכדיק; און דער
מזבח איז געווען פֿאַרן הויז.

[48]און ער האָט מיך געבראַכט צום פֿאָליש פֿון דעם הויז,
און האָט אָפּגעמאָסטן די טירזיילן פֿון דעם פֿאָליש, פֿינף איילן
פֿון דער זייט, און פֿינף איילן פֿון דער אַנדער זייט; און די ברייט
פֿון דעם טויער, דריי איילן פֿון דער זייט, און דריי איילן פֿון
דער אַנדער זייט. [49]די לענג פֿון דעם פֿאָליש צוואַנציק איילן,

און די ברייט עלף איילן; און מיט טרעפּ איז מען אַרויפֿגעגאַנגען
צו אים; און ויילן זיינען געווען לעבן די טירזיילן, איינער פֿון
דער זייט, און איינער פֿון דער אַנדער זייט.

מא [1]און ער האָט מיך געבראַכט צום היכל, און האָט אָפּ־
געמאָסטן די טירזיילן, זעקס איילן די ברייט פֿון דער
זייט, און זעקס איילן די ברייט פֿון דער אַנדער זייט—די ברייט
פֿון דעם געצעלט. [2]און די ברייט פֿון דעם אַיינגאַנג צען איילן,
און די זייטן פֿון דעם אַיינגאַנג פֿינף איילן פֿון דער זייט, און פֿינף
איילן פֿון דער אַנדער זייט. און ער האָט אָפּגעמאָסטן זיין
לענג, פֿערציק איילן, און די ברייט, צוואַנציק איילן.
[3]און ער איז אַריינגעגאַנגען אינעווייניק, און האָט אָפּ־
געמאָסטן די טירזיילן פֿון דעם אַיינגאַנג, צוויי איילן, און דעם
אַיינגאַנג, זעקס איילן, און די ברייט פֿון דעם אַיינגאַנג, זיבן
איילן. [4]און ער האָט אָפּגעמאָסטן זיין לענג, צוואַנציק איילן,
און די ברייט, צוואַנציק איילן, פֿאַר דעם היכל; און ער האָט צו
מיר געזאָגט: דאָס איז דער קדשי־קדשים.
[5]און ער האָט אָפּגעמאָסטן די וואַנט פֿון דעם הויז, זעקס
איילן, און די ברייט פֿון אַ זייטקאַמער, פֿיר איילן, רונד אַרום
הויז פֿון אַלע זייטן. [6]און די זייטקאַמערן זיינען געווען אַ
קאַמער איבער אַ קאַמער, דריי און דרייסיק מאָל; און זיי זיינען
אַריינגעגאַנגען אין דער וואַנט וואָס צום הויז פֿאַר די זייטקאַמערן
רונד אַרום, כּדי זיך צו האַלטן דעראָן, און זיי זאָלן זיך
ניט האַלטן אָן דער וואַנט פֿון הויז. [7]און וואָס העכער און
העכער אַלץ ברייטער זיינען געוואָרן רונד אַרום די זייט־
קאַמערן; וואָרום דער אַרומבוי פֿון הויז איז געגאַנגען העכער
און העכער רונד אַרום הויז; דרום האָט דאָס הויז געהאַט אויבן
מער ברייטקייט; און אַזוי איז מען אַרויף פֿון דער אונטערשטער
ריי צו דער אויבערשטער דורך דער מיטלסטער. [8]און איך

האָב געזען אַז דאָס הויז האָט געהאַט אַ דערהייכונג רונד אַרום;
די גרונטפעסטן פון די זייטקאַמערן זיינען געווען אַ פולער
שטאַנג פון זעקס איילן ביים געלענק. [9]די גרעב פון דער אויסנ־
ווייניקסטער וואַנט פון די זייטקאַמערן איז געווען פינף איילן;
און וואָס איז געלאָזט געוואָרן פריי צווישן די זייטקאַמערן וואָס
ביים הויז [10]און צווישן די קאַמערן[א], איז געווען צוואַנציק איילן
די ברייט, רונד אַרום הויז פון אַלע זייטן. [11]און די אײַנגאַנגען
פון די זייטקאַמערן זיינען געווען צו דעם פריי געלאָזטן אָרט
צו, איין אײַנגאַנג צו צפון, און איין אײַנגאַנג צו דָרום; און די
ברייט פון דעם פריי געלאָזטן אָרט איז געווען פינף איילן רונד
אַרום.

[12]און דער בנין וואָס איז געווען פאַר דעם אָפּגעזונדערטן
אָרט אין דער זייט קעגן מערב, איז געווען די ברייט זיבעציק
איילן, און די וואַנט פון דעם בנין פינף איילן די גרעב רונד
אַרום, און זיין לענג ניינציק איילן.

[13]און ער האָט אָפּגעמאָסטן דאָס הויז, הונדערט איילן די
לענג, און דעם אָפּגעזונדערטן אָרט, און דעם בנין מיט זיינע
ווענט, הונדערט איילן די לענג; [14]און די ברייט פון דער פאָדער־
זייט פון דעם הויז און פון דעם אָפּגעזונדערטן אָרט צו מזרח,
הונדערט איילן. [15]און ער האָט אָפּגעמאָסטן די לענג פון דעם
בנין [פאַר לענג] פון דעם אָפּגעזונדערטן אָרט, וואָס אויף זיין
הינטערשטער זייט, און זיינע באַלקאָנען פון דער זייט און
פון דער אַנדער זייט, הונדערט איילן.

און דער היכל, דער אינעווייניקסטער אָרט, און די פאָדער־
הייזער פון הויף, [16]די שוועלן, און די שמאָלע פענצטער, און
די באַלקאָנען רונד אַרום זיי דרייען, אַקעגן די שוועלן, זיינען
געווען באַטאָוולט מיט האָלץ רונד אַרום, און פון דער ערד
ביז די פענצטער—און די פענצטער זיינען געווען פאַרדעקט—

א זע מב.

[17]ביז איבערן אײַנגאַנג, און ביז דעם אינעווייניקסטן הויז, און
אויסנווייניק, און אויף דער גאַנצער וואַנט רונד אַרום,
אינעווייניק און אויסנווייניק, לויט אַ מאָס. [18]און עס איז געווען
געמאַכט מיט כּרובים און טײַטלבוימער, און אַ טײַטלבוים
צווישן אַ כּרוב און אַ כּרוב; און צוויי פּנימער האָט געהאַט
איטלאַכער כּרוב, [19]מיט דעם פּנים פון אַ מענטשן קעגן אַ טײַטל-
בוים פון דער זײַט, און דעם פּנים פון אַ יונגן לייב קעגן אַ טײַטל-
בוים פון דער אַנדער זײַט; געמאַכט אויפן גאַנצן הויז רונד
אַרום. [20]פון דער ערד ביז איבערן אײַנגאַנג זײַנען די כּרובים
און די טײַטלבוימער געווען געמאַכט; דעסגלײַכן אויף דער
וואַנט פון היכל. [21]און די בײַשטידלאַך פון היכל זײַנען געווען
פירעקעכדיק; און די פאָדערזײַט פון דעם הייליקטום איז געווען
אין אויסזען אַזוי ווי די זעאונג.
[22]און דער מזבח איז געווען פון האָלץ, דרײַ איילן הויך,
און זײַן לענג צוויי איילן; אי זײַנע ווינקלען צו אים, אי זײַן לענג,
און זײַנע ווענט, פון האָלץ. און ער האָט צו מיר געזאָגט: דאָס
איז דער טיש וואָס פאַר גאָט.
[23]און צוויי טירן זײַנען געווען צום היכל און צום הייליקטום.
[24]און צוויי פליגלען האָבן די טירן געהאַט, צוויי דרײַעדיקע
פליגלען, צוויי אין איין טיר, און צוויי פליגלען אין דער
אַנדערער. [25]און אויף זיי, אויף די טירן פון דעם היכל, זײַנען
געווען געמאַכט כּרובים און טײַטלבוימער, אַזוי ווי זיי זײַנען
געמאַכט געווען אויף די ווענט; און אַ הילצערן באַלקנדעכל
איז געווען פאָרנט פון פאָליש פון אויסנווייניק. [26]און שמאָלע
פענצטער און טײַטלבוימער זײַנען געווען פון דער זײַט און פון
דער אַנדער זײַט, אויף די זײַטן פון פאָליש, און אויף די זײַט-
קאַמערן פון דעם הויז און די באַלקנדעכלאַך.

מב 1און ער האָט מיך אַרויסגעפירט אין דעם אויסנווייניקסטן
הויף אויפן וועג צו צפון, און האָט מיך געבראַכט צו די
קאַמערן וואָס אַקעגן דעם אָפּגעזונדערטן אָרט, און וואָס אַקעגן
דעם בנין, צו צפון, 2צו דער פּאָדערזייט, הונדערט איילן די
לענג, מיט דעם אײַנגאַנג אין צפון, און פופציק איילן די ברייט,
3אַקעגן די צוואַנציק איילן פון דעם אינעווייניקסטן הויף, און
אַקעגן דער פּלאַסטערונג פון דעם אויסנווייניקסטן הויף, מיט
אַ באַלקאָן קעגן אַ באַלקאָן אין דריטן שטאָק. 4און פאַר די
קאַמערן איז געווען אַ גאַנג, צען איילן די ברייט אינעווייניקצו,
אַ וועג פון איין אייל; און זייערע אײַנגאַנגען זיינען געווען צו
צפון. 5און די אויבערשטע קאַמערן זיינען געווען קירצער—
ווייל די באַלקאָנען האָבן אַוועקגענומען פון זיי—פון די
אונטערשטע און פון די מיטלסטע אין דעם בנין. 6וואָרום דריי-
גאָרנדיק זיינען זיי געווען, און זיי האָבן ניט געהאַט קיין זיילן
אַזוי ווי די זיילן פון הויף, דרום איז אָפּגענומען געוואָרן, לגבי
די אונטערשטע און די מיטלסטע, פון דעם באָדעם*. 7און די
מויער וואָס דרויסן אַקעגן די קאַמערן, צו דעם אויסנווייניקסטן
הויף צו, פאָרנט פון די קאַמערן, איר לענג איז געווען פופציק
איילן. 8וואָרום די לענג פון די קאַמערן וואָס צום אויסנ-
ווייניקסטן הויף צו איז געווען פופציק איילן; אָבער זע, פאַר
דעם טעמפּל איז געווען הונדערט איילן. 9און אונטער די-
דאָזיקע קאַמערן איז געווען דער אײַנגאַנג פון מזרח, אַז מע איז
געקומען צו זיי פון דעם אויסנווייניקסטן הויף. 10אין דער
ברייט פון דער מויער פון הויף צו מזרח, פאַר דעם אָפּ-
געזונדערטן אָרט, און פאַר דעם בנין, זיינען געווען קאַמערן,
11מיט אַ וועג פאַר זיי; אַזוי ווי דאָס אויסזען פון די קאַמערן וואָס
צו צפון, אַזוי ווי זייער לענג, און אַזוי ווי זייער ברייט, מיט אַלע
זייערע אַרויסגאַנגען, און אַזוי ווי זייערע אײַנריכטונגען; און

* ד. ה. פון דעם באָדעם פון די אויבערשטע קאַמערן.

אַזוי ווי זייערע טירן, 12אַזוי אויך זיינען געווען די טירן פֿון די
קאַמערן וואָס צו דָרום; אַ טיר איז געווען אין אָנהייב פֿון דעם
וועג, דעם וועג וואָס גלייך פֿאַר דער מויער, אַקעגן מזרח, ווי
מע קומט אין זיי אַריין.

13און ער האָט צו מיר געזאָגט: די קאַמערן פֿון צפֿון און
די קאַמערן פֿון דָרום וואָס פֿאַר דעם אָפּגעזונדערטן אָרט,
דאָס זיינען די הייליקע קאַמערן, וואָס די כּהנים וואָס זיינען
נאָענט צו גאָט, זאָלן דאָרטן עסן די הייליקסטע הייליקייטן;
דאָרטן זאָלן זיי אַוועקלייגן די הייליקסטע הייליקייטן, און דאָס
שפּייזאָפּפֿער, און דאָס זינדאָפּפֿער, און דאָס שולדאָפּפֿער,
וואָרום דער אָרט איז הייליק. 14אַז זיי גייען אַריין, די כּהנים,
זאָלן זיי ניט אַרויסגיין פֿון דעם הייליקטום אין דעם אויסער
ווייניקסטן הויף, נייערט זיי זאָלן [אַפּריער] אַוועקלייגן דאָרטן
זייערע קליידער וואָס זיי דינען אין זיי, וואָרום זיי זיינען הייליק;
און זיי זאָלן אָנטאָן אַנדערע קליידער, און גענענען אין דעם
[הויף] וואָס פֿאַרן פֿאָלק.

15און אַז ער האָט געענדיקט די מעסטונגען פֿון דעם
אינעווייניקסטן הויז, האָט ער מיך אַרויסגעפֿירט דורך דעם
טויער וואָס זיין פּאָדערזייט איז געווען צו מזרח, און ער האָט
עס אָפּגעמאָסטן רונד אַרום. 16ער האָט אָפּגעמאָסטן די מזרח־
זייט מיט דעם מעסטשטאַנג, פֿינף הונדערט שטאַנגען מיט דעם
מעסטשטאַנג רונד אַרום. 17ער האָט אָפּגעמאָסטן די צפֿון־זייט,
פֿינף הונדערט שטאַנגען מיט דעם מעסטשטאַנג רונד אַרום.
18ער האָט אָפּגעמאָסטן די דָרום־זייט, פֿינף הונדערט שטאַנגען
מיט דעם מעסטשטאַנג. 19ער האָט זיך אומגעדרייט צו מערבֿ־
זייט, און האָט אָפּגעמאָסטן פֿינף הונדערט שטאַנגען מיט דעם
מעסטשטאַנג. 20אויף פֿיר זייטן האָט ער עס אָפּגעמאָסטן; עס
האָט געהאַט אַ מויער רונד אַרום, די לענג פֿינף הונדערט, און

די ברייט פינף הונדערט, כּדי אָפּצושיידן צווישן הייליקן און
אומהייליקן.

מג 1 און ער האָט מיך צוגעפירט צו דעם טויער—דעם טויער
וואָס איז געווען געקערט צו מזרח. 2 ערשט די פּראַכט פון
דעם גאָט פון ישׂראל איז אָנגעקומען פון דעם וועג פון מזרח, און
זיין קָול איז געווען אַזוי ווי דער קָול פון גרויסע וואַסערן, און
די ערד האָט אויפגעלויכטן פון זיין פּראַכט. 3 און דאָס אויסזען
פון דער זעאונג וואָס איך האָב געזען, איז געווען אַזוי ווי די
זעאונג וואָס איך האָב געזען ווען איך בין געקומען צו צעשטערן
די שטאָט; און די זעאונגען זיינען געווען אַזוי ווי די זעאונג וואָס
איך האָב געזען ביים טייך כּבָר; און איך בין געפאַלן אויף מיין
פּנים. 4 און די פּראַכט פון גאָט איז אַריינגעגאַנגען אין הויז דורך
דעם טויער וואָס זיין פּאָדערזייט איז געווען צו מזרח. 5 און אַ
ווינט האָט מיך אויפגעהויבן, און האָט מיך געבראַכט אין דעם
אינעווייניקסטן הויף, ערשט די פּראַכט פון גאָט האָט אָנגעפילט
דאָס הויז. 6 און איך האָב געהערט רעדן צו מיר פון הויז, און
אַ מאַן איז געשטאַנען לעבן מיר. 7 און ער האָט צו מיר געזאָגט:
מענטשנקינד, דאָס איז דער אָרט פון מיין טראָן, און דער אָרט
פון מיינע פוסטריט, וואָס איך וועל דאָרטן רוען צווישן די
קינדער פון ישׂראל אויף אייביק; און דאָס הויז פון ישׂראל וועלן
מער ניט פאַראומרייניקן מיין הייליקן נאָמען, זיי און זייערע
מלכים, מיט זייער זנות, און מיט די פּגרים פון זייערע מלכים
אויף זייערע בָמות; 8 מיט זייער שטעלן זייער שוועל לעבן מיין
שוועל, און זייער בּיישטידל לעבן מיין ביישטידל, מיט בלויז
אַ וואַנט צווישן מיר און צווישן זיי; און זיי פלעגן פאַראומרייניקן
מיין הייליקן נאָמען מיט זייערע אומווערדיקייטן וואָס זיי האָבן
געטאָן, וואָס דרום האָב איך זיי פאַרלענדט אין מיין צאָרן.

[9]אַצונד װעלן זײ דערװײַטערן פֿון מיר זײער זנות, און די פּגרים
פֿון זײערע מלכים, און איך װעל רוען צװישן זײ אױף אײביק.
[10]דו מענטשנקינד, דערצײל דעם הױז פֿון ישׂראל װעגן
דעם הױז, כּדי זײ זאָלן זיך שעמען מיט זײערע זינד; און זאָלן
זײ נאָכמעסטן דעם פּלאַן. [11]און אַז זײ װעלן זיך שעמען מיט
אַלץ װאָס זײ האָבן געטאָן, מאַך זײ װיסן דאָס געמעל פֿון דעם
הױז און זײַן געשטעל, און זײַנע אױסגאַנגען און זײַנע אַײַנגאַנגען,
און אַלע זײַנע געמעלן, און אַלע זײַנע געזעצן, יאָ, אַלע זײַנע
געמעלן, און אַלע זײַנע דינים, און שרײַב אױף פֿאַר זײערע אױגן,
כּדי זײ זאָלן אָפּהיטן אַל זײַן געמעל און אַלע זײַנע געזעצן,
און זײ טאָן.
[12]דאָס איז דער דין פֿון דעם הױז: זײַן גאַנצער געמאַרק
אױפֿן שפּיץ בּאַרג רונד אַרום זאָל זײַן אַ הײליקסטע הײליקײט.
זע, דאָס איז דאָס געזעץ פֿאַר דעם הױז.
[13]און דאָס זײַנען די מאָסן פֿון דעם מזבח אין אײלן–
איטלאַכע אײל אַן אײל מיט אַ האַנטברײט; דער גרונט אַן אײל,
און אַן אײל די ברײט, און זײַן ראַנד בײ זײַן ברעג רונד אַרום
אײן שפּאַן; און דאָס איז דאָס אונטערגעשטעל פֿון מזבח. [14]און
פֿון דעם גרונט אױף דער ערד ביזן אונטערשטן אָפּשפּרונג צװײ
אײלן, און די ברײט אײן אײל; און פֿון דעם קלענערן אָפּשפּרונג
ביזן גרעסערן אָפּשפּרונג פֿיר אײלן, און די ברײט אַן אײל.
[15]און דער פֿײַעראָרט פֿיר אײלן, און פֿון דעם פֿײַעראָרט און
אַרױף צו פֿיר הערנער. [16]און דער פֿײַעראָרט צװעלף די לענג
אױף צװעלף די ברײט, פֿירעקעכדיק אין זײַנע פֿיר זײַטן. [17]און
דער אָפּשפּרונג פֿערצן די לענג אױף פֿערצן די ברײט, אױף
זײַנע פֿיר זײַטן; און דער ראַנד רונד אַרום אים אַ האַלבע אײל;
און דער גרונט צו אים אַן אײל רונד אַרום; און זײַנע טרעפּ
געקערט צו מזרח.

[18]און ער האָט צו מיר געזאָגט: מענטשנקינד, אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: דאָס זיינען די געזעצן פון מזבח אין דעם טאָג וואָס ער ווערט געמאַכט, כּדי אויפצוברענגען אויף אים בראַנדאָפּפער, און צו שפּרענגען אויף אים בלוט. [19]זאָלסט געבן צו די כּהנים פון שבט לֵוִי וואָס זיינען פון דעם זאָמען פון צָדוֹק, די וואָס זיינען נאָנט צו מיר צו דינען, זאָגט גאָט דער האַר, אַ יונגן אָקס פאַר אַ זינדאָפּפער. [20]און זאָלסט נעמען פון זיין בלוט, און אַרויפטאָן אויף זיינע פיר הערנער, און אויף די פיר ווינקלען פון דעם אָפּשפּרונג, און אויף דעם ראַנד רונד אַרום; און זאָלסט אים רייניקן, און מכפּר זיין אויף אים. [21]און זאָלסט נעמען דעם אָקס, דאָס זינדאָפּפער, און מע זאָל אים פאַר־ברענען אין אַ באַשטימטן אָרט פון הויז, דרויסן פון היילִיקטום. [22]און אויפן צווייטן טאָג זאָלסטו מקריב זיין אַ ציגנבאָק אָן אַ פעלער פאַר אַ זינדאָפּפער, און מע זאָל רייניקן דעם מזבח, אַזוי ווי מע האָט גערייניקט מיטן אָקס. [23]אַז דו ענדיקסט רייניקן, זאָלסטו מקריב זיין אַ יונגן אָקס אָן אַ פעלער, און אַ ווידער פון שאָף אָן אַ פעלער. [24]און זאָלסט זיי גענענען פאַר גאָט, און די כּהנים זאָלן אַרויפוואַרפן אויף זיי זאַלץ, און זיי אויפברענגען פאַר אַ בראַנדאָפּפער צו גאָט. [25]זיבן טעג זאָלסטו מאַכן אַ ציגנבאָק אַ זינדאָפּפער איטלאַכן טאָג; אויך אַ יונגן אָקס, און אַ ווידער פון שאָף, אָן אַ פעלער, זאָל מען מאַכן. [26]זיבן טעג זאָל מען מכפּר זיין אויפן מזבח, און אים רייניקן און אים היילִיקן[א]. [27]און אַז מע וועט ענדיקן די טעג, איז, פון אַכטן טאָג און ווייטער זאָלן די כּהנים מאַכן אויפן מזבח אַייערע בראַנדאָפּפער און אַייערע פרידאָפּפער, און איך וועל אַייך באַווייליקן, זאָגט גאָט דער האַר.

מד [1]און ער האָט מיך צוריקגעבראַכט אויפן וועג צום אויסער ווייניקסטן טויער פון דעם היילִיקטום וואָס איז געווען

א געווי: דערפילן זיין האַנט.

געקערט צו מזרח, און ער איז געווען פֿאַרשלאָסן. 2און גאָט
האָט צו מיר געזאָגט: דערדאָזיקער טויער זאָל זײַן פֿאַרשלאָסן,
עס זאָל ניט געעפֿנט ווערן, און קיינער זאָל דורך אים ניט אַרײַנ־
גיין, וואָרום יהוה דער גאָט פֿון ישׂראל איז אַרײַנגעגאַנגען דורך
אים, דרום זאָל ער זײַן פֿאַרשלאָסן. 3דער פֿירשט, ווײַל ער
איז אַ פֿירשט, ער מעג זיצן דרינען צו עסן ברויט פֿאַר גאָט;
דורכן פֿירהויז פֿון טויער זאָל ער אַרײַנגיין, און דורך אים זאָל
ער אַרויסגיין.

4און ער האָט מיך געבראַכט דורך דעם טויער פֿון צפֿון צו
דער פֿאָדערזײַט פֿון הויז, און איך האָב געזען, ערשט די פּראַכט
פֿון גאָט האָט אָנגעפֿילט דאָס הויז פֿון גאָט; בין איך געפֿאַלן
אויף מײַן פּנים. 5און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: מענטשנקינד,
לייג צו דײַן האַרץ, און זע מיט דײַנע אויגן, און מיט דײַנע אויערן
הער, אַלץ וואָס איך רעד מיט דיר וועגן אַלע געזעצן פֿון דעם
הויז פֿון גאָט, און וועגן אַלע זײַנע דינים; און זאָלסט צולייגן
דײַן האַרץ צו דעם אַרײַנגאַנג פֿון דעם הויז מיט אַלע אויסגאַנגען
פֿון דעם הייליקטום. 6און זאָלסט זאָגן צו די ווידערשפּעניקע,
צו דעם הויז פֿון ישׂראל: אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: גענוג
אײַך פֿון אַלע אײַערע אומווערדיקייטן, הויז פֿון ישׂראל, 7מיט
אײַער ברענגען פֿרעמדגעבאָרענע, אומבאַשניטענע אין האַרצן
און אומבאַשניטענע אין פֿלייש, צו זײַן אין מײַן הייליקטום, כּדי עס
צו פֿאַרשוועכן—מײַן הויז, ווען איר זײַט מקריב מײַן שפּײַז, דאָס
פֿעטס און דאָס בלוט; און זיי האָבן פֿאַרשטערט מײַן בונד, צו
אַלע אײַערע אַנדערע אומווערדיקייטן. 8און איר האָט ניט
געהיט די היטונג פֿון מײַנע הייליקייטן, און האָט אײַך זיי
געמאַכט פֿאַר היטער פֿון מײַן היטונג אין מײַן הייליקטום.

9אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: קיין פֿרעמדגעבאָרענער,
אומבאַשניטן אין האַרצן און אומבאַשניטן אין פֿלייש, זאָל ניט

אַריינקומען אין מיין הייליקטום—קיין פרעמדגעבאָרענער וואָס
צווישן די קינדער פון ישׂראל. [10]נייערט די לוִיִים וואָס האָבן
זיך דערווייטערט פון מיר, ווען די ישׂראל האָבן אַוועק
געבלאָנדזשעט, די וואָס האָבן אַוועקגעבלאָנדזשעט פון מיר נאָך
זייערע אָפּגעטער, זיי זאָלן טראָגן זייער זינד; [11]און זיי זאָלן
זיין משרתים אין מיין הייליקטום, געשטעלטע בײַ די טויערן פון
הויז, און משרתים פון דעם הויז; זיי זאָלן שעכטן דאָס בראַנד־
אָפּפער און דעם שלאַכטאָפּפער פאַרן פאָלק, און זיי זאָלן
שטיין פאַר זיי, זיי צו באַדינען. [12]ווייל זיי פלעגן זיי באַדינען
פאַר זייערע אָפּגעטער, און פלעגן זיין דעם הויז פון ישׂראל
פאַר אַ שטרויכלונג צו זינד, דרום האָב איך אויפגעהויבן מיין
האַנט[א] ווענן זיי, זאָגט גאָט דער האַר, אַז זיי זאָלן טראָגן זייער
זינד; [13]און זיי זאָלן ניט גענענען צו מיר צו טאָן כֹּהן־דינסט צו
מיר, און צו גענענען צו אַלע מיינע הייליקייטן, צו די הייליקסטע
הייליקייטן; און זיי זאָלן טראָגן זייער שאַנד, און זייערע אומ־
ווערדיקייטן וואָס זיי האָבן געטאָן. [14]און איך וועל זיי מאַכן
פאַר היטער פון דער היטונג פון הויז, פאַר אַל זיין דינסט, און
פאַר אַלץ וואָס דאַרף געטאָן ווערן אין אים.

[15]אָבער די כֹּהנים פון שבט לֵוִי, די קינדער פון צָדוֹק, וואָס
האָבן געהיט די היטונג פון מיין הייליקטום, ווען די קינדער פון
ישׂראל האָבן אַוועקגעבלאָנדזשעט פון מיר, זיי זאָלן גענענען
צו מיר, מיר צו דינען, און זיי זאָלן שטיין פאַר מיר, מקריב צו
זיין צו מיר דאָס פעטס און דאָס בלוט, זאָגט גאָט דער האַר.
[16]זיי זאָלן קומען אין מיין הייליקטום, און זיי זאָלן גענענען צו
מיין טיש, מיר צו דינען, און זיי זאָלן היטן מיין היטונג. [17]און עס
זאָל זיין, אַז זיי גייען אַריין אין די טויערן פון דעם אינעווייניקסטן
הויף, זאָלן זיי אָנטאָן פלאַקסענע קליידער, און וואָל זאָל ניט
אַרויפקומען אויף זיי, ווען זיי דינען אין די טויערן פון דעם

[א] געשוואָרן.

אינעווייניקסטן הויף, אָדער אינעווייניק. [18]פלאַקסענע קאָפּ־
דעקן זאָלן זיין אויף זייערע קעפּ, און ליינענע הויזן זאָלן זיין
אויף זייערע לענדן; זיי זאָלן זיך ניט אָנגורטן מיט אַ שוויציקער
זאַך. [19]און אַז זיי גייען אַרויס אין דעם אויסנווייניקסטן הויף—
אין דעם אויסנווייניקסטן הויף צום פאָלק, זאָלן זיי אויסטאָן
זייערע קליידער וואָס זיי דינען אין זיי, און זיי אַוועקלייגן אין
די הייליקע קאַמערן, און אָנטאָן אַנדערע קליידער, כּדי זיי
זאָלן ניט מאַכן הייליק דאָס פאָלק מיט זייערע קליידער. [20]און
זייער קאָפּ זאָלן זיי ניט גאָלן, און לאַנגע האָר זאָלן זיי ניט פאַר־
לאָזן; צוויקן זאָלן זיי אַרומצוויקן זייערע קעפּ. [21]און ווײן זאָל
קיין כּהן ניט טרינקען, ווען זיי גייען אַריין אין דעם
אינעווייניקסטן הויף. [22]און אַן אַלמנה און אַ גרושה זאָלן זיי זיך
ניט נעמען פאַר ווייבער, נאָר בלויז יונגפרויען פון דעם זאָמען
פון דעם הויז פון ישׂראל; אָבער די אַלמנה וואָס איז אַן אַלמנה
פון אַ כּהן, מעגן זיי נעמען. [23]און זיי זאָלן מיין פאָלק לערנען
צווישן הייליקן און אומהייליקן, און זיי מאַכן וויסן צווישן ריינעם
און אומריינעם. [24]און ביי אַ שטרייטזאַך זאָלן זיי שטיין צו
משפּטן; מיט מיינע משפּטים זאָלן זיי אים משפּטן; און מיינע
דינים און מיינע געזעצן אין אַלע מיינע יום־טובֿים זאָלן זיי היטן,
און מיינע שבתים זאָלן זיי האַלטן הייליק. [25]און צו אַ טויטן
מענטשן זאָל ער ניט צוגיין צו ווערן אומריין; נאָר בלויז אָן אַ
פאָטער, און אָן אַ מוטער, און אָן אַ זון, און אָן אַ טאָכטער, אָן
אַ ברודער, און אָן אַ שוועסטער וואָס האָט נאָך ניט געהאַט
קיין מאַן, מעגן זיי זיך פאַראומרייניקן. [26]און נאָך זיין רייניקונג
זאָל מען אים ציילן זיבן טעג. [27]און אין דעם טאָג וואָס ער
קומט אין הייליקטום, אין דעם אינעווייניקסטן הויף, צו דינען
אין הייליקטום, זאָל ער מקריב זיין זיין זינדאָפּפער, זאָגט גאָט
דער האַר. [28]און דאָס זאָל זיי זיין פאַר אַ נחלה: איך בין

זייער נחלה; און קיין אייגנטום זאָלט איר זיי ניט געבן אין
ישׂראל: איך בין זייער אייגנטום. 29דאָס שפּייזאָפּפער, און דאָס
זינדאָפּפער, און דאָס שולדאָפּפער, דאָס זאָלן זיי עסן; און
איטלאַכער חרם אין ישׂראל זאָל געהערן צו זיי. 30און דאָס
ערשטע פון אַלע ערשטצייטיקע פון אַלץ, און איטלאַכע
אָפּשיידונג פון וואָס עס איז, פון אַלע אײַערע אָפּשיידונגען,
זאָל געהערן צו די כֹּהנים; אויך דאָס ערשטע פון אײַערע טייג־
מולטערס זאָלט איר געבן צום כֹּהן, כּדי צו מאַכן רוען אַ ברכה
אויף דײַן הויז. 31קיין געפּאַלנס און פאַרצוקטס פון עופות
און פון בהמות זאָלן די כֹּהנים ניט עסן.

מה 1און אַז איר וואַרפט אויס דאָס לאַנד פאַר אַ נחלה, זאָלט
איר אָפּשיידן אַן אָפּשיידונג פון דעם לאַנד, הייליק צו
גאָט; די לענג פינף און צוואַנציק טויזנט [שטאַנגען] די לענג,
און די ברייט צען טויזנט; דאָס זאָל זיין הייליק אין דעם גאַנצן
געמאַרק רונד אַרום. 2פון דעם זאָל זיין פאַר דעם הייליקטום
פינף הונדערט אויף פינף הונדערט, פירעקעכדיק פון אַלע
זייטן; און פופציק איילן אַ פרייער פלאַץ דערצו רונד אַרום.
3און פון דערדאָזיקער מאָס—פינף און צוואַנציק טויזנט די לענג,
און צען טויזנט די ברייט—זאָלסטו אָפּמעסטן, אַז דרינען זאָל זיין
דאָס הייליקטום, די הייליקסטע הייליקייט. 4הייליק פון דעם
לאַנד איז דאָס; פאַר די כֹּהנים, די באַדינער פון הייליקטום,
וואָס גענענען צו דינען גאָט, זאָל עס זיין; און עס זאָל זיי זיין אַן
אָרט פאַר הייזער, און אַ הייליקער אָרט צום הייליקטום. 5און
פינף און צוואַנציק טויזנט די לענג, און צען טויזנט די ברייט,
זאָל זיין פאַר די לוִיִים די באַדינער פון הויז, זיי צום אייגנטום,
פאַר צוואַנציק קאַמערן. 6און דאָס אייגנטום פון דער שטאָט
זאָלט איר מאַכן פינף טויזנט די ברייט, און די לענג פינף און
צוואַנציק טויזנט, אַקעגן דער הייליקער אָפּשיידונג; פאַר דעם

גאַנצן הויז פֿון ישׂראל זאָל עס זײַן. [7]און פֿאַר דעם פֿירשט, פֿון
דער זײַט און פֿון יענער זײַט פֿון דער הייליקער אָפּשיידונג, און
פֿון דעם אייגנטום פֿון דער שטאָט, אַקעגן דער הייליקער
אָפּשיידונג, און אַקעגן דעם אייגנטום פֿון דער שטאָט, פֿון מערבֿ־
זײַט צו מערבֿ, און פֿון מזרח־זײַט צו מזרח, און אַ לענג אַזוי ווי
איינער פֿון די חלקים, פֿון דעם מערבֿ־געמאַרק ביז דעם מזרח־
געמאַרק [8]פֿון דעם לאַנד; דאָס זאָל אים זײַן צום אייגנטום אין
ישׂראל; און מײַנע פֿירשטן זאָלן מער ניט קריוודען מײַן פֿאָלק,
נײַערט דאָס לאַנד זאָל מען געבן צו דעם הויז פֿון ישׂראל, לויט
זייערע שבֿטים.

[9]אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: גענוג אײַך, איר פֿירשטן
פֿון ישׂראל! אומרעכט און רויב טוט אָפּ, רעכט און גערעכטיקייט
טוט, נעמט אַראָפּ פֿון מײַן פֿאָלק אײַערע רדיפֿות, זאָגט גאָט
דער האַר. [10]ריכטיקע וואָגשאָלן, און אַ ריכטיקע אֵיפָה, און
אַ ריכטיקע בַּת, זאָל בײַ אײַך זײַן. [11]אַן אֵיפָה און אַ בַּת זאָל
זײַן איין מאָס: אַ בַּת זאָל האַלטן אַ צענטל פֿון אַ חוֹמֶר, און אַן
אֵיפָה אַ צענטל פֿון אַ חוֹמֶר; לויטן חוֹמֶר זאָל זײַן זייער מאָס.
[12]און דער שֶקל זאָל זײַן צוואַנציק גֵרָה; צוואַנציק שֶקל, פֿינף
און צוואַנציק שֶקל, צען, און פֿינף שֶקל, זאָל אײַך זײַן די מָנֶה.

[13]דאָס איז די אָפּשיידונג וואָס איר זאָלט אָפּשיידן: אַ
זעקסטל אֵיפָה פֿון אַ חוֹמֶר ווייץ, און אַ זעקסטל אֵיפָה זאָלט
איר געבן פֿון אַ חוֹמֶר גערשטן. [14]און דער דין פֿון אייל– אייל
איז אויפֿן בַּת–איז אַ צענטל בַּת פֿון אַ כּוֹר, וואָס איז צען בַּת–
אַ חוֹמֶר; וואָרום צען בַּת איז אַ חוֹמֶר. [15]און איין לאַם פֿון די
שאָף פֿאַר צוויי הונדערט, פֿון די לאָנקעס פֿון ישׂראל; פֿאַר
שפּײַזאָפּפֿער, און פֿאַר בראַנדאָפּפֿער, און פֿאַר פֿרידאָפּפֿער,
מכפּר צו זײַן אויף זיי, זאָגט גאָט דער האַר.

16דאָס גאַנצע פאָלק פון לאַנד זאָל געבן דידאָזיקע אָפּ־
שיידונג צו דעם פירשט אין ישׂראל. 17און אויף דעם פירשט זאָלן
זיין די בראַנדאָפּפער, און דאָס שפּייזאָפּפער, און דאָס גיס־
אָפּפער, אין די יום־טובים, און אום ראָש־חודש, און אין די
שבתים, אין אַלע פייערטעג פון דעם הויז פון ישׂראל; ער זאָל
מאַכן דאָס זינדאָפּפער, און דאָס שפּייזאָפּפער, און דאָס
בראַנדאָפּפער, און דאָס פרידאָפּפער, מכפּר צו זיין פאַר דעם
הויז פון ישׂראל.
18אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: אין ערשטן חודש, אין
ערשטן טאָג פון חודש, זאָלסטו נעמען אַ יונגן אָקס אָן אַ
פעלער, און זאָלסט רייניקן דאָס הייליקטום. 19און דער כּהן
זאָל נעמען פון דעם בלוט פון זינדאָפּפער, און אַרויפטאָן אויף
דעם ביישטידל פון דעם הויז, און אויף די פיר ווינקלען פון
דעם אָפּשפּרונג פון מזבח, און אויף דעם ביישטידל פון דעם
טויער פון דעם אינעווייניקסטן הויף. 20און אַזוי זאָלסטו טאָן
אין זיבעטן טאָג פון חודש, פון וועגן איטלאַכן וואָס פאַרזעט,
און פון וועגן דעם וואָס טוט אויס נאַרישקייט; אַזוי זאָלט איר
מכפּר זיין אויפן הויז. 21אין ערשטן חודש, אין פערצנטן טאָג
פון חודש, זאָל זיין ביי אייך פּסח, אַ יום־טוב זיבן טעג; מצות
זאָל געגעסן ווערן. 22און דער פירשט זאָל מאַכן אין יענעם
טאָג פאַר זיך און פאַר דעם גאַנצן פאָלק פון לאַנד אַן אָקס אַ
זינדאָפּפער. 23און די זיבן טעג פון יום־טוב זאָל ער מאַכן אַ
בראַנדאָפּפער צו גאָט, זיבן אָקסן און זיבן ווידערס, אָן אַ
פעלער, אַ טאָג—די זיבן טעג; און אַ ציגנבאָק אַ זינדאָפּפער
אַ טאָג. 24און אַ שפּייזאָפּפער זאָל ער מאַכן, אַן אֵיפָה צו אַן
אָקס, און אַן אֵיפָה צו אַ ווידער, און אייל אַ הין צו אַן אֵיפָה.
25אין זיבעטן חודש, אין פופצנטן טאָג פון חודש, אום יום־טוב,

זאָל ער מאַכן אַזוי ווי דידאָזיקע, די זיבן טעג; אַזוי דאָס זינד־
אָפּפּער, אַזוי דאָס בראַנדאָפּפּער, און אַזוי דאָס שפּייזאָפּפּער,
און אַזוי דאָס אייל.
מו [1]אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: דער טויער פון דעם
אינעווייניקסטן הויף וואָס איז געקערט צו מזרח, זאָל זיין
פאַרשלאָסן די זעקס אַרבעטטעג, נאָר אין טאָג פון שבת זאָל
עס געעפנט ווערן, און אין טאָג פון ראָש־חודש זאָל ער געעפנט
ווערן. [2]און דער פירשט זאָל אַרייַנגיין דורכן פירהויז פון
טויער פון דרויסן, און זאָל שטיין בײַ דעם ביישטידל פון טויער,
און די כּהנים זאָלן מאַכן זיין בראַנדאָפּפּער, און זיין פריד־
אָפּפּער, און ער זאָל זיך בוקן אויף דעם שוועל פון טויער, און
אַרויסגיין; אָבער דער טויער זאָל ניט פאַרשלאָסן ווערן ביזן
אָוונט. [3]און דאָס פאָלק פון לאַנד זאָל זיך בוקן פאַר גאָט אין
אַיינגאַנג פון יענעם טויער, אין די שבתים, און אום ראָש־חודש.
[4]און דאָס בראַנדאָפּפּער וואָס דער פירשט זאָל מקריב זיין צו
גאָט אין טאָג פון שבת, איז זיבן שעפּסן אָן אַ פעלער, און אַ
ווידער אָן אַ פעלער; [5]און אַ שפּייזאָפּפּער אַן אֵיפָה צו אַ ווידער,
און צו די שעפּסן אַ שפּייזאָפּפּער לויט דער גאָב פון זיין האַנט;
און אייל אַ הין צו אַן אֵיפָה. [6]און אין טאָג פון ראָש־חודש: אַ
יונגער אָקס אָן אַ פעלער, און זעקס שעפּסן, און אַ ווידער; אָן אַ
פעלער זאָלן זיי זיין. [7]און אַן אֵיפָה צו דעם אָקס, און אַן אֵיפָה
צו דעם ווידער, זאָל ער מאַכן אַ שפּייזאָפּפּער, און צו די שעפּסן
אַזוי ווי זיין האַנט פאַרמאָגט; און אייל אַ הין צו אַן אֵיפָה. [8]און
אַז דער פירשט קומט, זאָל ער אַרייַנגיין דורכן פירהויז פון
טויער און דורך אים זאָל ער אַרויסגיין. [9]אָבער אַז דאָס
פאָלק פון לאַנד קומט פאַר גאָט אין די יָום־טוֹבים, זאָל דער
וואָס גייט אַריין דורכן צפון־טויער זיך צו בוקן, אַרויסגיין
דורכן דָרום־טויער, און דער וואָס גייט אַריין דורכן דָרום־

טויער, זאָל אַרויסגיין דורכן צפון־טויער; ער זאָל זיך ניט
אומקערן דורך דעם טויער וואָס ער איז דורך אים אַרייַנ־
געגאַנגען, נאָר אַנטקעגן זיך זאָל ער אַרויסגיין. [10]און דער
פירשט זאָל זיין צווישן זיי: ווען זיי גייען אַריין, זאָל ער אַרייַנגיין,
און ווען זיי גייען אַרויס, זאָלן זיי אַרויסגיין אין איינעם. [11]און
אין די יום־טובים און אין די פייערטעג זאָל דאָס שפּייזאָפּפער
זיין אַן איפה צו אַן אָקס, און אַן איפה צו אַ ווידער, און צו די
שעפּסן לויט דער גאָב פון זיין האַנט; און אייל אַ הין צו אַן איפה.
[12]און אַז דער פירשט וועט מאַכן אַ פרייוויליקן קרבן, אַ
בראַנדאָפּפער, אָדער אַ פרידאָפּפער, אַ פרייוויליקן קרבן
צו גאָט, זאָל מען עפענען פאַר אים דעם טויער וואָס איז
געקערט צו מזרח, און ער זאָל מאַכן זיין בראַנדאָפּפער און
זיין פרידאָפּפער, אַזוי ווי ער מאַכט אין טאָג פון שבת, און
אַרויסגיין; און מע זאָל פאַרשליסן דעם טויער נאָך זיין אַרויס־
גיין.
[13]און אַ שעפּס אַ יאָריקן אָן אַ פעלער זאָלסטו מאַכן אַ
בראַנדאָפּפער איטלאַכן טאָג צו גאָט; פרימאָרגן אין פרימאָרגן
זאָלסטו עס מאַכן. [14]און אַ שפּייזאָפּפער זאָלסטו מאַכן צו
אים פרימאָרגן אין פרימאָרגן, אַ זעקסטל פון אַן איפה, און
אייל אַ דריטל הין צו באַשפּריצן דאָס זעמלמעל, אַ שפּייז־
אָפּפער צו גאָט; אייביקע געזעצן אויף תמיד. [15]זיי זאָלן מאַכן
דעם שעפּס, און דאָס שפּייזאָפּפער, און דאָס אייל, פרימאָרגן
אין פרימאָרגן, אַ שטענדיק בראַנדאָפּפער.
[16]אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: אַז דער פירשט וועט
געבן עמיצן פון זיינע זין אַ מתנה, איז דאָס זיין נחלה, זאָל עס
בלייבן ביי זיינע זין; דאָס איז זייער אייגנטום פאַר אַ נחלה.
[17]אָבער אַז ער וועט געבן אַ מתנה פון זיין נחלה צו איינעם פון
זיינע קנעכט, זאָל עס צו אים געהערן ביז דעם יאָר פון פריי־

לאָזונג,א און זיך אומקערן צום פירשט; בלויז וואָס ער גיט פאַר
אַ נחלה צו זיינע זין, זאָל בלייבן ביי זיי. [18]און דער פירשט
זאָל ניט נעמען פון דעם פאָלקס נחלה, זיי צו קריוודען פון
זייער אייגנטום; פון זיין אייגנטום זאָל ער געבן אַ נחלה צו זיינע
זין; כּדי מיין פאָלק זאָל ניט צעשפּרייט ווערן איטלאַכער פון
זיין אייגנטום.

[19]און ער האָט מיך געבראַכט דורך דעם אַיינגאַנג וואָס
בּיין זייט טויער צו די הייליקע קאַמערן פאַר די כּהנים, וואָס
זיינען געווען געקערט צו צפון, ערשט דאָרטן איז געווען אַן
אָרט אין ווינקל צו מערב. [20]און ער האָט צו מיר געזאָגט: דאָס
איז דער אָרט וואָס די כּהנים זאָלן דאָרטן קאָכן דאָס שולד־
אָפּפער און דאָס זינדאָפּפער, ווו זיי זאָלן באַקן דאָס שפּייז־
אָפּפער, כּדי ניט אַרויסצוטראָגן אין דעם אויסנווייניקסטן הויף,
צו מאַכן הייליק דאָס פאָלק.

[21]און ער האָט מיך אַרויסגעפירט אין דעם אויסנווייניקסטן
הויף, און האָט מיך פאַרבייגעפירט פאַרביי די פיר ווינקלען
פון הויף, ערשט אַ הויף אין אַ ווינקל הויף, אַ הויף אין אַ ווינקל
הויף. [22]און אין די פיר ווינקלען פון הויף זיינען געווען אַייב
געשלאָסענע הויפן, פערציק די לענג, און דרייסיק די ברייט;
איין מאָס ביי זיי פירן אין די ווינקלען. [23]און אַ צייל [שטיינער]
איז געווען רונד אַרום אין זיי, רונד אַרום ביי זיי פירן, און קיכן
געמאַכט אונטער די ציילן רונד אַרום. [24]און ער האָט צו מיר
געזאָגט: דאָס איז די קאָכשטוב וואָס די באַדינער פון הויז זאָלן
דאָרטן קאָכן דאָס שלאַכטאָפּפער פון פאָלק.

מז [1]און ער האָט מיך צוריקגעבראַכט צו דעם אַיינגאַנג פון
הויז, ערשט וואַסער גייט אַרויס פון אונטער דער שוועל
פון הויז, צו מזרח, וואָרום די פאָדערזייט פון הויז איז געווען
צו מזרח; און דאָס וואַסער האָט אַראָפּגענידערט פון אונטן,

א זע ויקרא כה, 10.

פון דער רעכטער זייט פון הויז, אין דָרום פון מזבח. 2און ער
האָט מיך אַרויסגעפירט דורכן צפֿונדטויער, און האָט מיך
אַרויסגעפירט דורך דרויסן, צו דעם אויסנווייניקסטן טויער,
אויף דעם וועג וואָס איז געקערט צו מזרח; ערשט וואַסער
פליסט אַרויס פון דער רעכטער זייט.
3ווי דער מאַן איז אַרויסגעגאַנגען צו מזרח מיט אַ מעסט־
שנור אין זיין האַנט, אַזוי האָט ער אָפּגעמאָסטן טויזנט איילן,
און האָט מיך דורכגעפירט דורכן וואַסער—וואַסער ביז די
קנעכלאַך. 4און ער האָט אָפּגעמאָסטן טויזנט, און האָט מיך
דורכגעפירט דורכן וואַסער—וואַסער ביז די קני. און ער האָט
אָפּגעמאָסטן טויזנט, און האָט מיך דורכגעפירט דורך וואַסער
ביז די לענדן. 5און ער האָט אָפּגעמאָסטן טויזנט—אַ טייך וואָס
איך האָב ניט געקענט אַריבערגיין, וואָרום דאָס וואַסער איז
געוועזן הויך, אַ וואַסער צום שווימען, אַ טייך וואָס איך האָב
ניט געקענט אַריבערגיין. 6און ער האָט צו מיר געזאָגט: האָסטו
געזען, מענטשנקינד? און ער האָט מיך געפירט, און האָט מיך
געבראַכט צום ברעג פון טייך.
7ווי איך בין צוריקגעקומען, ערשט ביים ברעג טייך זיינען
פיל ביימער פון דער זייט און פון יענער זייט. 8און ער האָט
צו מיר געזאָגט: דאָסדאָזיקע וואַסער גייט אַרויס צו דער מזרח־
געגנט, און וועט אַראָפּנידערן אין דעם פלוין, און אַז עס וועט
אַריין אין ים, אין דעם ים פון דומפּיקע [וואַסער], וועט דאָס
וואַסער געזונט ווערן. 9און עס וועט זיין, יעטוועדער
לעבעדיקע באַשעפעניש וואָס ער ווידמענט, וועט אָפּלעבן
אומעטום וווּ די טייכן וועלן קומען, און פיש וועלן זיין זייער
פיל, ווייל דידאָזיקע וואַסערן קומען אַהין, כדי עס זאָל געהיילט
ווערן און אָפּלעבן אַלץ וווהין דער טייך וועט קומען. 10און
עס וועט זיין, פישערס וועלן שטיין ביי אים פון עֵין־גֶדִי און ביז

עֵין־עֶגלַיִם; אויף אויסשפּרייטן נעצן וועט עס זיין; פון אַלערליי
מינים וועלן זיין זייערע פיש, אַזוי ווי די פיש פון יַם־הַגָדול, זייער
פיל. 11 אָבער זיינע זומפּן און זיינע וואַסערגריבער וועלן
ניט געזוּנט געמאַכט ווערן; פאַר זאַלץ זיינען זיי אָפּגעגעבן.
12 און ביי דעם טייך וועלן אויסוואַקסן אויף זיין ברעג, פון דער
זייט און פון יענער זייט, אַלערליי בוימער צום עסן; זייער
בלאַט וועט ניט פאַרוועלקט ווערן, און זייער פרוכט וועט ניט
אויסגיין; אַלע חודש וועלן זיי צייטיקן, ווייל זייערע וואַסערן,
זיי גייען אַרויס פון הייליקטום; און זייער פרוכט וועט זיין צום
עסן, און זייער בלאַט פאַר אַ רפואה.
13 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר: דאָס איז דער געמאַרק,
ווי איר זאָלט מאַכן אַרבן דאָס לאַנד צו די צוועלף שבטים פון
ישראל, מיט צוויי חלקים פאַר יוסף. 14 און איר זאָלט עס אַרבן
איינער אַזוי ווי דער אַנדערער, וואָרום איך האָב אויפגעהויבן
מיין האַנט[א], עס צו געבן צו אַייערע עלטערן; און דאָסדאָזיקע
לאַנד זאָל אַייך פאַלן פאַר אַ נחלה. 15 און דאָס איז דער
געמאַרק פון דעם לאַנד: אין צפון־זייט, פון יַם־הַגָדול דורך
חֶתלוֹן ביז מע קומט קיין צְדָד; 16 חֲמָת, בֵּרוֹתָה, סִבְרַיִם וואָס
צווישן דעם געמאַרק פון דַמֶשֶׂק און דעם געמאַרק פון חֲמָת;
חֲצַר־הַתִּיכוֹן וואָס ביים געמאַרק פון חַוְרָן. 17 און דער געמאַרק
פון ים אַהער זאָל זיין חֲצַר־עֵינוֹן ביים געמאַרק פון דַמֶשֶׂק,
און אין צפון צו צפון איז דער געמאַרק פון חֲמָת. דאָס איז די
צפון־זייט. 18 און די מזרח־זייט זאָלט איר מעסטן צווישן חַוְרָן
און דַמֶשֶׂק און גִלְעָד, און צווישן דעם לאַנד פון ישראל, ביים
יַרדן, פון דעם געמאַרק ביז דעם מזרח־ים. דאָס איז די מזרח־
זייט. 19 און די דָרום־זייט צו דָרום איז פון תָּמָר ביז די וואַסערן
פון מְרִיבוֹת־קָדֵשׁ, ביז צום טייך, ביז צום יַם־הַגָדול. דאָס איז
די דָרום־זייט צו דָרום. 20 און די מערב־זייט איז דער יַם־

א געשוואָרן.

הַגָּדול, פון דעם געמאַרק ביז אַקעגן ווו מע קומט קיין חֲמָת.
דאָס איז די מערב־זייט.
[21]און אַז איר וועט אײַך צעטיילן דאָסדאָזיקע לאַנד לויט
די שבטים פון ישׂראל, [22]איז, זאָלט איר עס אויסוואַרפן פאַר
אַ נחלה צו אײַך, און צו די פרעמדע וואָס וווינען צווישן אײַך,
וואָס האָבן געבאָרן קינדער צווישן אײַך; און זיי זאָלן בײַ אײַך
זײַן אַזוי ווי אײַנגעבאָרענע צווישן די קינדער פון ישׂראל; גלײַך
מיט אײַך זאָל זיי פאַלן אַ נחלה צווישן די קינדער פון ישׂראל.
[23]און עס זאָל זײַן, צווישן דעם שבט וואָס דער פרעמדער וווינט
בײַ אים, דאָרטן זאָלט איר געבן זײַן נחלה, זאָגט גאָט דער האַר.
מח [1]און דאָס זײַנען די נעמען פון די שבטים: פון צפון־עק
לעבן דעם וועג פון חֶתלוֹן ביז מע קומט קיין חֲמָת, חֲצַר־
עֵינָן בײַ דעם געמאַרק פון דַמֶשֶׂק צו צפון, לעבן חֲמָת. און עס
זאָל זײַן פון מזרח־זייט צו מערב פאַר דָן, איין חלק. [2]און לעבן
דעם געמאַרק פון דָן, פון מזרח־זייט ביז מערב־זייט, אָשֵר, איין
חלק. [3]און לעבן דעם געמאַרק פון אָשֵר, פון מזרח־זייט און
ביז מערב־זייט, נפתלי, איין חלק. [4]און לעבן דעם געמאַרק
פון נפתלי, פון מזרח־זייט ביז מערב־זייט, מנשה, איין חלק.
[5]און לעבן דעם געמאַרק פון מנשה, פון מזרח־זייט ביז מערב־
זייט, אפרים, איין חלק. [6]און לעבן דעם געמאַרק פון אפרים,
פון מזרח־זייט און ביז מערב־זייט, ראובן, איין חלק. [7]און לעבן
דעם געמאַרק פון ראובן, פון מזרח־זייט ביז מערב־זייט, יהודה,
איין חלק.

[8]און לעבן דעם געמאַרק פון יהודה, פון מזרח־זייט ביז
מערב־זייט, זאָל זײַן די אָפּשיידונג וואָס איר זאָלט אָפּשיידן,
פינף און צוואַנציק טויזנט [שטאַנגען] די ברייט, און די לענג אַזוי
ווי איינער פון די חלקים, פון מזרח־זייט ביז מערב־זייט. און
דאָס הייליקטום זאָל זײַן אין מיטן פון דעם. [9]די אָפּשיידונג

וואָס איר וועט אָפּשיידן צו גאָט, זאָל זיין די לענג פינף און
צוואַנציק טויזנט, און די ברייט צען טויזנט. [10]און פאַר די
דאָזיקע, פאַר די כּהנים, זאָל די הייליקע אָפּשיידונג זיין: צו
צפון פינף און צוואַנציק טויזנט, און צו מערב צען טויזנט די
ברייט, און צו מזרח צען טויזנט די ברייט, און צו דָרום פינף
און צוואַנציק טויזנט די לענג; און דאָס הייליקטום פון גאָט זאָל
זיין אין מיטן פון דעם. [11]דער געהייליקטער טייל זאָל זיין
פאַר די כּהנים פון די קינדער פון צָדוק וואָס האָבן געהיט מיין
היטונג, וואָס האָבן ניט אַוועקגעבלאָנדזשעט, ווען די קינדער
פון ישׂראל האָבן אַוועקגעבלאָנדזשעט, אַזוי ווי די לוִיִים האָבן
אַוועקגעבלאָנדזשעט. [12]און עס זאָל זיין אַן אָפּשיידונג פאַר זיי
פון דער אָפּשיידונג פון דעם לאַנד—אַ הייליקייט פון הייליקייטן,
לעבן דעם געמאַרק פון די לוִיִים. [13]און פאַר די לוִיִים, אַקעגן
דעם געמאַרק פון די כּהנים, פינף און צוואַנציק טויזנט די לענג,
און די ברייט צען טויזנט; איטלאַכע לענג פינף און צוואַנציק
טויזנט, און די ברייט צען טויזנט. [14]און זיי זאָלן דערפון ניט
פאַרקויפן, און מע זאָל ניט אויסבייטן, און ניט איבערגעבן דאָס
ערשטע פון דעם לאַנד, וואָרום עס איז הייליק צו גאָט.

[15]און די פינף טויזנט וואָס בלייבן אין דער ברייט, [פאַר
לענג] פון די פינף און צוואַנציק טויזנט, דאָס זאָל זיין וואָכעדיק,
פאַר אַ שטאָט צום וווינען, און פאַר אַ פרייען פּלאַץ; און די
שטאָט זאָל זיין אין מיטן פון דעם. [16]און דאָס זיינען אירע מאָסן;
צפון־זייט פיר טויזנט און פינף הונדערט, און דָרום־זייט פיר
טויזנט און פינף הונדערט, און פון מזרח־זייט פיר טויזנט און
פינף הונדערט, און מערב־זייט פיר טויזנט און פינף הונדערט.
[17]און אַ פרייער פּלאַץ זאָל זיין צו דער שטאָט: צו צפון צוויי
הונדערט און פופציק, און צו דָרום צוויי הונדערט און פופציק,
און צו מזרח צוויי הונדערט און פופציק, און צו מערב צוויי

הונדערט און פופציק. [18]און וואָס בלייבט איבער אין דער
לענג, אַקעגן דער הייליקער אָפּשיידונג, צען טויזנט צו מזרח,
און צען טויזנט צו מערב—דאָס וואָס איז אַקעגן דער הייליקער
אָפּשיידונג, זאָל דער אײַנקום דערפון זיין פאַר ברויט פאַר די
אַרבעטער פון דער שטאָט. [19]און די וואָס אַרבעטן אין דער
שטאָט, זאָלן עס באַאַרבעטן—פון אַלע שבטים פון ישׂראל.
[20]די גאַנצע אָפּשיידונג, פינף און צוואַנציק טויזנט אויף פינף און
צוואַנציק טויזנט; פירעקעכדיק זאָלט איר אָפּשיידן די הייליקע
אָפּשיידונג מיט דעם אייגנטום פון דער שטאָט.
[21]און דאָס איבעריקע זאָל זיין פאַר דעם פירשט; פון דער
זייט און פון יענער זייט פון דער הייליקער אָפּשיידונג און פון
דעם אייגנטום פון דער שטאָט, אַקעגן די פינף און צוואַנציק
טויזנט פון דער אָפּשיידונג ביז דעם געמאַרק צו מזרח, און צו
מערב אַקעגן די פינף און צוואַנציק טויזנט ביז דעם געמאַרק
צו מערב, אַקעגן די חלקים, פאַר דעם פירשט; און די הייליקע
אָפּשיידונג מיט דעם הייליקטום פון הויז זאָל זיין אין מיטן פון
דעם. [22]און דאָס אייגנטום פון די לוִיים, און דאָס אייגנטום
פון דער שטאָט, זאָל זיין אין מיטן פון דעם וואָס פאַרן פירשט;
צווישן דעם געמאַרק פון יהודה און צווישן דעם געמאַרק פון
בנימין זאָל זיין פאַר דעם פירשט.
[23]און די איבעריקע שבטים: פון מזרח־זייט ביז מערב־זייט,
בנימין, איין חלק. [24]און לעבן דעם געמאַרק פון בנימין, פון
מזרח־זייט ביז מערב־זייט, שמעון, איין חלק. [25]און לעבן דעם
געמאַרק פון שמעון, פון מזרח־זייט ביז מערב־זייט, ישָׂשכָר,
איין חלק. [26]און לעבן דעם געמאַרק פון ישָׂשכָר, פון מזרח־זייט
ביז מערב־זייט, זבולון, איין חלק. [27]און לעבן דעם געמאַרק
פון זבולון, פון מזרח־זייט ביז מערב־זייט, גָד, איין חלק. [28]און
לעבן דעם געמאַרק פון גָד, אין דָרום זייט צו דָרום, זאָל דער

געמאַרק זיין פון תָּמָר ביז די וואַסערן פון מריבַת־קָדֵש, ביזן
טייך, ביז צום יַם־הַגָּדול. 29 דאָס איז דאָס לאַנד וואָס איר זאָלט
אויסוואַרפן פאַר אַ נחלה צו די שבטים פון ישׂראל, און דאָס
זיינען זייערע אַיינטיילונגען, זאָגט גאָט דער האַר.
30 און דאָס זיינען די אויסלאָזן פון דער שטאָט: פון צפון־זייט
פיר טויזנט און פינף הונדערט [שטאַנגען] אויפן מאָס; 31 און די
טויערן פון דער שטאָט זאָלן זיין אויף די נעמען פון די שבטים
פון ישׂראל; דריי טויערן צו צפון: דער טויער פון ראובן, איינער;
דער טויער פון יהודה, איינער; דער טויער פון לֵוִי, איינער. 32 און
צו מזרח־זייט פיר טויזנט און פינף הונדערט, און דריי טויערן:
דער טויער פון יוסף, איינער; דער טויער פון בנימין, איינער;
דער טויער פון דָן, איינער. 33 און אין דָרום־זייט פיר טויזנט און
פינף הונדערט אויפן מאָס, און דריי טויערן: דער טויער פון
שמעון, איינער; דער טויער פון ישָׂשכָר, איינער; דער טויער פון
זבולון, איינער. 34 מערב־זייט פיר טויזנט און פינף הונדערט;
זייערע טויערן דריי: דער טויער פון גָד, איינער; דער טויער פון
אָשר, איינער; דער טויער פון נפתלי, איינער. 35 רונד אַרום,
אַכצן טויזנט. און דער נאָמען פון דער שטאָט זאָל זיין פון
יענעם טאָג: יהוה־איז־דאָרטן[א].

[א] יהוה שָׁמָּה.

# הוֹשֵעַ

# יוֹאֵל



# עָמוֹס

# עוֹבַדְיָה



# יוֹנָה



# מִיכָה



# נחום

## חֲבַקוּק



## צְפַנְיָה



## חַגַּי



## זְכַרְיָה

# מַלאָכי

# הושע

א [1]דאָס וואָרט פון גאָט וואָס איז געווען צו הושע דעם זון פון
בארין, אין די טעג פון עוזיה, יותם, אחז, יחזקיה, די מלכים
פון יהודה, און אין די טעג פון ירבעם דעם זון פון יואָשן, דעם
מלך פון ישראל.
[2]דאָס ערשטע וואָס גאָט האָט גערעדט צו הושען, האָט
גאָט געזאָגט צו הושען:
גיי נעם דיר אַ ווייב אַ זונה,
און קינדער פון אַ זונה,
וואָרום מזנה טוט מזנה זיין דאָס לאַנד,
אַוועק פון הינטער גאָט.
[3]איז ער געגאַנגען און האָט גענומען גומר די טאָכטער פון
דבלימען, און זי איז טראָגעדיק געוואָרן, און האָט אים געבאָרן
אַ זון. [4]און גאָט האָט צו אים געזאָגט:
רוף זיין נאָמען יזרעאל,
וואָרום נאָך אַ קליין ווײַלע,
און איך וועל זיך רעכענען פאַר דעם בלוט פון יזרעאל
מיט דעם הויז פון יהוא,
און איך וועל פאַרשטערן די מלוכה
פון דעם הויז פון ישראל.
[5]און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
וועל איך צעברעכן דעם בויגן פון ישראל אין טאָל יזרעאל.
[6]און זי איז ווידער טראָגעדיק געוואָרן, און האָט געבאָרן
אַ טאָכטער. און ער האָט צו אים געזאָגט:

רוף איר נאָמען לאָ־רוּחָמָה,
וואָרום איך וועל מער ווידער ניט רחמנות האָבן
אויף דעם הויז פון ישׂראל,
אַז פאַרגעבן זאָל איך זיי פאַרגעבן.
7אָבער אויף דעם הויז פון יהודה
וועל איך רחמנות האָבן,
און איך וועל זיי העלפן דורך יהוה זייער גאָט,
און איך וועל זיי ניט העלפן דורך בויגן
און דורך שווערד און דורך מלחמה,
דורך פערד און דורך רייטער.
8און זי האָט אַנטוויינט לאָ־רוּחָמָהן, און זי איז טראָגעדיק
געוואָרן, און האָט געבאָרן אַ זון. 9און ער האָט געזאָגט:
רוף זיין נאָמען לאָ־עַמִּי[a],
וואָרום איר זייט ניט מיין פאָלק,
און איך בין ניט אײַערער.

ב 1און די צאָל פון די קינדער פון ישׂראל
וועט זיין אַזוי ווי דער זאַמד פון ים,
וואָס קען ניט געמאָסטן און ניט געציילט ווערן;
און עס וועט זיין,
אָנשטאָט וואָס צו זיי פלעגט געזאָגט ווערן:
איר זייט ניט מיין פאָלק,
וועט צו זיי געזאָגט ווערן:
קינדער פון דעם לעבעדיקן גאָט.
2און די קינדער פון יהודה און די קינדער פון ישׂראל
וועלן זיך אײַנזאַמלען אין איינעם,
און זיי וועלן זיך מאַכן איין הויפּטמאַן,
און זיי וועלן אַרויפגיין פון דעם לאַנד,

[a] ניט מיין פאָלק.

וואָרום גרויס וועט זיין דער טאָג פון יִזרְעֶאל.

3זאָגט צו אַייערע ברידער: עַמִי[א],

און צו אַייער שוועסטער: רוּחָמָה[ב].

4קריגט אַייך מיט אַייער מוטער, קריגט אַייך,

וואָרום זי איז ניט מיין ווייב, און איך בין ניט איר מאַן;

און זאָל זי אָפּטאָן איר זנוּת פון איר פּנים,

און איר ניאוּף פון צווישן אירע בריסט.

5אַניט וועל איך זי אויסטאָן אַ נאַקעטע,

און זי לאָזן שטיין ווי אין טאָג פון איר געבאָרנשאַפט;

און איך וועל זי מאַכן ווי אַ מדבר,

און זי לאָזן ווערן ווי אַ טרוקן לאַנד,

און זי טייטן מיט דאָרשט.

6און אירע קינדער וועל איך ניט דערבאַרימען,

וואָרום קינדער פון זנוּת זיינען זיי.

7וואָרום מזנה געווען האָט זייער מוטער,

פאַרמיאוסט האָט זיך זייער געווינערן.

וואָרום זי האָט געזאָגט:

איך וועל גיין נאָך מיינע ליבהאָבער,

די וואָס גיבן מיין ברויט און מיין וואַסער,

מיין וואָל און מיין פלאַקס, מיין אייל און מיין טראַנק.

8דרום זע, איך פאַרשטעל דיין וועג מיט דערנער,

און וועל פאַרצאַמען אַ צאַם אַרום איר,

אַז זי זאָל אירע שטעגן ניט געפינען.

9און זי וועט נאָכיאָגן אירע ליבהאָבער און זיי ניט דערגרייכן,

און זי וועט זיי זוכן און ניט געפינען;

און זי וועט זאָגן:

איך וועל גיין און זיך אומקערן צו מיין ערשטן מאַן,

[א] מיין פאָלק. [ב] דערבאַרימטע.

וואָרום דענסמאָל איז מיר בעסער געווען ווי אַצונד.
[10]און זי ווייס ניט, אַז דאָס האָב איך איר געגעבן
די תבואה, דעם וויין, און דאָס אייל;
און דאָס זילבער און גאָלד וואָס איך האָב איר געמערט,
האָבן זיי פאַרטאָן אויף בַעַל.
[11]דרום וועל איך צוריקנעמען מיין תבואה אין איר צייט,
און מיין וויין אין זיין געשטעלטער צייט,
און איך וועל אַוועקרייסן מיין וואָל און מיין פלאַקס,
וואָס איז געווען איר נאַקעטקייט צו פאַרדעקן.
[12]און אַצונד וועל איך אַנטפּלעקן איר שאַנד
פאַר די אויגן פון אירע ליבהאָבער,
און קיינער וועט זי ניט מציל זיין פון מיין האַנט.
[13]און איך וועל מאַכן אויפהערן איר גאַנצע פרייד;
איר יום־טוב, איר ראָש־חודש, און איר שבת,
און אַלע אירע פייערטעג.
[14]און איך וועל פאַרוויסטן איר ווינשטאָק און איר פייגנבוים,
וואָס זי האָט געזאָגט: אַ מתנה זיינען זיי מיר,
וואָס מיינע ליבהאָבער האָבן מיר געגעבן;
און איך וועל זיי מאַכן פאַר אַ וואַלד,
און די חיה פון פעלד וועט זיי אויפעסן.
[15]און איך וועל זיך רעכענען מיט איר
פאַר די טעג פון די בַעַל־געטער,
וואָס זי האָט געריכערט צו זיי,
און אָנגעטאָן אירע אוירינגען און איר צירונג,
און געגאַנגען נאָך אירע ליבהאָבער,
און אָן מיר האָט זי פאַרגעסן, זאָגט גאָט.
[16]אָבער זע, איך רעד זי איבער,
און וועל זי אַוועקפירן אין מדבר,

און וועל רעדן צו איר האַרצן.

17און איך וועל איר אָפּגעבן אירע וויינגערטנער דענסמאָל,
און דעם טאָל פֿון קומער[א] פֿאַר אַ טיר פֿון האָפֿענונג;
און זי וועט דאָרטן זינגען ווי אין די טעג פֿון איר יוגנט
און ווי אין טאָג פֿון איר אַרויפֿגיין פֿון לאַנד מִצרַיִם.

18און עס וועט זיין אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט,
וועסטו רופֿן: מיין מאַן[ב],
און וועסט מיך מער ניט רופֿן: מיין אויבערהאַר[ג].

19און איך וועל אָפּטאָן די נעמען פֿון די בַעַל־געטער פֿון איר מויל,
און זיי וועלן מער ניט געדאַכט ווערן מיט זייער נאָמען.

20און איך וועל זיי שליסן אַ בונד אין יענעם טאָג,
מיט דער חיה פֿון פֿעלד, און מיט דעם פֿויגל פֿון הימל,
און מיט דעם שרץ פֿון דער ערד.
און אַ בויגן און שווערד און מלחמה וועל איך צעברעכן פֿון לאַנד,
און איך וועל זיי מאַכן ליגן אין זיכערקייט.

21און איך וועל דיך פֿאַרקנַסן צו מיר אויף אייביק,
און דיך פֿאַרקנַסן צו מיר מיט רעכט און מיט גערעכטיקייט,
און מיט גענאָד און מיט באַרימהאַרציקייט.

22און איך וועל דיך פֿאַרקנַסן צו מיר מיט טריישאַפֿט,
און וועסט דערקענען גאָט.

23און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
וועל איך ענטפֿערן, זאָגט גאָט,
וועל איך ענטפֿערן די הימלען,
און זיי וועלן ענטפֿערן דער ערד,

[א] דעם טאָל עָכוֹר. [ב] אִישִׁי. [ג] בַּעֲלִי.

24און די ערד וועט ענטפֿערן דער תּבֿואה,
און דעם וויין, און דעם אייל,
און זיי וועלן ענטפֿערן יִזרְעֶאל.
25און איך וועל זי מיר אײַנזייען אין לאַנד,
און איך וועל דערבאַרימען די ניט דערבאַרימטע,
און וועל זאָגן צו ניט־מײַן־פֿאָלק: מײַן פֿאָלק ביסטו,
און ער וועט זאָגן: מײַן גאָט.

ג 1און גאָט האָט צו מיר געזאָגט:
גיי ווידער האָב ליב אַ פֿרוי,
געליבט פֿון אַ ליבהאָבער, אָבער אַ נואפֿטע;
אַזוי ווי יהוה האָט ליב די קינדער פֿון ישׂראל,
און זיי קערן זיך צו פֿרעמדע געטער,
און האָבן ליב טרויבנקוכנס.

2האָב איך זי מיר געקויפֿט פֿאַר פֿופֿצן זילבערשטיק, און
אַ חומֶר גערשטן, און אַ לֶתֶך גערשטן. 3און איך האָב צו איר
געזאָגט:
פֿיל טעג זאָלסטו מיר זיצן אַליין,
זאָלסט ניט מזנה זיין,
און ניט געהערן צו קיין מאַן,
און דעסגלײַכן איך קעגן דיר.
4וואָרום פֿיל טעג וועלן די קינדער פֿון ישׂראל
זיצן אָן אַ מלך, און אָן אַ האַר,
און אָן אַ שלאַכטאָפּפֿער, און אָן אַ זײַלשטיין,
און אָן אַן אֵפוֹד און תּרָפים.
5דערנאָך וועלן די קינדער פֿון ישׂראל זיך אומקערן,
און זיי וועלן זוכן יהוה זייער גאָט,

און דוד זייער מלך,
און זיי וועלן אַנגסטן צו יהוה און צו זיין גוטס,
אין סוף פון די טעג.

ד 1 הערט דאָס וואָרט פון גאָט, איר קינדער פון ישׂראל,
וואָרום גאָט האָט אַ קריג מיט די באַוווינער פון לאַנד,
ווייל קיין אמת און קיין גענאָד,
און קיין דערקענונג פון גאָט איז ניטאָ אין לאַנד.
2 שווערן און לייקענען און טייטן
און גנבֿען און מזנה זיין, זיינען פאַרשפרייט,
און בלוט אָן בלוט רירט זיך אָן.
3 דרום וועט טרויערן דאָס לאַנד,
און פאַרוועלקט ווערן וועט איטלאַכער וווינער דערין,
מיט דער חיה פון פעלד, און מיטן פויגל פון הימל;
און אַפילו די פישן פון ים וועלן אײַנגעטאָן ווערן.
4 אָבער קיינער טאָר זיך ניט קריגן,
און ניט שטראָפן טאָר קיינער,
וואָרום דיין פאָלק זיינען אַזעלכע
וואָס קריגן זיך מיטן כּהן.
5 דרום וועסטו געשטרויכלט ווערן ביי טאָג,
און אויך דער נביא וועט געשטרויכלט ווערן מיט דיר ביי נאַכט,
און איך וועל פאַרשניידן דיין מוטער.
6 פאַרשניטן ווערט מיין פאָלק פון ניט פאַרשטאַנדיקייט;
ווייל דו האָסט פאַראַכט וויסן,
דרום האָב איך דיך פאַראַכט פון צו זיין מיר אַ כּהן;
אַז דו האָסט פאַרגעסן די תּורה פון דיין גאָט,
וועל איך אויך פאַרגעסן אָן דיינע קינדער.

7וויִ זיי האָבן זיך געמערט, אַזוי האָבן זיי געזינדיקט צו מיר;
וועל איך זייער כּבוד אויף שאַנד אומבייטן.
8זיי נערן זיך אויף די זינד פֿון מײַן פֿאָלק,
און אויף זייער פֿאַרברעך קוקן זיי אויס.
9דרום וועט זײַן, אַזוי דאָס פֿאָלק אַזוי דער כּהן,
און איך וועל זיך רעכענען מיט אים פֿאַר זײַנע וועגן,
און זײַנע מעשׂים וועל איך אים אומקערן.
10און זיי וועלן עסן און ניט זאַט ווערן,
זיי זײַנען מזנה, אָבער זיי וועלן זיך ניט מערן;
ווײַל זיי האָבן אויפֿגעהערט אויף גאָט צו אַכטן.
11זנות און ווײַן און טרויבנזאַפֿט
באַנעמט דאָס האַרץ.
12מײַן פֿאָלק פֿרעגט בײַ זײַן האָלץ,
און זײַן שטעקן באַשיידט אים;
וואָרום אַ גײַסט פֿון זנות האָט פֿאַרפֿירט,
און זיי האָבן זיך אָפּגעקערט פֿון אונטער זייער גאָט.
13אויף די שפּיצן בערג שלאַכטן זיי,
און אויף די הייכן רייכערן זיי,
אונטער אייכנבוים און טאָפּאָל און טערעבינט,
ווײַל זײַן שאָטן איז גוט.
דרום זײַנען אײַערע טעכטער מזנה,
און אײַערע שניר זײַנען אומטריי
14איך פֿאַרדענק ניט אײַערע טעכטער וואָס זיי זײַנען מזנה,
און אײַערע שניר וואָס זיי זײַנען אומטריי,
אַז זיי אַליין גייען מיט זונות אַוועק,
און מיט שאַנדווײַבער ברענגען זיי שלאַכטאָפּפֿער;
און דאָס פֿאָלק וואָס פֿאַרשטייט ניט, ווערט געשטרויכלט.

15אויב דו ישׂראל ביסט מזנה,
זאָל זיך יהודה ניט פֿאַרשולדיקן;
און קומט ניט קיין גִלְגָל,
און גייט ניט אַרויף קיין בֵית־אָוֶן,
און שווערט ניט: אַזוי ווי יהוה לעבט!
16וואָרום אַזוי ווי אַ ווידערשפּעניקע קו
האָט ווידערשפּעניקט ישׂראל;
זאָל גאָט זיי אַצונד פּיטערן
ווי אַ שעפּס אין דערברייטערניש?
17באַהעפֿט צו געצנבילדער איז אפֿרים,
לאָז אים צו רו.
18גייט אָפּ זייער שכרות,
זײַנען זיי אין זנות פֿאַרזונקען;
אײַנגעליבט אין שאַנד
זײַנען אירע באַשיצער.
19דער ווינט האָט זיי אײַנגעבונדן אין זײַנע פֿליגלען;
און זיי וועלן זיך שעמען מיט זייערע שלאַכטאָפּפֿער.

ה 1הערט דאָס צו, איר כֹּהנים,
און פֿאַרנעמט, איר הויז פֿון ישׂראל,
און איר הויז פֿון מלך, לייגט צו דאָס אויער;
וואָרום אויף אײַך איז אַ משפּט פֿאַראַן,
ווײַל אַ פּאַסטקע זייט איר געווען פֿאַר מִצְפָּה,
און אַן אויסגעשפּרייטע נעץ אויף תָבוֹר.
2און די אָפּקערער זײַנען אין שעכטן פֿאַרטיפֿט,
און איך בין אָפּגעטאָן בײַ זיי אַלעמען.
3איך קען אפֿרים,
און ישׂראל איז ניט פֿאַרהוילן פֿון מיר;

וואָרום אַצונד האָסטו מזנה געווען, אפרים,
פאַראומרייניקט געוואָרן איז ישׂראל.
4 זייערע מעשׂים לאָזן זיי ניט
זיך אומצוקערן צו זייער גאָט,
וואָרום אַ גייסט פון זנות איז אין זיי,
און יהוה קענען זיי ניט.
5 און דער שטאָלץ פון ישׂראל וועט געבייגט ווערן פאַר זײַן פּנים,
און ישׂראל און אפרים וועלן געשטרויכלט ווערן דורך זייער זינד,
אויך יהודה טוט שטרויכלען מיט זיי.
6 מיט זייערע שאָף און מיט זייערע רינדער
וועלן זיי גיין זוכן גאָט,
אָבער זיי וועלן ניט געפינען–
ער איז אַוועק פון זיי.
7 זיי האָבן אָן גאָט געפעלשט,
וואָרום פרעמדע קינדער האָבן זיי געבאָרן;
אַצונד וועט זיי אַ חודש
פאַרצערן מיט זייערע פעלדער.
8 בלאָזט אַ שופר אין גִבעָה,
אַ טרומייטער אין רָמָה;
שאַלט אין בֵית־אָוֶן:
קוק זיך אום, בנימין!
9 אפרים וועט צו וויסט ווערן אין טאָג פון שטראָף;
אין די שבטים פון ישׂראל טו איך עס צו וויסן אויף זיכער.
10 די האַרן פון יהודה זײַנען ווי גרענעצפאַרראַפּער,
אויף זיי וועל איך אויסגיסן ווי וואַסער מײַן צאָרן.
11 געדריקט ווערט אפרים, צעבראָכן פון משפט,

ווײַל ער איז ווילנדיק געגאַנגען נאָך קויט.
12 און איך בין ווי אַ מאָיל צו אפרים,
און ווי אַ פוילונג צו דעם הויז פון יהודה.
13 און אפרים האָט געזען זײַן קראַנקשאַפט,
און יהודה זײַן ווונד;
איז אפרים געגאַנגען צו אַשור,
און האָט געשיקט צום מלך „שטרײַטער";
אָבער ער קען אײַך ניט היילן,
און ער וועט ניט אָפּטאָן פון אײַך די ווונד.
14 וואָרום איך וועל זײַן ווי אַ לײב צו אפרים,
און ווי אַ יונגלײב צום הויז פון יהודה;
איך, איך וועל פאַרצוקן און אַוועקגיין,
אַוועקטראָגן, און קיינער וועט ניט מציל זײַן.
15 איך וועל גיין, איך וועל זיך אומקערן צו מײַן אָרט,
ביז זיי וועלן זיך שפּירן שולדיק; און זוכן מײַן פּנים;
אין זייער נויט וועלן זיי מיך זוכן:

ו 1 קומט און לאָמיר זיך אומקערן צו גאָט,
וואָרום ער האָט פאַרצוקט, און ער וועט אונדז היילן,
ער שלאָגט, און ער וועט אונדז פאַרבינדן.
2 נאָך צוויי טעג וועט ער אונדז אויפלעבן,
אויפן דריטן טאָג וועט ער אונדז אויפריכטן,
און מיר וועלן לעבן פאַר אים.
3 און לאָמיר דערקענען, לאָמיר זיך יאָגן צו דערקענען גאָט;
זיכער ווי דער באַגינען איז זײַן אַרויסגאַנג;
און ער וועט קומען צו אונדז ווי דער רעגן,
און ווי שפּעטרעגן וואָס באַוועסערט די ערד.

4 וואָס זאָל איך טאָן צו דיר, אפרים?
וואָס זאָל איך טאָן צו דיר, יהודה?
אַז אײַער גוטסקייט איז ווי אַ פרימאָרגנוואָלקן,
און ווי דער טוי וואָס פאַרגייט אין דער פרי.
5 דרום האָב איך [זיי] געהאַקט דורך די נביאים,
זיי געהרגעט מיט די ווערטער פון מײַן מויל;
כּדי דײַן משפּט זאָל ווי דאָס ליכט אַרויס.
6 וואָרום גוטסקייט האָב איך באַגערט און ניט שלאַכטאָפּפער,
און דערקענונג פון גאָט אײדער בראַנדאָפּפער.

7 אָבער זיי ווי מענטשן האָבן איבערגעטרעטן דעם בונד;
אָן האָבן זיי געפעלשט אָן מיר.
8 גלעָד איז אַ שטאָט פון אומרעכטטוער,
אויסגעטרעטן מיט בלוט.
9 און ווי באַנדעס וואָס לויערן אויף מענטשן,
איז די חבֿרה פון די כּהנים;
זיי טייטן אויפן וועג קיין שכם,
יאָ, שענדלאַכקייט באַגייען זיי.
10 אין הויז פון ישׂראל האָב איך שוידערהאַפטיקס געזען,
אָן איז זנות בײַ אפרים,
פאַראומרייניקט איז ישׂראל.
11 אויך אויף דיר, יהודה, האָט מען אַ שניט באַשערט.

אַז איך וויל אומקערן די געפאַנגענשאַפט פון מײַן פאָלק.
ז 1 ווי איך וויל היילן ישׂראל,
אַזוי ווערט אַנטפּלעקט די זינד פון אפרים,
און די בייזן פון שומרון;
וואָרום זיי באַגייען פאַלשקייט,

און אַ גנב ברעכט אַײַן,
אַ באַנדע באַפֿאַלט אויף דער גאַס.
2און זאָלן זײ זיך ניט אײַנרעדן אין זײער האַרצן,
אַלדאָס בײַז זײערס געדענק איך;
אַצונד האָבן זײערע מעשׂים זײ אַרומגערינגלט,
אַקעגן מײַן פּנים זײַנען זײ.
3מיט זײער בײַז דערפֿרײען זײ דעם מלך,
און מיט זײערע ליגנס די האַרן.
4אַלע זײַנען זײ נואפֿים,
װי אַן אויװן אָנגעהײצט פֿון בעקער,
װאָס מע הערט בלויז אויף שאַרן,
פֿון פֿאַרקנעטן דעם טײג ביז זײַן זױער װערן.
5אין דעם טאָג פֿון אונדזער מלך,
זײַנען די האַרן קראַנק פֿון װײַנדערהיצונג;
ער אַלײן שטרעקט אויס זײַן האַנט מיט די שפּעטער.
6װאָרום זײ האָבן צוגעברײט זײער האַרץ
װי אַן אויװן אין זײער לױער;
אַ גאַנצע נאַכט שלאָפֿט זײער בעקער,
פֿרימאָרגנס ברענט ער אַזױ װי פֿלאַמפֿײַער.
7זײ אַלע גליִען װי אַן אויװן,
און זײ פֿאַרצערן זײערע ריכטער;
אַלע זײערע מלכים זײַנען געפֿאַלן,
קײנער צװישן זײ רופֿט ניט צו מיר.

8אפֿרים, ער מישט זיך מיט די פֿעלקער,
אפֿרים איז געװאָרן אַ ניט איבערגעקערטער קוכן.
9פֿרעמדע האָבן אויפֿגעגעסן זײַן כּוח,
און ער מערקט ניט;

שוין גראָע האָר דורכגעשפּריצט בײַ אים,
און ער מערקט ניט.
10און דער שטאָלץ פֿון ישׂראל איז געבויגן פֿאַר זײַן פּנים,
אָבער זײ קערן זיך ניט אום צו יהוה זײער גאָט,
און זײ זוכן אים ניט בײַ אַלעם דעם.
11און אפרים איז געוואָרן װי אַ נאַרישע טויב, אָן שׂכל,
מִצרַיִם האָבן זײ גערופֿן,
קײן אַשור זײַנען זײ געגאַנגען.
12װי זײ װעלן גײן, װעל איך אויסשפּרײטן אויף זײ מײַן נעץ,
װי פֿויגלען פֿון הימל װעל איך זײ אַראָפּנידערן;
איך װעל זײ שטראָפֿן װי איך האָב געלאָזט הערן זײער עדה.
13װײ צו זײ, װאָס זײ זײַנען אַװעק פֿון מיר!
פֿאַרװיסטונג אויף זײ, װאָס זײ האָבן געבראָכן אָן מיר!
און איך זאָל זײ אויסלײזן,
װען זײ האָבן גערעדט ליגנס אויף מיר?
14און זײ שרײַען ניט צו מיר מיט זײער האַרצן,
אַז זײ יאָמערן אויף זײערע געלעגערס;
װעגן תּבֿואה און װײַן רודלען זײ זיך,
אָן מיר װידערשפּעניקן זײ.
15און איך האָב געלערנט,
געשטאַרקט זײערע אָרעמס,
אָבער זײ טראַכטן שלעכטס אויף מיר.
16זײ קערן זיך, אָבער ניט צו דער הײך,
װי אַ פֿאַלשער בויגן זײַנען זײ געװאָרן,
װעלן פֿאַלן דורכן שװערד זײערע האַרן
פֿאַר דעם צאָרן פֿון זײער צונג;
דאָס װעט זײַן אַ שפּאָט פֿון זײ אין לאַנד מִצרַיִם.

ח ¹צו דיין גומען אַ שופר!
ווי אַן אָדלער קומט אויף גאָטס הויז;
ווייל זיי האָבן איבערגעטרעטן מיין בונד,
און קעגן מיין תּורה פאַרבראָכן.
²קעגן ישׂראל דען שרייען צו מיר:
מיין גאָט, מיר קענען דיך?
³ישׂראל האָט פאַרלאָזט דאָס גוטס,
זאָל אים דער פיינט נאָכיאָגן.
⁴זיי האָבן געמאַכט מלכים, אָבער אָן מיר,
געמאַכט האַרן, און איך האָב ניט געוווסט;
פון זייער זילבער און זייער גאָלד
האָבן זיי זיך געצנבילדער געמאַכט;
דרום וועט ער פאַרשניטן ווערן.
⁵פאַרלאָזן ווערט דיין קאַלב, שומרון;
מיין צאָרן טוט גרימען אויף זיי;
ביז וואַנען נאָך וועלן זיי ניט קענען זיך רייניקן?
⁶וואָרום עס קומט פון ישׂראל,
און דאָס האָט אַ מייַסטער געמאַכט,
און קיין גאָט איז דאָס ניט;
פאַרוואָר, שפּענדלאַך וועט ווערן דאָס קאַלב פון שומרון.
⁷וואָרום ווינט זייען זיי,
און שטורעם וועלן זיי שניידן;
קיין זאַנג האָט עס ניט—
אַ שפּראָצונג וואָס ברענגט ניט קיין מעל[א];
טאָמער ברענגט עס, וועלן עס פרעמדע איינשלינגען.

⁸איינגעשלונגען געוואָרן איז ישׂראל,
אַצונד זיינען זיי געוואָרן צווישן די פעלקער,

[א] וואָרטשפּיל: צֶמַח בְּלִי־יַעֲשֶׂה קֶמַח.

ווי אַ נישטווערטיקע כּלי.

9 וואָרום זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען צו אַשור,
אַ ווילדאייזל באַזונדער פאַר זיך;
אפרים האָט ליבשאַפט געדונגען.

10 אָבער הגם זיי דינגען צווישן די פעלקער,
וועל איך אַצונדערט זיי איינזאַמלען;
און זיי וועלן אָנהייבן מינער ווערן
פון דער משׂא פון מלך און האַרן.

11 וואָרום אפרים האָט געמערט מזבחות צום זינדיקן,
ביי אים זיינען מזבחות צום זינדיקן געווען.

12 וויפיל פון מיין תּורה איך זאָל אים שרייבן,
איז דאָס ביי אים ווי פרעמד פאַררעכנט.

13 מיינע בראַנדאָפּפער זאָלן זיי שלאַכטן פאַר פלייש און עסן,
גאָט טוט זיי ניט באַווילִיקן.
אַצונד וועט ער געדענקען זייער פאַרברעך,
און וועט דערמאָנען זייערע זינד;
קיין מִצרַיִם וועלן זיי זיך אומקערן.

14 וואָרום ישׂראל האָט פאַרגעסן אָן זיין באַשעפער,
און האָט פּאַלייען געבויט,
און יהודה האָט געמערט באַפעסטיקטע שטעט:
דרום וועל איך שיקן אַ פייער אין זיינע שטעט,
און עס וועט פאַרצערן אירע פּאַלאַצן.

ט 1 ניט פרייען זאָלסטו זיך, ישׂראל,
מיט שׂמחה אַזוי ווי די פעלקער,
וואָרום האָסט זיך אָפּגעקערט פון דיין גאָט,
האָסט ליב געהאַט זונה־לוין אויף אַלע תּבואה־שייערן.

2 דער שייער און דער קעלטער וועט זיי ניט שפּייזן,

און דער פרישוויין וועט פעלשן אָן זיי.
3זיי וועלן ניט זיצן אין לאַנד פון גאָט,
און אפרים וועט זיך קיין מִצרַיִם אומקערן,
און אין אַשור וועלן זיי אומרייניס עסן.
4זיי וועלן ניט גיסן צו גאָט וויין,
און ניט אָנגעלייגט וועלן אים זיין זייערע שלאַכטאָפּפער,
אַזוי ווי ברויט פון אַבלות וועט עס זיי זיין,
אַלע וואָס עסן עס וועלן זיך פאַראומרייניקן;
וואָרום זייער ברויט וועט זיין פאַר זייער לַייב,
עס וועט ניט קומען אין הויז פון גאָט.
5וואָס וועט איר טאָן אין אַ יָום־טוב,
און אין אַ פייערטאָג פון גאָט?
6וואָרום זע, זיי זיינען אַוועק פון דעם בראָך,
וועט מִצרַיִם זיי איינזאַמלען,
מוֹף וועט זיי באַגראָבן;
די שאַצן פון זייער זילבער, זיי וועט שטעכגעוועקס יַרשען,
דערנער וועלן זיין אין זייערע געצעלטן.
7געקומען זיינען די טעג פון רעכנשאַפט,
געקומען די טעג פון באַצאָלונג;
געוואָר ווערן וועט ישׂראל.

„אַ נאַר איז דער נביא,
משוגע איז דער מאַן פון גייסט!"
פון וועגן דיין גרויס זינד,
און ווייל גרויס איז די פיינטשאַפט.
8אַ לויערער איז אפרים אַקעגן מיין גאָט,
דעם נביא שטעלט ער אַ פּאַסטקע אויף אַלע זיינע וועגן,
פיינטשאַפט אין הויז פון זיין גאָט.

9טיף פֿאַרדאָרבן זײַנען זײ,
אַזוי ווי אין די טעג פֿון גִבְעָה[א];
ער וועט געדענקען זײער פֿאַרברעך,
ער וועט דערמאָנען זײערע זינד.

10ווי ווײַנטרויבן אין מדבר
האָב איך געפֿונען ישׂראל,
ווי אַן ערשטפּרוכט פֿון פֿײַגנבוים אין זײַן אָנהײב
האָב איך געזען אײַערע עלטערן;
זײַנען זײ געקומען קײן בַּעַל־פְּעוֹר,
און זיך אָפּגעשײדט צום שאַנדגעץ,
און געוואָרן אומווערדיק
ווי דאָס וואָס זײ האָבן ליב געקראָגן.
11אפֿרים—ווי אַ פֿויגל וועט זײער כּבוד אַוועקפֿליִען,
אויס געבוירט, און אויס מוטערלײַב, און אויס טראָגשאַפֿט!
12אַפֿילו אַז זײ וועלן אויפֿברענגען זײערע קינדער,
וועל איך זײ באַרויבן פֿון זײ,
אַז קײן מענטש זאָל ניט בלײַבן;
יאָ, ווײ אויך צו זײ ווען איך טו זיך אָפּ פֿון זײ!
13אפֿרים, ווי איך האָב צוֹר געזען,
איז געפֿלאַנצט אין אַ שײנעם אָרט,
אָבער אפֿרים וועט אַרויספֿירן
זײַנע קינדער צום טײטער.
14גיב זײ, גאָט, וואָס דו דאַרפֿסט זײ געבן!
גיב זײ אַ טראַכט וואָס פֿאַרוואַרפֿט,
און בריסט פֿאַרדאַרטע!
15אַלדאָס בײז זײערס איז אין גִלְגָל,
יאָ, דאָרט האָב איך זײ פֿײַנט געקראָגן;

[א] זע שופֿטים יט–כ

פֿאַר די בײזע מעשׂים זײערע
װעל איך זײ פֿון מײַן הויז אַרויסטרײַבן;
איך װעל זײ מער ניט ליב האָבן;
אַלע זײערע האַרן זײַנען אָפּקערער[א].
16 געשלאָגן געװאָרן איז אפֿרים,
זײער װאָרצל איז פֿאַרטריקנט,
קײן פּרוכט װעלן זײ ניט ברענגען;
אַפֿילו אַז זײ װעלן געבערן,
װעל איך טײטן די גלוסטיקע פֿון זײער לײַב.
17 פֿאַראַכטן װעט זײ מײַן גאָט,
װײַל זײ האָבן ניט צוגעהערט צו אים,
און זײ װעלן אומװאָגלען צװישן די פֿעלקער.

י 1 אַ גראָטענער װײַנשטאָק איז ישׂראל געװען,
זײַן פּרוכט פֿלעגט אַ װערדע האָבן;
איז, װאָס מערער זײַן פּרוכט,
האָט ער מזבחות געמערט,
װאָס שענער זײַן לאַנד,
האָבן זײ שענערע זײַלשטײנער געמאַכט.
2 זײער האַרץ איז צעטײלט;
אַצונד װעלן זײ זײער שולד לײַדן;
ער װעט צעברעכן זײערע מזבחות,
ער װעט פֿאַרװיסטן זײערע זײַלשטײנער.
3 פֿאַרװאָר, אַצונד װעלן זײ זאָגן:
ניטאָ קײן מלך בײַ אונדז,
װײַל מיר האָבן ניט מורא געהאַט פֿאַר גאָט;
און דער מלך, װאָס קען טאָן פֿאַר אונדז?
4 זײ רעדן גערײדן,

[א] װאָרטשפּיל: שָׂרֵיהֶם סוֹרְרִים.

שווערן פֿאַלש, שליסן אַ בונד,
אָבער דער משפּט וועט שפּראָצן ווי ביטערקרויט
אויף די בייטן פֿון פֿעלד.
5 אום די קעלבער פֿון בֵּית־אָוֶן
וועלן אַנגסטן די וווינער פֿון שומרון;
וואָרום זײַן פֿאָלק טוט אויף אים[א] טרויערן,
און זײַנע פּריסטער וועלן ציטערן[ב] וועגן אים,
וועגן זײַן כּבוד וואָס איז אַוועק[ב] פֿון אים.
6 אים אויך וועט מען קיין אַשור אַוועקפֿירן,
אַ מתּנה צום מלך „שטרײַטער";
שאַנד וועט קריגן אפֿרים,
און ישׂראל וועט זיך שעמען מיט זײַן באַראָט.
7 פֿאַרשניטן ווערט דער מלך פֿון שומרון,
אַזוי ווי שוים אויפֿן וואַסער.
8 און פֿאַרטיליקט ווערן וועלן די בָּמות פֿון אָוֶן,
די זינד פֿון ישׂראל;
דערנער און ווילדגעוועקס וועלן אויפֿגיין אויף זייערע מזבחות
און זיי וועלן זאָגן צו די בערג: דעקט אונדז צו!
און צו די הייכן: פֿאַלט אויף אונדז אַרויף!
9 מער ווי אין די טעג פֿון גִבְעָה[ג]
האָסטו געזינדיקט, ישׂראל;
דאָרט האָט מען זיך אַקעגנגעשטעלט;
פֿאַר זיי אָבער וועט ניט קלעקן
אַ מלחמה ווי אין גִבְעָה אַקעגן די פֿאַרברעכער.
10 ווען איך טו באַגערן, וועל איך זיי שטראָפֿן,
און פֿעלקער וועלן זיך אײַנזאַמלען קעגן זיי,
ווען מע שפּאַנט זיי אין זייערע צוויי יאָכרינגען.
11 און אפֿרים איז אַ קאַלב אַ געניטס,

[א] אויף דעם קאַלבאָפּגאָט. [ב] וואָרטשפּיל: יָגִילוּ־גָלָה. [ג] זע שופֿטים יט–כ.

צו דרעשן האָט עס ליב;
אָבער איך בין אַריבערגעגאַנגען
איבער איר פעטן האַלדז:
איך וועל איינשפּאַנען אפרים,
אַקערן זאָל יהודה,
בראָנעווען זאָל יעקב.

12 זייט אײַך פֿאַר גערעכטיקייט,
וועט איר שניידן לויט גענאָד;
אַקערט אײַך אָן אַקער,
וואָרום עס איז צייט צו זוכן גאָט,
ביז ער וועט קומען און רעגענען אויף אײַך גערעכטיקייט.
13 איר האָט געאַקערט שלעכטס,
האָט איר אומרעכט געשניטן,
האָט איר געגעסן די פֿרוכט פֿון ליגן;
וואָרום האָסט זיך פֿאַרזיכערט אויף דיין וועג,
אויף די פֿיל גיבורים דיינע.
14 דרום וועט אויפֿשטיין אַ חורבן אויף דיינע מחנות,
און אַלע דיינע פֿעסטונגען וועלן פֿאַרוויסט ווערן,
ווי שַלמַן האָט פֿאַרוויסט בֵּית־אַרבֵאל, אין טאָג פֿון מלחמה–
מוטערס מיט קינדער זיינען צעהאַקט געוואָרן.
15 אַזוי האָט געטאָן צו אײַך בֵּית־אֵל,
פֿון וועגן אײַער בייזער שלעכטיקייט;
אין אַ פֿרימאָרגן פֿאַרשניטן ווערט פֿאַרשניטן
דער מלך פֿון ישׂראל.

יא 1 אַז ישׂראל איז יונג געווען האָב איך אים ליב געהאַט,
און פֿון מִצרַיִם האָב איך גערופֿן מיין זון.

2 ווי זײ‎א האָבן גערופֿן צו זײ,
אַזוי זײַנען זײ אַוועק פֿון זײ;
צו די בַעַל־געטער האָבן זײ געשלאַכט,
און צו די געצן האָבן זײ געריכערט.
3 און איך האָב געלערנט גײן אפֿרים,
זײ פֿאַר זײערע אָרעמס גענומען,
און זײ האָבן ניט געמערקט אַז איך האָב זײ פֿאַרהײט.
4 מיט מענטשלאַכע שטריק האָב איך זײ צוגעצויגן,
מיט שנורן פֿון ליבשאַפֿט,
און איך בין זײ געווען
ווי די אַראָפּנעמער פֿון דעם יאָך אויף זײערע קינבאַקן:
און עסן פֿלעג איך אים דערלאַנגען.
5 ער וועט זיך ניט אומקערן קײן לאַנד מִצרַיִם,
אָבער אַשור, ער וועט זײַן מלך זײַן,
ווײַל זײ האָבן ניט געוואָלט צוריקקערן.
6 און אַ שווערד וועט פֿאַלן אין זײַנע שטעט,
און וועט פֿאַרלענדן זײַנע ריגלען און פֿאַרצערן,
פֿון וועגן זײערע באַראָטונגען.

7 און מײַן פֿאָלק קווײַנקלט זיך אומצוקערן צו מיר,
און מע רופֿט אים צו דער הײך,
אָבער ער טוט זיך ניט דערהײבן.
8 ווי קען איך דיך איבערגעבן, אפֿרים?
דיך איבערענטפֿערן, ישׂראל?
ווי קען איך דיך מאַכן ווי אַדמָה?
דיך לאָזן ווערן ווי צבֿאים?
מײַן האַרץ קערט זיך אום אין מיר,
מײַן גאַנצע רחמנות צינדט זיך אָן.

א די נבֿיאים.

9איך וועל ניט אויספירן מיין גרימצאָרן,
איך וועל מער ניט אומברענגען אפרים;
וואָרום גאָט בין איך און ניט אַ מענטש—
דער הייליקער צווישן דיר—
און איך וועל ניט קומען מיט צאָרן.
10נאָך יהוה וועלן זיי גיין—
אַזוי ווי אַ לייב וועט ער ברילן;
יאָ, ער וועט ברילן,
און די קינדער וועלן איילן פון מערב.
11זיי וועלן אַיילן ווי אַ פויגל, פון מִצרַיִם,
און ווי אַ טויב, פון לאַנד אַשור,
און איך וועל זיי באַזעצן אין זייערע הייזער,
זאָגט גאָט.

יב 1אַרומגערינגלט מיט ליגן האָט מיך אפרים,
און מיט באַטרוג דאָס הויז פון ישׂראל;
און יהודה איז נאָך אַלץ פרייגעלאָזט מיט גאָט,
און מיט דעם הייליקן געטרייען.
2אפרים לויפט נאָך ווינט, און יאָגט זיך נאָך מזרח־ווינט,
אַ גאַנצן טאָג מערט ער ליגן און רויב;
און אַ בונד מיט אַשור שליסן זיי,
און אייל ווערט קיין מִצרַיִם געפירט.
3אָבער גאָט האָט אַ קריג מיט יהודה,
און וועט זיך רעכענען מיט יעקב לויט זיינע וועגן,
לויט זיינע מעשׂים וועט ער אים אומקערן.
4אין מוטערלייב האָט ער ביים טריט געכאַפּט זיין ברודער,
און מיט זיין כּוח האָט ער געשטריטן מיט אַ גאָט;
5איאָ, ער האָט געשטריטן קעגן אַ מלאך און איז בייגעקומען;

א זע בראשית לב, 25–31.

ער האָט געוויינט און זיך געבעטן בײַ אים:
אין בית־אֵל וועט ער אים טרעפֿן,
און דאָרטן וועט ער רעדן מיט אים.
6און יהוה איז דער גאָט פֿון צבָאות,
יהוה איז זײַן געדעכעניש.
7דרום זאָלסט דו צו דײַן גאָט זיך אומקערן;
פֿרומקייט און גערעכטיקייט היט אָפּ,
און האָף צו דײַן גאָט תּמיד.

8כּנַעַן* האָט פֿאַלשע וואָגשאָלן אין זײַן האַנט,
צו באַרויבן האָט ער ליב.
9און אפֿרים זאָגט: פֿאַרוואָר, איך בין רײַך,
איך האָב מיר דערגרייכט אַ פֿאַרמעג;
אין אַל מײַן מי וועט מען בײַ מיר ניט געפֿינען
אַן אומרעכט וואָס איז אַ זינד.
10אָבער איך בין יהוה דײַן גאָט
פֿון לאַנד מִצרַיִם אָן,
איך וועל דיך ווידער מאַכן וווינען אין געצעלטן,
ווי אין די טעג פֿון יענער צײַט.
11און איך האָב גערעדט צו די נביאים,
און איך האָב זעאונגען געמערט,
און דורך די נביאים פֿלעג איך משלים געבן.
12אַז גִלעָד איז נישטיקייט,
לויטער פֿאַלשקייט זײַנען זיי געוואָרן!
אין גִלגָל האָבן זיי אָקסן געשלאַכט;
יאָ, זייערע מזבחות זײַנען ווי הויפֿנס
אויף די בייטן פֿון פֿעלד.

* אַ פֿאַראַכטיקער צונאָמען פֿון ישׂראל. (פֿאַרגלײַך יחזקאל טז, 3) כּנַעַן מיינט אויך אַ האַנדלסמאַן (ישעיה כג, 8).

13 און יעקב איז אַנטלאָפֿן אין פֿעלד פֿון אֲרָם,
און ישׂראל האָט געדינט אום אַ ווייב,
און אום אַ ווייב האָט ער [שאָף] געהיט.
14 און דורך אַ נביא האָט גאָט אויפֿגעבראַכט ישׂראל פֿון מִצרַיִם,
און דורך אַ נביא איז ער אָפּגעהיט געוואָרן.
15 ביטער דערצערנט האָט אפֿרים,
דרום וועט ער אויסלאָזן זיין בלוט אויף אים,
און זיין לעסטערונג וועט אים אומקערן זיין האַר.

יג 1 אַז אפֿרים האָט גערעדט איז געווען אַ ציטערניש,
דערהויבן איז ער געווען אין ישׂראל;
האָט ער זיך פֿאַרשולדיקט מיט בַּעַל, און איז געשטאָרבן.
2 און אַצונד זינדיקן זיי אַלץ מער,
און האָבן זיך געמאַכט אַ געגאָסן בילד פֿון זייער זילבער,
געצן לויט זייער שׂכל,
דאָס ווערק פֿון מייַנסטערס אַלע.
אויף זיי קען מען זאָגן:
מענטשן שעכטן זיי, קעלבער קושן זיי.
3 דרום וועלן זיי זיין ווי אַ פֿרימאָרגנוואָלקן,
און ווי דער טוי וואָס פֿאַרגייט אין דער פֿרי,
ווי שפּריי וואָס ווערט אַוועקגעבלאָזן פֿון שייער,
און ווי רויך דורכן פֿענצטער.

4 און איך בין יהוה דיין גאָט
פֿון לאַנד מִצרַיִם אָן,
און קיין גאָט אַחוץ מיר קענסטו ניט,
און ניטאָ קיין העלפֿער אויסער מיר.
5 איך האָב דיך דערקענט אין דער מדבר,

אין אַ לאַנד פון טריקעניש.
6ווי זיי האָבן זיך געפיטערט,
אַזוי זיינען זיי זאַט געוואָרן;
זיי זיינען זאַט געוואָרן,
און זייער האַרץ האָט זיך דערהויבן,
דערפאַר האָבן זיי פאַרגעסן אָן מיר.
7דרום בין איך צו זיי ווי אַ לייב געוואָרן,
ווי אַ לעמפּערט אויפן וועג וועל איך לויערן;
8איך וועל זיי באַגעגענען ווי אַ בערנטע פון קינדער באַרויבט,
און איך וועל אויפרייסן דעם שייד פון זייער האַרצן,
און וועל זיי אויפעסן דאָרטן ווי אַ לייבנטע;
אַ חיה פון פעלד וועט זיי צערייסן.

9דיך האָט אומגעבראַכט ישׂראל,
וואָס דו ביסט קעגן מיר, קעגן דיין הילף.
10וווּ דען איז דיין מלך,
ער זאָל דיך העלפן אין אַלע דיינע שטעט?
און דיינע ריכטער, וואָס דו האָסט געזאָגט:
גיב מיר אַ מלך און האַרן?
11איך גיב דיר אַ מלך אין מיין כּעס,
און נעם אַוועק אין מיין גרימצאָרן.

12איינגעבונדן איז די זינד פון אפרים,
באַהאַלטן איז זיין חטא.
13ווייען פון אַ געווינערן וועלן קומען אויף אים;
אַ ניט קלוג קינד איז ער,
וואָרום עס איז צייט, ער זאָל ניט שטיין בלייבן
אין דעם געבעראָרט פון קינדער.

14זאָל איך פון דער האַנט פון אונטערערד זיי אויסלייזן?
זאָל איך פון טויט זיי אויסקויפן?
ווו זיינען דיינע מגפות, טויט?
ווו דיין פעסט, אונטערערד?
דערבאַרימונג זאָל פאַרבאָרגן זיין פון מיינע אויגן.
15וואָרום ער מעג וואַקסן צווישן טייכגראָזן,
וועט קומען אַ מזרח־ווינט,
אַ שטורעם פון גאָט פון מדבר גייט אויף
און טרוקן ווערן וועט זיין ברונעם,
און אויסטריקענען וועט זיין קוואַל;
ער וועט צערויבן דעם שאַץ פון אַלע גלוסטיקע זאַכן.

יד 1פאַרשולדיקט איז שומרון,
וואָרום זי האָט ווידערשפעניקט אָן איר גאָט;
דורכן שווערד וועלן זיי פאַלן,
זייערע קליינע קינדער וועלן צעהאַקט ווערן,
און זיינע טראָגעדיקע וועלן אויפגעשפּאָלטן ווערן.

2קער זיך אום, ישׂראל, צו גאָט דיין האַר,
וואָרום האָסט געשטרויכלט דורך דיינע זינד.
3נעמט מיט אייך ווערטער,
און קערט אייך אום צו גאָט;
זאָגט צו אים: פאַרגיב אַלע זינד,
און נעם אָן דאָס גוטע;
און לאָמיר צאָלן אָנשטאָט אָקסן מיט אונדזערע ליפּן.
4אַשור וועט אונדז ניט העלפן,
אויף פערד וועלן מיר ניט רייטן,
און מיר וועלן מער ניט זאָגן „אונדזער גאָט"

צום ווערק פון אונדזערע הענט;
וואָרום דורך דיר ווערט דערבאַרימט דער עלנדער.

5איך וועל היילן זייער אָפּקערונג,
איך וועל זיי ליב האָבן האַרציק,
וואָרום מיין צאָרן האָט זיך אָפּגעקערט פון אים.
6איך וועל זיין ווי דער טוי צו ישׂראל;
ער וועט בליען ווי אַ ליליע,
און שלאָגן זיינע וואָרצלען ווי דער לבֿנון.
7זיינע צווייגן וועלן זיך שפּרייטן,
און זיין גלאַנץ וועט זיין ווי פון איילבערטבוים,
און אַ ריח וועט ער האָבן ווי דער לבֿנון.
8די וואָס זיצן אין זיין שאָטן
וועלן ווידער אויפברענגען תּבֿואה,
און זיי וועלן בליען ווי אַ וויינשטאָק;
זיין דופט ווי דער וויין פון לבֿנון.
9אפרים [וועט זאָגן]:
וואָס קער איך זיך אָן מער מיט געצנבילדער.
איך ענטפער, און וועל אים אָנקוקן;
איך בין ווי אַ צווייגהאַפטיקער ציפּרעס;
פון מיר ווערט געקראָגן דיין פרוכט.

10ווער קלוג איז זאָל דאָס פאַרשטיין,
ווער פאַרשטאַנדיק זאָל עס מערקן,
וואָרום רעכטפאַרטיק זיינען די וועגן פון גאָט,
און די גערעכטע גייען אין זיי,
און די פאַרברעכער ווערן געשטרויכלט אין זיי.

# יואֵל

א ¹דאָס וואָרט פון גאָט וואָס איז געווען צו יואֵל דעם זון פון
פּתואֵלן:
²הערט דאָס צו, איר זקנים,
און פֿאַרנעמט אַלע באַוווינער פון לאַנד:
איז אַזוי וואָס געשען אין אײַערע טעג,
צי אין די טעג פון אײַערע עלטערן?
³דערציילט וועגן דעם אײַערע קינדער,
און אײַערע קינדער צו זייערע קינדער,
און זייערע קינדער צו דעם אַנדער דור.
⁴וואָס איז געבליבן פון דעם וואָרעם
האָט אויפגעגעסן דער היישעריק,
און וואָס איז געבליבן פון דעם היישעריק
האָט אויפגעגעסן דער גראָזפרעסער,
און וואָס איז געבליבן פון דעם גראָזפרעסער
האָט אויפגעגעסן דער גריל.
⁵כאַפּט זיך אויף, שיכּורים, און וויינט,
און יאָמערט, אַלע טרינקער פון וויין,
אויף דער טרויבנזאַפט
וואָס זי איז פאַרשניטן געוואָרן פון אײַער מויל.
⁶וואָרום אַ פאָלק איז אַרויפגעקומען אויף מיין לאַנד,
מאַכטיק און אָן אַ צאָל;
זיינע ציין זיינען ציין פון אַ לייב,
און באַקציינער פון אַ לייבנטע האָט ער.

7ער האָט געמאַכט מײַן װײַנשטאָק צו װיסט,
און צו שפּענדלאַך מײַן פֿײַגנבױם;
אָפּגעהױלט הױל האָט ער אים און אַנידערגעװאָרפֿן,
זײַנע צװײַגן זײַנען װײַס געװאָרן.
8קלאָג װי אַ יונגפֿרױ אָנגעגורט מיט זאַק
נאָך דעם מאַן פֿון איר יוגנט.
9פֿאַרשניטן געװאָרן איז אַ שפּײַזאָפּפֿער און אַ גיסאָפּפֿער
פֿון דעם הױז פֿון גאָט;
עס טרױערן די כּהנים,
די באַדינער פֿון גאָט.
10פֿאַרװיסט געװאָרן איז דאָס פֿעלד[א],
עס טרױערט די ערד,
װאָרום פֿאַרװיסט געװאָרן איז די תּבואה,
אױסגעטריקנט האָט דער װײַן,
אײַנגעגאַנגען איז דאָס אײל,
11צו שאַנד זײַנען די אַקערלײַט,
עס יאָמערן די װײַנגערטנירער,
אױפֿן װײץ און אױפֿן גערשטן;
װאָרום דער שניט פֿון פֿעלד איז פֿאַרלאָרן.
12דער װײַנשטאָק איז פֿאַרטריקנט,
און דער פֿײַגנבױם איז פֿאַרװעלקט;
דער מילגרױם, אױך דער טײטלבױם און דער עפּלבױם,
אַלע בױמער פֿון פֿעלד, זײַנען פֿאַרטריקנט;
יאָ, אױסגעטריקנט האָט די פֿרײד פֿון די מענטשנקינדער.
13גורט אײַך אָן און קלאָגט, איר כּהנים,
יאָמערט, איר באַדינער פֿון מזבח;
קומט נעכטיקט אין זאַקקלײדער,
באַדינער פֿון מײַן גאָט,

[א] װאָרטשפּיל: שָׂדַד–שָׂדֶה

וואָרום פֿאַרמיטן איז פֿון אייער גאָטס הויז
אַ שפּייזאָפּפֿער און אַ גיסאָפּפֿער.
14הייליקט אַ פֿאַסטטאָג,
רופֿט אַן איינזאַמלונג,
קלייבט צונויף די עלטסטע,
אַלע באַוווינער פֿון לאַנד,
אין הויז פֿון יהוה אייער גאָט,
און טוט שרייען צו גאָט.
15ווײ אויף דעם טאָג!
וואָרום נאָענט איז דער טאָג פֿון גאָט,
און ווי אַ בראָך פֿון אַלמאַכטיקן* קומט ער.
16פֿאַרוואָר, פֿאַר אונדזערע אויגן
איז פֿאַרשניטן די שפּייז;
פֿון אונדזער גאָטס הויז,
די פֿרייד און די לוסטיקייט.
17אײַנגעדאַרט זײַנען די זאָמען
אונטער זייערע גרודעס,
וויסט געוואָרן זײַנען די שפּייכלערס,
אײַנגעפֿאַלן זײַנען די שייערן
וואָרום אויסגעטריקנט איז די תּבואה.
18ווי קרעכצט די בהמה!
צעטומלט זײַנען די סטאַדעס רינדער,
וואָרום ניטאָ פֿאַר זיי קיין פּיטערונג;
אַפֿילו די סטאַדעס שאָף זײַנען פֿאַרוויסט.
19צו דיר, גאָט, טו איך רופֿן,
וואָרום אַ פֿייער האָט פֿאַרצערט
די פּיטערפּלעצער פֿון מדבר,
און אַ פֿלאַם האָט צעפֿלאַקערט

* וואָרטשפּיל: כּשֹד משַׁדַי.

אַלע בוימער פון פעלד.
20 אַפילו די בהמות פון פעלד שמאַכטן צו דיר,
וואָרום אויסגעטריקנט זיינען די גראָבנס וואַסער,
און אַ פייער האָט פאַרצערט
די פיטערפּלעצער פון מדבר.

ב 1 בלאָזט אַ שופר אין ציון,
און שאַלט אויף מיין הייליקן באַרג,
זאָלן ציטערן אַלע באַוווינער פון לאַנד,
וואָרום דער טאָג פון גאָט קומט אָן,
וואָרום ער איז נאָענט;
2 אַ טאָג פון חושך און פינצטערניש,
אַ טאָג פון וואָלקן און נעבל,
ווי אַ שוואַרצקייט אויסגעשפּרייט אויף די בערג;
אַ גרויס פאָלק און אַ מאַכטיקס,
אַזאַ ווי ער איז ניט געווען פון אייביק אָן
און וועט נאָך אים מער ניט זיין
ביז די יאָרן פון דור־דורות.
3 אים פאַרויס פאַרצערט אַ פייער,
און הינטער אים פלאַקערט אַ פלאַם;
ווי דער גאָרטן פון עֵדֶן איז דאָס לאַנד פאַר אים,
און הינטער אים אַ מדבר אַ וויסטער,
און צומאָל קיין אַנטרינונג איז ניטאָ פון אים.
4 ווי דאָס אויסזען פון פערד איז זיין אויסזען,
און ווי רייטער אַזוי לויפן זיי.
5 ווי דאָס גערויש פון רייטוועגן,
איז זייער שפּרינגען אויף די שפּיצן בערג;
ווי דער קנאַל פון אַ פלאַמפייער

וואָס פֿאַרצערט שטרוי;
ווי אַ פֿאָלק אַ מאַכטיקס
געגרייט צו מלחמה.
6 פֿאַר אים ציטערן פֿעלקער,
אַלע פּנימער האָבן אָנגענומען אַ פֿינצטערניש.
7 ווי גיבורים לויפֿן זיי,
ווי מלחמה־לייט קלעטערן זיי אויף דער מויער,
און איטלאַכער אין זיינע וועגן גייען זיי,
און זיי פּלאָנטערן ניט זייערע שטעגן.
8 און איינער דעם אַנדערן שטויסן זיי ניט,
איטלאַכער אין זיין שליאַך גייען זיי,
און דורך וואָפֿן וואַרפֿן זיי זיך,
און ווערן ניט געשעדיקט.
9 זיי שפּרינגען אויף דער שטאָט,
זיי לויפֿן אויף דער מויער,
זיי גייען אַרויף אין די הייזער,
זיי קומען דורך די פֿענצטער ווי אַ גנב.
10 פֿאַר אים ציטערט די ערד,
שטורעמען די הימלען;
די זון און די לבנה ווערן שוואַרץ,
און די שטערן נעמען אַריין זייער שיין.
11 און גאָט לאָזט אַרויס זיין קול
פֿאַרויס פֿאַר זיין חיל;
וואָרום זייער גרויס איז זיין מחנה,
וואָרום מאַכטיק איז דער וואָס טוט זיין באַפֿעל;
וואָרום גרויס איז דער טאָג פֿון גאָט און מוראדיק זייער,
און ווער קען אים אויסהאַלטן?

12אָבער נאָך איצט, זאָגט גאָט,
קערט אײַך אום צו מיר מיט אײַער גאַנצן האַרצן,
און מיט פאַסטן און מיט געוויין און מיט קלאָג;
13און צערײַסט אײַער האַרץ און ניט אײַערע קליידער,
און קערט אײַך אום צו יהוה אײַער גאָט,
וואָרום ער איז לײַטזעליק און דערבאַרימדיק,
אײַנגעהאַלטן אין צאָרן, און רײַך אין גענאָד,
און ער האָט חרטה אויף דעם בייז.
14ווער ווייס, אפשר ווידער וועט ער חרטה האָבן,
און לאָזן אַ ברכה הינטער זיך—
אַ שפּײַזאָפּפער און אַ גיסאָפּפער
פאַר יהוה אײַער גאָט.

15בלאָזט אַ שופר אין ציון,
הייליקט אַ פאַסטטאָג,
רופט אַן אײַנזאַמלונג;
16זאַמלט אײַן דאָס פאָלק,
פאַררופט די עדה,
קלייבט צונויף די זקנים,
זאַמלט אײַן די קליינע קינדער,
און די וואָס זויגן די ברוסט;
זאָל דער חתן אַרויסגיין פון זײַן קאַמער,
און די כלה פון איר געצעלט.
17צווישן דעם פאָליש און דעם מזבח
זאָלן וויינען די כהנים, די דינער פון גאָט,
און זאָלן זיי זאָגן:
דערבאַרים זיך גאָט אויף דײַן פאָלק,
און זאָלסט ניט געבן דײַן אַרב צו שאַנד,

אַז פעלקער זאָלן זיך װערטלען איבער זײ;
נאָך װאָס זאָל מען זאָגן צװישן די אומות:
אַװוּ איז זײער גאָט?

18און גאָט האָט זיך אָנגענומען פֿאַר זײַן לאַנד,
און האָט זיך דערבאַרימט אויף זײַן פֿאָלק.
19און גאָט האָט געענטפֿערט און געזאָגט צו זײַן פֿאָלק:
זעט, איך שיק אײַך תּבֿואה און װײַן און אײל,
און איר װעט זײ האָבן צו זאַט;
און איך װעל אײַך מער ניט געבן צו שאַנד בײַ די פֿעלקער.
20און דעם צפֿונדיקן װעל איך דערװײַטערן פֿון אײַך,
און װעל אים פֿאַרשטויסן אין אַ לאַנד פֿון טריקעניש און װיסטעניש,
מיט זײַן פּנים צום פֿעדערשטן ים,
און זײַן עק צום הינטערשטן ים;
און זײַן פֿוילגערוך װעט אויפֿגײן,
און זײַן געשטאַנק װעט אויפֿגײן,
װײל ער האָט גרויס זיך פֿאַרנומען.

21זאָלסט ניט מורא האָבן, ערד,
פֿרײ זיך און זײ לוסטיק,
װאָרום גרויס געטאָן האָט גאָט.
22איר זאָלט ניט מורא האָבן, בהמות פֿון פֿעלד,
װאָרום די פּיטערפּלעצער פֿון מדבר זײַנען באַגראָזט,
װאָרום דער בוים טראָגט זײַן פּרוכט,
דער פֿײַגנבוים און דער װײַנשטאָק גיבן זײער קריפֿט.
23און איר קינדער פֿון ציון, זײט לוסטיק און פֿרײט זיך
מיט יהוה אײַער גאָט,

וואָרום ער גיט אַײַך דעם פרירעגן ריכטיק;
יאָ, ער מאַכט נידערן פאַר אַײַך רעגן,
פרירעגן און שפּעטרעגן אין ערשטן [חודש].
24 און די שײַערן וועלן פול זײַן מיט תבואה,
און די קעלטערן וועלן איבערלויפן מיט ווײַן און אײל.
25 און איך וועל אַײַך אָפּצאָלן די יאָרן
וואָס דער הײַשעריק האָט אויפגעגעסן,
דער גראָזפרעסער, און דער גריל, און דער וואָרעם,
מײַן גרויס חיל וואָס איך האָב אָנגעשיקט אויף אַײַך.
26 און עסן וועט איר עסן און זאַט זײַן,
און איר וועט לויבן דעם נאָמען פון יהוה אײַער גאָט,
וואָס האָט געטאָן מיט אַײַך וווּנדערלאַך;
און מײַן פאָלק וועט אויף אײביק ניט פאַרשעמט ווערן.
27 און איר וועט וויסן אַז איך בין צווישן ישראל,
און איך בין יהוה אַײַער גאָט, און מער איז ניטאָ;
און מײַן פאָלק וועט אויף אײביק ניט פאַרשעמט ווערן.

ג 1 און עס וועט זײַן נאָך דעם,
וועל איך אויסגיסן מײַן גײַסט אויף יעטוועדער לײַב,
און אַײַערע זין און אַײַערע טעכטער וועלן נביאות זאָגן,
אַײַערע זקנים וועלן חלומות חלומען,
אַײַערע בחורים וועלן זעאונגען זען.
2 און אויך אויף די קנעכט און אויף די דינסטן
וועל איך אויסגיסן מײַן גײַסט אין יענע טעג.
3 און איך וועל ווײַזן וווּנדער אין הימל און אויף דער ערד,
בלוט און פײַער און זײַלן רויך.
4 די זון וועט פאַרקערט ווערן אין פינצטערניש,
און די לבנה אין בלוט,

אײדער עס קומט דער טאָג פֿון גאָט,
דער גרױסער און דער מוֹראדיקער.
5און עס װעט זײַן,
איטלאַכער װאָס װעט רופֿן דעם נאָמען פֿון גאָט,
װעט אַנטרונען װערן,
װאָרום אױף בּאַרג צִיוֹן און אין ירושָלַיִם
װעט זײַן אַן אַנטרינונג,
אַזױ װי גאָט האָט געזאָגט;
און די געבּליבּענע װעלן זײַן די װאָס גאָט טוט רופֿן.

ד 1װאָרום זע, אין יענע טעג און אין יענער צײַט,
אַז איך װעל אומקערן די געפֿאַנגענשאַפֿט פֿון יהוּדה און ירושָלַיִם,
2װעל איך אײַנזאַמלען אַלע פֿעלקער,
און איך װעל זײ מאַכן נידערן אין טאָל פֿון יהוֹשָפָט,
און איך װעל זיך דאָרטן משפּטן מיט זײ
פֿאַר מײַן פֿאָלק און מײַן אַרב ישׂראל,
װאָס זײ האָבן זײ צעשפּרײט צװישן די פֿעלקער,
און צעטײלט מײַן לאַנד.
3און אױף מײַן פֿאָלק האָבן זײ גוֹרל געװאָרפֿן,
און געגעבּן אַ אײנגל פֿאַר אַ זוֹנה,
און אַ מײדל פֿאַרקױפֿט פֿאַר װײַן, און געטרונקען.

4און װאָס זײַט איר מיר גאָר, צוֹר און צידוֹן,
און אַלע געגנטן פֿון פְּלֶשֶת?
צי פֿאַרגעלטונג צאָלט איר דאָס אָפּ פֿון מײַנעטװעגן?
איז, אױבּ איר פֿאַרגעלט דאָס פֿון מײַנעטװעגן,
װעל איך אײליק גיך אומקערן

אײַער פֿאַרגעלטונג אויף אײַער קאָפּ;
5װאָס מײַן זילבער און מײַן גאָלד האָט איר צוגענומען,
און מײַנע בעסטע גלוסטיקײטן געבראַכט אין אײַערע פּאַלאַצן
6און די קינדער פֿון יהודה און די קינדער פֿון ירושָלַיִם
האָט איר פֿאַרקױפֿט צו די קינדער פֿון די יְוָנים,
כּדי זײ צו דערװײַטערן פֿון זײער געמאַרק.
7זעט, איך דערװעק זײ פֿון דעם אָרט
װאָס איר האָט זײ פֿאַרקױפֿט דאָרטן,
און איך װעל אומקערן אײַער טואונג אויף אײַער קאָפּ.
8און איך װעל פֿאַרקױפֿן אײַערע זין און אײַערע טעכטער
אין דער האַנט פֿון די קינדער פֿון יהודה,
און זײ װעלן זײ פֿאַרקױפֿן צו די שְבָאים, צו אַ װײַטן פֿאָלק,
װאָרום גאָט האָט גערעדט.

9רופֿט דאָס אויס צװישן די פֿעלקער,
ברײט אָן אַ מלחמה,
װעקט אויף די גיבּוֹרים;
זאָלן גענענען, זאָלן אַרויפֿגײן
אַלע מענער פֿון מלחמה.
10שמידט אײַערע אַקעראײַזנס אויף שװערדן,
און אײַערע צװײַגמעסערס אויף שפּיזן;
דער שלאַפֿער זאָל זאָגן: אַ גיבּור בין איך.
11אײַלט און קומט אַלע פֿעלקער פֿון רונד אַרום,
און לאָמען זיך אײַנזאַמלען;
אַהין מאַך נידערן, גאָט, דײַנע גיבּוֹרים!
12זאָלן זיך דערװעקן די פֿעלקער און אַרויפֿגײן
צום טאָל פֿון יהוֹשָפָט
װאָרום דאָרטן װעל איך זיצן

צו משפּטן אַלע פעלקער פון רונד אַרום.
[13]לייגט צו דעם שניידמעסער,
וואָרום צייטיק איז דער שניט;
קומט טרעט,
וואָרום פול איז דער קעלטער,
די קובלען לויפן איבער;
וואָרום גרויס איז זייער בייז.

[14]מחנות, מחנות אין טאָל פון גזר!
וואָרום נאָנט איז דער טאָג פון גאָט אין טאָל פון גזר.
[15]די זון און די לבנה ווערן שוואַרץ,
און די שטערן נעמען אַריין זייער שיין.
[16]און גאָט וועט ברילן פון ציון,
און פון ירושלים וועט ער אַרויסלאָזן זיין קול,
און שטורעמען וועלן הימל און ערד;
אָבער גאָט וועט זיין אַ באַשיצונג פאַר זיין פאָלק,
און אַ פעסטונג פאַר די קינדער פון ישראל.
[17]און איר וועט וויסן אַז איך, יהוה אייער גאָט,
רו אויף ציון, מיין הייליקן באַרג;
און ירושלים וועט זיין הייליק,
און פרעמדע וועלן מער ניט דורכגיין אין איר.

[18]און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
וועלן די בערג טריפן זאַפט,
און די הייכן וועלן איבערגיין מיט מילך,
און אַלע גראָבנס פון יהודה וועלן איבערגיין מיט וואַסער.
און אַ קוואַל וועט אַרויסגיין פון גאָטס הויז,
און וועט אָנטרינקען דעם טאָל שטים.

19מִצרַיִם וועט אַ וויסטעניש ווערן,
און אֶדום וועט אַ וויסטער מדבר ווערן,
פאַר דעם אומרעכט צו די קינדער פון יהודה,
וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן אומשולדיק בלוט אין זייער לאַנד.
20אָבער יהודה וועט זיין אייביק באַזעצט,
און ירושָלַיִם אויף דור־דורות.
21און וואָס איך וועל שענקען, זייער בלוט וועל איך ניט שענקען;
און גאָט טוט רוען אין ציון.

# עָמוֹס

**א** [1]די ווערטער פון עָמוֹסן, וואָס איז געווען פון די שאָפלייט
פון תּקוֹעַ; וואָס ער האָט געזען אויף ישׂראל אין די טעג
פון עוזיָה דעם מלך פון יהודה, און אין די טעג פון יָרָבעָם דעם
זון פון יוֹאָשן, דעם מלך פון ישׂראל, צוויי יאָר פאַר דער ערד־
ציטערניש.

[2]און ער האָט געזאָגט:
גאָט וועט ברילן פון צִיוֹן,
און פון ירושָלַיִם וועט ער אַרויסלאָזן זיין קָול,
און די פּיטערפּלעצער פון די פּאַסטוכער וועלן טרויערן,
און דער שפּיץ כַּרמֶל וועט פאַרטריקנט ווערן.

[3]אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
פאַר דריי פאַרברעכן פון דַמֶשֶׂק,
יאָ, פאַר פיר, וועל איך עס ניט אָפּהאַלטן:
פאַר זייער דרעשן גִלעָד מיט אַייזערנע דרעששליטנס.
[4]און איך וועל שיקן אַ פייער אויף דעם הויז פון חֲזָאֵל,
און עס וועט פאַרצערן די פּאַלאַצן פון בֶּן־הֲדַד.
[5]און איך וועל צעברעכן דעם ריגל פון דַמֶשֶׂק,
און וועל פאַרשניידן אַ באַוווינער פון בִּקעַת־אָוֶן,
און דעם וואָס האַלט אַ צעפּטער פון בֵּית־עֶדֶן;
און דאָס פאָלק פון אֲרָם וועט אין גָלות גיין קיין קיר,
זאָגט גאָט.

6אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
פֿאַר דריי פֿאַרברעכן פֿון עַזָה,
יאָ, פֿאַר פֿיר, וועל איך עס ניט אָפּהאַלטן:
פֿאַר זייער פֿאַרטרייבן אַ גאַנצע געפֿאַנגענשאַפֿט,
כּדי איבערצוּוּענטפֿערן צו אֱדוֹם.
7און איך וועל שיקן אַ פֿייער אויף דער מויער פֿון עַזָה,
און עס וועט פֿאַרצערן אירע פּאַלאַצן.
8און איך וועל פֿאַרשניידן אַ באַוווינער פֿון אַשדוֹד,
און דעם וואָס האַלט אַ צעפּטער פֿון אַשקְלוֹן;
און איך וועל קערן מיין האַנט אויף עֶקרוֹן,
און דער איבערבלייב פֿון די פּלִשתּים וועט אונטערגיין,
זאָגט גאָט דער האַר.

9אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
פֿאַר דריי פֿאַרברעכן פֿון צוֹר,
יאָ, פֿאַר פֿיר, וועל איך עס ניט אָפּהאַלטן:
פֿאַרוואָס זיי האָבן איבערגעענטפֿערט אַ גאַנצע געפֿאַנגענער
שאַפֿט צו אֱדוֹם,
און ניט געדאַכט אָן דעם בונד פֿון ברידער.
10און איך וועל שיקן אַ פֿייער אויף דער מויער פֿון צוֹר,
און עס וועט פֿאַרצערן אירע פּאַלאַצן.

11אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
פֿאַר דריי פֿאַרברעכן פֿון אֱדוֹם,
יאָ, פֿאַר פֿיר, וועל איך עס ניט אָפּהאַלטן:
פֿאַרוואָס ער האָט נאָכגעיאָגט זיין ברודער מיטן שווערד,
און דערשטיקט זיין רחמנות,
און זיין כּעס האָט שטענדיק פֿאַרצוקט,

און ער האָט אײביק געהאַלטן זײַן גרימצאָרן.
12 און איך װעל שיקן אַ פֿײַער אויף תּימָן,
און עס װעט פֿאַרצערן די פּאַלאַצן פֿון בָּצרָה.

13 אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
פֿאַר דרײַ פֿאַרברעכן פֿון די קינדער פֿון עַמון,
יאָ, פֿאַר פֿיר, װעל איך עס ניט אָפּהאַלטן:
פֿאַר זײער אויפֿשפּאַלטן די טראָגעדיקע פֿון גִלעָד,
כּדי צו דערברײטערן זײער געמאַרק.
14 און איך װעל אָנצינדן אַ פֿײַער אויף דער מויער פֿון רַבָּה,
און עס װעט פֿאַרצערן אירע פּאַלאַצן,
מיט שאַלונג אין טאָג פֿון מלחמה,
מיט שטורעם אין טאָג פֿון געװיטער.
15 און זײער מלך װעט גײן אין גָלות,
ער און זײַנע האַרן אין אײנעם,
זאָגט גאָט.

ב 1 אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
פֿאַר דרײַ פֿאַרברעכן פֿון מואָב,
יאָ, פֿאַר פֿיר, װעל איך עס ניט אָפּהאַלטן:
פֿאַר זײַן פֿאַרברענען די בײנער פֿון דעם מלך פֿון אֱדום אויף
קאַלך.
2 און איך װעל שיקן אַ פֿײַער אויף מואָב,
און עס װעט פֿאַרצערן די פּאַלאַצן פֿון קריות,
און שטאַרבן מיט געטומל װעט מואָב,
מיט שאַלונג און אַ קָול פֿון שופֿר.
3 און איך װעל פֿאַרשנײַדן אַ ריכטער פֿון איר מיט,

און אַלע אירע האַרן וועל איך הרגען מיט אים,
זאָגט גאָט.

4אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
פאַר דריי פאַרברעכן פון יהודה,
יאָ, פאַר פיר, וועל איך עס ניט אָפּהאַלטן:
פאַרוואָס זיי האָבן פאַראַכט די תּורה פון גאָט,
און זײַנע געזעצן ניט געהיט;
און זייערע ליגנס האָבן זיי פאַרפירט,
די וואָס זייערע עלטערן זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך זיי.
5און איך וועל שיקן אַ פייער אויף יהודה,
און עס וועט פאַרצערן די פּאַלאַצן פון ירושָלַים.

6אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
פאַר דריי פאַרברעכן פון ישׂראל,
יאָ, פאַר פיר, וועל איך עס ניט אָפּהאַלטן:
פאַר זייער פאַרקויפן פאַר געלט דעם גערעכטן,
און דעם אביון פאַר אַ פּאָר שיך.
7זיי, וואָס ווילן אײַנשלינגען דעם שטויב ערד
אויפן קאָפּ פון די אָרעמע,
און דעם וועג פון די געדריקטע פאַרדרייען זיי;
און אַ מאַן און זײַן פאָטער גייען צו איין מיידל,
כדי צו פאַרשוועכן מײַן הייליקן נאָמען.
8און אויף פאַרמשכּונטע קליידער
ציען זיי זיך אויס לעבן איטלאַכן מזבח,
און ווײַן פון באַשטראָפטע
טרינקען זיי אין הויז פון זייער גאָט.
9און איך האָב פאַרטיליגט פאַר זיי דעם אָמוֹרי,

וואָס ווי די הייך פון צעדערן איז געווען זיין הייך,
און שטאַרק איז ער געווען ווי אַייכנבוימער;
און איך האָב פאַרטיליגט זיין פרוכט פון אויבן,
און זיינע וואָרצלען פון אונטן.
10 און איך האָב אַייך אויפגעבראַכט פון לאַנד מִצרַיִם,
און אַייך געפירט אין דער מדבר פערציק יאָר,
צו אַרבן דאָס לאַנד פון אֶמוֹרי.
11 און איך האָב אויפגעשטעלט פון אַייערע זין פאַר נביאים,
און פון אַייערע יונגע לייט פאַר נזירים;
צי איז דאָס ניט אַזוי, קינדער פון ישׂראל?
זאָגט גאָט.
12 אָבער איר האָט געמאַכט טרינקען די נזירים וויין,
און די נביאים האָט איר באַפוילן אַזוי צו זאָגן:
איר זאָלט ניט נביאות זאָגן.
13 זעט, איך דריק אַייך אַרונטער
ווי עס דריקט דער וואָגן פול מיט גאַרבן.
14 און אַנטרינונג וועט פאַרלאָרן זיין פון דעם פלינקן,
און דער שטאַרקער וועט ניט אָנהאַלטן זיין כּוח,
און דער גיבור וועט ניט ראַטעווען זיין נפש.
15 און דער בויגנהאַלטער וועט ניט באַשטיין,
און דער פלינקער אויף זיינע פיס וועט זיך ניט ראַטעווען,
און דער רייטער אויף אַ פערד וועט ניט ראַטעווען זיין נפש
און דער שטאַרקהאַרציקער צווישן די גיבורים
וועט אַ נאַקעטער אַנטלויפן אין יענעם טאָג,
זאָגט גאָט.

ג 1 הערט דאָסדאָזיקע וואָרט וואָס גאָט האָט גערעדט אויף
אַייך, קינדער פון ישׂראל–אויף דער גאַנצער משפּחה וואָס

איך האָב אויפגעבראַכט פון לאַנד מִצרַיִם, אַזוי צו זאָגן:
[2]נאָר אַײַך האָב איך דערקענט פון אַלע משפּחות פון דער ערד,
דרום וועל איך זיך רעכענען מיט אַײַך פאַר אַלע אַײַערע זינד.

[3]גייען צוויי באַנאַנדער,
אַחוץ אַז זיי האָבן אָפּגערעדט?
[4]ברילט אַ לייב אין וואַלד,
ווי ער האָט ניט קיין רויב?
לאָזט אַ יונגלייב אַרויס זיין קול פון זיין נאָרע,
אַחוץ אַז ער האָט עפּעס געכאַפּט?
[5]פאַלט אַ פויגל אין פּאַסטקע אויף דער ערד,
ווי זי האָט ניט קיין שטרויכלונג?
שפּרינגטאויף אַ פּאַסטקע פון דער ערד,
ווי כאַפּן זאָל זי ניט האָבן געכאַפּט?
[6]צי ווערט אַ שופר געבלאָזן אין שטאָט,
און דאָס פאָלק זאָל ניט ציטערן?
צי געשעט אַן אומגליק אין שטאָט,
ווי גאָט האָט דאָס ניט געטאָן?
[7]פאַרוואָר, גאָט דער האַר טוט ניט קיין זאַך,
סיידן ער האָט אַנטפּלעקט זיין סוד
צו זיינע קנעכט די נביאים.
[8]אַ לייב האָט געברילט,
ווער זאָל ניט מורא האָבן?
גאָט דער האַר האָט גערעדט,
ווער קען ניט נביאות זאָגן?
[9]מאַכט הערן אויף די פּאַלאַצן אין אַשדוד,
און אויף די פּאַלאַצן אין לאַנד מִצרַיִם,
און זאָגט: זאַמלט אַײַך אַײַן אויף די בערג פון שומרון,

און זעט די גרויסע מהומות דערין,
און די דריקונגען אין איר מיט.
10 וואָרום זיי ווייסן ניט צו טאָן רעכט, זאָגט גאָט,
זיי וואָס זאַמלען גזלה און רויב אין זייערע פּאַלאַצן.
11 דרום האָט גאָט דער האַר אַזוי געזאָגט:
אַ פיינט, און רונד אַרום לאַנד!
און ער וועט נידערן פון דיר דיין שטאַרקייט,
און דיינע פּאַלאַצן וועלן צעריבט ווערן.
12 אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
אַזוי ווי אַ פּאַסטוך איז מציל פון דעם לייבס מויל
אַ פּאָר קני, אָדער אַ לעפּל פון אַן אויער,
אַזוי וועלן די קינדער פון ישׂראל, וואָס זיצן אין שומרון,
זיך מציל זיין מיט אַ ווינקל פון אַ שלאָפּבאַנק,
און מיט אַ פוס פון אַ בעט.

13 הערט און וואָרנט דעם הויז פון יעקב,
זאָגט גאָט יהוה, דער גאָט פון צבָאוֹת.
14 וואָרום אין דעם טאָג וואָס איך רעכן זיך
פאַר די פאַרברעכן פון ישׂראל מיט אים,
וועל איך זיך רעכענען פאַר די מזבחות פון בֵּית־אֵל,
און די הערנער פון מזבח וועלן אָפּגעהאַקט ווערן,
און וועלן אַנידערפאַלן צו דער ערד.
15 און איך וועל שלאָגן דאָס ווינטערהויז מיט דעם זומערהויז,
און די הייזער פון עלפנביין וועלן אונטערגיין,
און די גרויסע הייזער וועלן פאַרלענדט ווערן,
זאָגט גאָט.

ד ¹הערט דאָסדאָזיקע וואָרט, איר בָּשָׁןקי
וואָס אויפֿן באַרג שׁומרוֹן,
די וואָס באַרויבן די אָרעמע,
וואָס דריקן די אביוֹנים,
וואָס זאָגן צו זייערע האַרן: ברענג מיר זאָלן טרינקען.
²גאָט דער האַר האָט געשוואָרן ביי זיין הייליקייט,
אַז, זע, טעג קומען אויף אייך,
און מע וועט אייך אַוועקנעמען מיט האָקן,
און אייער איבערבלייב מיט פֿישערשטאַנגען.
³און דורך מויערבראָכן וועט איר אַרויסגיין,
איטלאַכע אַקעגן זיך,
און איר וועט פֿאַרלאָזן די פּאַלאַצן,
זאָגט גאָט.

⁴קומט קיין בֵּית־אֵל און פֿאַרברעכט,
קיין גִלְגָל, און מערט פֿאַרברעכן,
און ברענגט צום פֿרימאָרגן אייערע שלאַכטאָפּפֿער,
אויפֿן דריטן טאָג אייערע מעשׂרס;
⁵און דעמפֿט פֿון געזייערט ברויט דאַנקאָפּפֿער,
און רופֿט אויס פֿרייוויליקע גאָבן, מאַכט הערן,
וואָרום אַזוי האָט איר ליב,
איר קינדער פֿון ישׂראל,
זאָגט גאָט דער האַר.

⁶און איך אויך האָב אייך געגעבן
ליידיקע ציין אין אַלע אייערע שטעט,
און מינערונג פֿון ברויט אין אַלע אייערע ערטער,
און איר האָט זיך ניט אומגעקערט צו מיר,
זאָגט גאָט.

7און איך האָב אויך פֿאַרמיטן פֿון אײַך דעם רעגן,
ווען נאָך דרײַ חדשים צום שניט,
און איך האָב געלאָזט רעגענען אויף איין שטאָט,
און אויף איין שטאָט פֿלעג איך ניט לאָזן רעגענען;
איין שטיק פֿלעגט באַרעגנט ווערן,
און דאָס שטיק וואָס דערויף פֿלעגט ניט רעגענען,
פֿלעגט פֿאַרטריקנט ווערן.
8און צוויי דרײַ שטעט האָבן געוואַנדערט צו איין שטאָט,
צו טרינקען וואַסער,
און פֿלעגן ניט קריגן צו זאַט,
און איר האָט זיך ניט אומגעקערט צו מיר,
זאָגט גאָט.

9איך האָב אײַך געפּלאָגט מיט קאָרנבראַנד און מיט וועלקעניש;
די מערסטע פֿון אײַערע גערטנער און אײַערע ווײַנגערטנער
און אײַערע פֿײַגנבוימער און אײַערע אײלבערטבוימער
עסט דער הײשעריק אויף,
און איר האָט זיך ניט אומגעקערט צו מיר,
זאָגט גאָט.

10איך האָב אָנגעשיקט אויף אײַך אַ פּעסט, אויפֿן שטייגער פֿון מִצרַיִם,
איך האָב געהַרגעט מיטן שווערד אײַערע יונגעלײַט,
דערצו געפֿאַנגענשאַפֿט פֿון אײַערע פֿערד.
און איך האָב געלאָזט אויפֿגיין
דעם געשטאַנק פֿון אײַערע מחנות אין אײַער נאָז,
און איר האָט זיך ניט אומגעקערט צו מיר,
זאָגט גאָט.

11איך האָב איבערגעקערט צווישן אײַך,
אַזוי ווי גאָטס איבערקערעניש פֿון סדום און עמוֹרָה,
און איר זײַט געבליבן ווי אַ שײַט
אַרויסגעריסן פֿון אַ שׂרֵפֿה,
און איר האָט זיך ניט אומגעקערט צו מיר,
זאָגט גאָט.

12דרום וועל איך אַזוי טאָן צו דיר, ישׂראל:—
ווײַל איך וועל דאָסדאָזיקע טאָן צו דיר,
ברייט זיך אָן אַנטקעגן דײַן גאָט, ישׂראל.
13וואָרום זע, ער פֿורעמט די בערג, און באַשאַפֿט דעם ווינט,
און ער זאָגט דעם מענטשן וואָס זײַן טראַכטונג איז;
ער מאַכט פֿון פֿרימאָרגן פֿינצטערניש,
און ער טרעט אויף די הייכן פֿון דער ערד;
יהוה דער גאָט פֿון צבָאוֹת איז זײַן נאָמען.

ה 1הערט דאָסדאָזיקע וואָרט וואָס איך הייב אויף פֿאַר אַ
קלאָגליד אויף אײַך, איר הויז פֿון ישׂראל:
2געפֿאַלן ניט מער אויפֿצושטיין
איז די יונגפֿרוי ישׂראל.
זי ליגט אַנידערגעוואָרפֿן אויף איר ערד,
ניטאָ ווער זאָל זי אויפֿשטעלן.
3וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
די שטאָט וואָס פֿלעגט אַרויס מיט טויזנט,
וועט בלײַבן בײַ הונדערט,
און די וואָס פֿלעגט אַרויס מיט הונדערט,
וועט בלײַבן בײַ צען, פֿון דעם הויז פֿון ישׂראל.
4וואָרום אַזוי האָט גאָט געזאָגט צום הויז פֿון ישׂראל:

זוכט מיך, און לעבט;
5 און איר זאָלט ניט זוכן בֵּית־אֵל,
און קײן גִלְגָל זאָלט איר ניט קומען,
און קײן בְּאֵר־שֶׁבַע זאָלט איר ניט אַריבערגײן;
װאָרום גִלְגָל װעט אין גָלוּת גײן[א],
און בֵּית־אֵל װעט צו נישט װערן.
6 זוכט גאָט, און לעבט;
כּדי ער זאָל ניט אויסברעכן װי אַ פֿײער אין הויז פֿון יוֹסף,
און עס װעט פֿאַרצערן, אַז קײן לעשער װעט ניט זײַן פֿאַר בֵּית־אֵל;
7 די װאָס פֿאַרקערן גערעכטיקײט אין װערמוט,
און רעכטפֿאַרטיקײט לײגן זײ צו דער ערד.
8 [ב] דעם װאָס מאַכט דעם זיבנשטערן און דעם אָריאָנשטערן,
און פֿאַרקערט טויטשאָטן אין פֿרימאָרגן,
און פֿאַרפֿינצטערט טאָג אין נאַכט;
דעם װאָס רופֿט די װאַסערן פֿון ים,
און גיסט זײ אויס אויפֿן געזיכט פֿון דער ערד,
יהוה איז זײַן נאָמען;
9 דעם װאָס בליצט אַרויס אַ בראָך אויפֿן שטאַרקן,
און אַ בראָך קומט אויף דער פֿעסטונג.

10 זײ האָבן פֿײַנט דעם װאָס מוסרט אין טויער,
און דעם װאָס רעדט ערלאַך פֿאַראומװערדיקן זײ.
11 דרום, װײַל איר טרעט אויפֿן אָרעמאַן,
און אָפּגאָב פֿון תּבואה נעמט איר פֿון אים,
האָט איר הײַזער פֿון געהאַקטע שטײנער געבויט,
און װעט אין זײ ניט װוינען;
האָט איר גלוסטיקע װײַנגערטנער געפֿלאַנצט,

[א] װאָרטשפּיל: הַגִלְגָל גָלֹה יִגְלֶה.
[ב] באַציט זיך אויף אָנהײב פּסוק 6.

און וועט ניט טרינקען זייער וויין.
12 וואָרום איך ווייס, אייערע פאַרברעכן זיינען פיל,
און שטאַרק אייערע זינד,
איר, וואָס דריקט דעם גערעכטן, וואָס נעמט שוחד,
און קריוודעט די אביונים אין טויער.
13 דרום שווייגט דער פאַרשטאַנדיקער אין אַזאַ צייט,
וואָרום אַ בייזע צייט איז דאָס.

14 זוכט גוטס און ניט שלעכטס,
כדי איר זאָלט לעבן,
און יהוה, דער גאָט פון צבָאוֹת, וועט זיין מיט אייך,
אַזוי ווי איר פאַרלאַנגט.
15 האָט פיינט שלעכטס, און האָט ליב גוטס,
און שטעלט אויף אין טויער גערעכטיקייט,
אפשר וועט יהוה, דער גאָט פון צבָאוֹת,
לייטזעליקן דעם איבערבלייב פון יוסף.

16 פאַרוואָר, אַזוי האָט געזאָגט גאָט,
דער גאָט פון צבָאוֹת, יהוה:
אין אַלע מערק וועט זיין אַ קלאָג,
און אין אַלע גאַסן וועט מען זאָגן: אָי! אָי!
און מע וועט רופן דעם אַקערמאַן צו טרויער,
און צו קלאָג די געניטע אין יאָמערן.
17 און אין אַלע וויינגערטנער וועט זיין אַ קלאָג,
אַז איך וועל דורכגיין צווישן דיר, זאָגט גאָט.
18 וויי, די וואָס באַגערן דעם טאָג פון גאָט!
צוואָס אייך דען דער טאָג פון גאָט?
ער איז פינצטער און ניט ליכטיק.

19 אַזוי ווי ווען אַ מענטש אַנטלויפט פון אַ לייב,
און אים באַגעגנט אַ בער,
און ער קומט אין הויז,
און לענט זיין האַנט אָן דער וואַנט,
און אַ שלאַנג בייסט אים איין.
20 פאַרוואָר, חושך איז דער טאָג פון גאָט, און ניט ליכטיק,
און פינצטער און אָן אַ שימער אין אים.
21 איך האָב פיינט, איך פאַראַכט אייערע יָום־טובים,
און איך קען ניט שמעקן אייערע אַיינזאַמלונגען.
22 אַפילו אַז איר ברענגט מיר אויף בראַנדאָפּפער
און אייערע שפּייזאָפּפער, באַווילִיק איך ניט,
און אייערע געשטאָפּטע פרידאָפּפער קוק איך ניט אָן.
23 טו אָפּ פון מיר די ברומונג פון דיינע געזאַנגען,
און דאָס שפּיל פון דיינע גיטאַרן לאָמיך ניט הערן.
24 נאָר לאָז קוועלן ווי וואַסער גערעכטיקייט,
און רעכטפאַרטיקייט ווי אַ שטראָם אַ שטאַרקער.
25 האָט איר מיר שלאַכטאָפּפער און שפּייזאָפּפער געבראַכט אין דער מדבר,
פאַר די פערציק יאָר, איר הויז פון ישראל?
26 דרום וועט איר טראָגן סִכּות אייער קיניג,
און כִּיון, אייערע געצנבילדער,
אייער שטערנגאָט
וואָס איר האָט אייך געמאַכט.
27 און איך וועל אייך פאַרטרייבן פון יענער זייט דַמֶשֶׂק,
זאָגט יהוה–גאָט פון צבָאות איז זיין נאָמען.

ו 1 ווי, די רואיקע אין צִיון,
און די זיכערע אויפן באַרג שומרון,

די באַרופֿענע פֿער פֿון די פֿעלקער,
וואָס צו זיי קומט דאָס הויז פֿון ישׂראל!
2 גייט אַריבער קיין כַּלְנֵה, און זעט,
און גייט פֿון דאָרט קיין גרויס־חֲמָת,
און נידערט אין גַת פֿון די פּלשתּים;
איז זיי בעסער פֿון דידאָזיקע קיניגרייכן?
צי איז זייער געמאַרק גרעסער פֿון אייער געמאַרק?
3 איר וואָס שטויסט אָפּ דעם בייזן טאָג,
און רוקטצו דעם טראָן פֿון רויב!
4 די וואָס ליגן אויף בעטן פֿון עלפֿנבייַן,
און אויסגעצויגן אויף זייערע געלעגערס,
און עסן לעמער פֿון די שאָף,
און קעלבער פֿון שטאַל;
5 די וואָס צימבלען אויף דער גיטאַר—
אַזוי ווי דוד האָבן זיי זיך אויסגעטראַכט כּלי־זֶמֶר;
6 די וואָס טרינקען אין שפּרענגבעקנס וויין,
און מיט די בעסטע איילן זאַלבן זיי זיך,
און קימערן זיך ניט אום דעם בראָך פֿון יוסף.
7 דרום וועלן זיי אַצונד פֿאַרטריבן ווערן
פֿאַרויס פֿון אַלע פֿאַרטריבענע,
און אָפּגעטאָן וועט ווערן
דער ליאַרעם פֿון די אויסגעצויגענע[א].
8 גאָט יהוה האָט געשוואָרן בײַ זיך אַליין,
זאָגט יהוה דער גאָט פֿון צבָאוֹת:
איך פֿאַראומווערדיק דעם שטאָלץ פֿון יעקב,
און זיינע פּאַלאַצן האָב איך פֿיינט געקראָגן.
און איך וועל איבערענטפֿערן די שטאָט מיט איר פֿולקייט!
9 און עס וועט זיין, אויב עס וועלן איבערבלייבן צען מענטשן

[א] וואָרטשפּיל: וְסָר מִרְזַח סְרוּחִים.

אין איין הויז, וועלן זיי שטאַרבן. [10]און אַז עמיצנס פעטער,
און דער וואָס דאַרף אים פאַרברענען, וועט אים אויפהייבן
כּדי אַרויסצוטראָגן דאָס געביין פון הויז, וועט ער זאָגן צו דעם
וואָס אין ווינקל פון הויז: איז נאָך ווער דאָ מיט דיר? און אַז
יענער וועט זאָגן: ניין, ניטאָ; און ער וועט זאָגן: שאַ! וואָרום מע
טאָר ניט דערמאָנען, ביים נאָמען פון גאָט.

[11]וואָרום זע, גאָט באַפעלט,
און מע וועט צעהאַקן דאָס גרויסע הויז אין שטיקער,
און דאָס קליינע הויז אויף שפּענדלאַך.

[12]לויפן דען פערד איבער אַ פעלדז?
צי אַקערט מען אים מיט רינדער?
וואָס איר האָט פאַרקערט גערעכטיקייט אין ביטערקרויט,
און פרוכט פון רעכטפאַרטיקייט אין ווערמוט;
[13]איר וואָס פרייט זיך אום גאָרנישט,
וואָס זאָגט: פאַרוואָר, מיט אונדזער שטאַרקייט האָבן מיר זיך
גענומען הערנער.
[14]פאַרוואָר, זע, איך שטעל אָן אויף אײַך אַ פאָלק, איר הויז פון
ישׂראל,
זאָגט יהוה, דער גאָט פון צבָאוֹת,
און זיי וועלן אײַך דריקן פון ווו מע קומט קיין חַמָת
ביז דעם טײַך פון דעם פּלוין.

ז [1]אַזוי האָט מיר גאָט דער האַר געוויזן: ערשט ער האָט
באַשאַפן אַ היישעריק אין אָנהייב אויפגיין פון דער שפּעט־
תּבוּאה, און זע, דאָס איז געווען די שפּעט־תּבוּאה נאָך דעם
מלכס שניט. [2]און עס איז געווען, אַז ער האָט געענדיקט
אויפעסן דאָס גראָז פון לאַנד, האָב איך געזאָגט:

וײ, גאָט דו האַר, פֿאַרגיב, איך בעט דיך;
װי קען באַשטײן יעקב, אַז ער איז אַזױ קלײן?
[3]האָט גאָט חרטה געהאַט דערױף; „דאָס װעט ניט געשען", האָט
גאָט געזאָגט.

[4]אַזױ האָט מיר גאָט דער האַר געװיזן: ערשט גאָט דער האַר
האָט אױסגערופֿן אַ קריג דורך פֿײַער, און עס האָט פֿאַרצערט
דעם גרױסן תּהום, און װאָלט פֿאַרצערט דאָס לאַנד. [5]האָב
איך געזאָגט:
גאָט דו האַר, הער אױף, איך בעט דיך;
װי קען באַשטײן יעקב, אַז ער איז אַזױ קלײן?
[6]האָט גאָט חרטה געהאַט דערױף; „דאָס אױך װעט ניט געשען",
האָט גאָט דער האַר געזאָגט.

[7]אַזױ האָט ער מיר געװיזן: ערשט אָט שטײט אױף אַ שנור־
גלײַכער מױער, און אין זײַן האַנט איז אַ װאַגשנור. [8]און גאָט
האָט צו מיר געזאָגט: װאָס זעסטו, עָמוֹס? האָב איך געזאָגט: אַ
װאַגשנור. האָט גאָט געזאָגט:
זע, איך צי אַ װאָגשנור צװישן מײַן פֿאָלק ישׂראל,
איך װעל אים מער װידער ניט פֿאַרגעבן.
[9]און די בָּמוֹת פֿון יִשְׂחָק װעלן פֿאַרװיסט װערן,
און די הײליקטומען פֿון ישׂראל װעלן חרב װערן,
און איך װעל אױפֿשטײן אױפֿן הױז פֿון יָרָבעָם מיטן שװערד.
[10]און אֲמַצְיָה דער כֹּהן פֿון בֵּית־אֵל האָט געשיקט צו יָרָבעָם
דעם מלך פֿון ישׂראל, אַזױ צו זאָגן: עָמוֹס האָט געמאַכט אַ בונט
אױף דיר צװישן די קינדער פֿון ישׂראל; דאָס לאַנד קען ניט
אױסהאַלטן אַלע זײַנע רײד. [11]װאָרום עָמוֹס האָט אַזױ געזאָגט:
דורכן שװערד װעט שטאַרבן יָרָבעָם,

און ישׂראל װעט אין גָלות אַװעק פֿון זײַן ערד.
12 און אַמַציָה האָט געזאָגט צו עָמוֹסן: זעער, גײ אַנטלױף דיר קײן
לאַנד יהודה, און עס דאָרטן ברױט, און דאָרטן זאָלסטו נביאות
זאָגן. 13 אָבער אין בֵּית־אֵל זאָלסטו מער װידער נביאות ניט זאָגן
װאָרום עס איז אַ מלכס הײליקטום, און עס איז אַ הױז פֿון
מלוכה. 14 האָט געענטפֿערט עָמוֹס און האָט געזאָגט צו אַמַציָהן:
ניט קײן נביא בין איך, און ניט קײן זון פֿון אַ נביא בין איך,
נײַערט אַ פּאַסטוך פֿון רינדער בין איך, און אַ צוריכטער פֿון
װילדע פֿײַגן. 15 און גאָט האָט מיך גענומען פֿון הינטער די
שאָף, און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: גײ זאָג נביאות צו מײַן פֿאָלק
ישׂראל. 16 און אַצונד הער דאָס װאָרט פֿון גאָט:
דו זאָגסט: זאָלסט ניט נביאות זאָגן אױף ישׂראל,
און ניט דרשענען אױף דעם הױז פֿון יִשְׂחָק.
17 דרום האָט גאָט אַזױ געזאָגט:
דײַן װײַב װעט אין שטאָט אַ זוֹנה זײַן,
און דײַנע זין און דײַנע טעכטער װעלן פֿאַלן דורכן שװערד,
און דײַן ערד װעט מיט אַ שנור צעטײלט װערן,
און דו װעסט שטאַרבן אױף אומרײנער ערד,
און ישׂראל װעט אין גָלות אַװעק פֿון זײַן ערד.

ח 1 אַזױ האָט מיר גאָט דער האַר געװיזן: ערשט אַ קאָרב
זומעראױבסא. 2 און ער האָט צו מיר געזאָגט: װאָס זעסטו,
עָמוֹס? האָב איך געזאָגט: אַ קאָרב זומעראױבס. האָט גאָט צו
מיר געזאָגט:
געקומען איז דער סוֹףא אױף מײַן פֿאָלק ישׂראל,
איך װעל אים מער װידער ניט פֿאַרגעבן.
3 און יאָמערן װעלן די געזאַנגען פֿון פּאַלאַץ אין יענעם טאָג,
זאָגט גאָט דער האַר;

א װאָרטשפּיל: קַיִץ, זומעראױבס; קֵץ, אַ סוף.

פּגרים וועלן זײַן פֿיל,
אין יעטוועדער אָרט וועט זײַן אָנגעוואָרפֿן אַ שטילקייט.

4הערט דאָס צו, איר וואָס ווילט אײַנשלינגען דעם אביון,
און פֿאַרטיליקן די אָרעמע פֿון לאַנד,
5אַזוי צו זאָגן: ווען וועט אַריבער ראָשחודש,
אַז מיר זאָלן פֿאַרקויפֿן תּבואה,
און שבת, אַז מיר זאָלן עפֿענען קאָרן,
צו פֿאַרקלענערן די אֵיפָה, און צו פֿאַרגרעסערן דעם שֶׁקל,
און צו פֿאַרדרייען מיט פֿאַלשע וואָגשאָלן;
6כּדי צו קויפֿן פֿאַר געלט די אָרעמע,
און דעם אביון פֿאַר אַ פּאָר שיך,
און דעם אָפּפֿאַל פֿון קאָרן זאָלן מיר פֿאַרקויפֿן.
7געשוואָרן האָט גאָט בײַ דעם שטאָלץ פֿון יעקבֿ:
אויב איך וועל אײביק פֿאַרגעסן אַלע זייערע מעשׂים!
8זאָל איבער דעם ניט ציטערן די ערד,
און טרויערן איטלאַכער וואָס וווינט אויף איר?
יאָ, זי וועט זיך אויפֿהייבן אין גאַנצן ווי דער טײַך,
און צערודערט ווערן און זיך אַראָפּזעצן ווי דער טײַך פֿון מִצרַיִם.
9און עס וועט זײַן אין יענעם טאָג,
זאָגט גאָט דער האַר,
וועל איך מאַכן אונטערגיין די זון אין מיטן טאָג,
און פֿינצטער מאַכן די ערד אין העלן טאָג.
10און איך וועל פֿאַרקערן אײַערע יָום־טובֿים אין טרויער,
און אַלע אײַערע געזאַנגען אין אַ קלאָג,
און איך וועל אַרויפֿברענגען אויף אַלע לענדן זאַק,
און אויף איטלאַכן קאָפּ אַ פּליך,

און איך וועל עס מאַכן ווי דער טרויער נאָך אַן אײנאײנציקן,
און איר סוף, ווי אַ ביטערן טאָג.
11זע, טעג קומען, זאָגט גאָט דער האַר,
און איך וועל שיקן אַ הונגער אין לאַנד,
ניט אַ הונגער נאָך ברויט, און ניט אַ דאָרשט נאָך וואַסער,
נייערט צו הערן די ווערטער פון גאָט.
12און זיי וועלן וואָגלען פון ים צו ים,
און פון צפון ביז מזרח;
זיי וועלן אומוואַנדערן צו זוכן גאָטס וואָרט,
און זיי וועלן ניט געפינען.
13אין יענעם טאָג וועלן חלשן די שײנע יונגפרויען
און די בחורים פון דאָרשט.
14די וואָס שווערן ביי דער זינד פון שומרון,
און זאָגן: „אַזוי ווי עס לעבט דיין גאָט, דָן!"
און: „אַזוי ווי עס לעבט דער וועג פון באר־שֶבַע!"
און זיי וועלן פאַלן, און וועלן מער ניט אויפשטיין.

ט 1איך האָב געזען גאָט שטיין אויפן מזבח, און ער האָט געזאָגט:
שלאָג די זיילנקעפּ, אַז די ביישטידלאַך זאָלן ציטערן,
און צעברעך זיי איבער זייערע אַלעמענס קעפּ;
און זייער איבערבלייב וועל איך הרגען מיטן שווערד:
ניט אַנטלויפן וועט פון זיי אַן אַנטלאָפענער,
און ניט ראַטעווען וועט זיך פון זיי אַן אַנטרונענער.
2אַז זיי וועלן זיך פאַרגראָבן אין אונטערערד,
וועט זיי פון דאָרטן אַרויסנעמען מיין האַנט,
און אַז זיי וועלן אַרויפגיין אין הימל,
וועל איך זיי פון דאָרטן אַראָפּנידערן.

3און אַז זיי װעלן זיך באַהאַלטן אויפן שפּיץ כּרמֶל,
װעל איך פֿון דאָרטן אויפֿזוכן און זיי צונעמען,
און אַז זיי װעלן זיך פֿאַרבאָרגן פֿון פֿאַר מיינע אויגן
אויפֿן גרונט פֿון ים,
װעל איך דאָרטן באַפֿעלן דער שלאַנג,
און זי װעט זיי אײַנבײַסן.
4און אַז זיי װעלן גיין אין געפֿאַנגענשאַפֿט פֿאַר זייערע פֿײַנט,
װעל איך דאָרטן באַפֿעלן דער שװערד, און זי װעט זיי הרגענען,
און איך װעל טאָן אויף זיי מײַן אויג
צום בייזן און ניט צום גוטן.

5װאָרום גאָט דער האַר פֿון צבָאוֹת
איז דער װאָס רירט אָן די ערד און זי װאַקלט זיך,
און אַלע װױנער אויף איר טרויערן;
און זי הייבט זיך אויף אין גאַנצן װי דער טײַך,
און זעצט זיך אַראָפּ װי דער טײַך פֿון מִצרַיִם.
6דער װאָס בויט אין הימל זײַנע אויבערקאַמערן,
און גרונטפֿעסט זײַן געװעלב אויף דער ערד;
װאָס רופֿט די װאַסערן פֿון ים,
און גיסט זיי אויס אויפֿן געזיכט פֿון דער ערד;
יהוה איז זײַן נאָמען.
7פֿאַרװאָר, אַזױ װי די קינדער פֿון כּושים זײַט איר מיר,
קינדער פֿון ישׂראל, זאָגט גאָט.
פֿאַרװאָר, איך האָב אויפֿגעבראַכט ישׂראל פֿון לאַנד מִצרַיִם,
און די פּלִשתּים פֿון כַּפתּוֹר,
און אַרָם פֿון קיר.

8 זע, די אויגן פון גאָט דיין האַר
זיינען אויף דעם זינדיקן קיניגרייך,
און איך פֿאַרטיליג עס פֿון געזיכט פֿון דער ערד,
אָבער פֿאַרטיליגן וועל איך ניט פֿאַרטיליגן דאָס הויז פֿון
יעקב,
זאָגט גאָט.
9 וואָרום זע, איך באַפֿעל און וועל לאָזן שאָקלען
דאָס הויז פֿון ישׂראל צווישן אַלע פֿעלקער,
אַזוי ווי עס ווערט געשאָקלט אין אַ זיפּ;
אָבער ניט אַ קערנדל וועט פֿאַלן צו דער ערד.
10 דורכן שווערד וועלן שטאַרבן אַלע זינדיקע פֿון מיין פֿאָלק,
וואָס זאָגן: ניט גענענען און זיך פֿעדערן אויף אונדז וועט דאָס
בייז.
11 אין יענעם טאָג וועל איך אויפֿשטעלן
דאָס איינגעפֿאַלענעביידל פֿון דוד,
און איך וועל פֿאַרמויערן אירע בראָכן,
און זיינע חורבות וועל איך אויפֿשטעלן,
און וועל עס אויפֿבויען ווי אין אַמאָליקע טעג;
12 כּדי עס זאָלן אַרבן דעם איבערבלייב פֿון אֱדום און אַלע
פֿעלקער
די וואָס מיין נאָמען ווערט גערופֿן אויף זיי,
זאָגט גאָט, דער וואָס טוט דאָסדאָזיקע.

13 זע, טעג קומען, זאָגט גאָט,
און דער אַקערער וועט זיך אָנשטויסן אָן דעם שניטער,
און דער טרויבנטרעטער אָן דעם זריעה־וואַרפֿער;
און די בערג וועלן טריפֿן זאַפֿט,
און אַלע הייכן וועלן צעגיין.

14 און איך װעל אומקערן די געפֿאַנגענשאַפֿט פֿון מײַן פֿאָלק ישׂראל,
און זײ װעלן אָפּבױען פֿאַרװיסטע שטעט און זיך באַזעצן,
און פֿלאַנצן װײַנגערטנער און טרינקען זײער װײַן,
און מאַכן גערטנער און עסן זײער פֿרוכט.
15 און איך װעל זײ אײַנפֿלאַנצן אויף זײער ערד,
און זײ װעלן מער ניט אױסגעריסן װערן
פֿון דער ערד װאָס איך האָב זײ געגעבן,
זאָגט גאָט דײַן האַר.

# עוֹבַדיָה

א 1 די זעאונג פון עוֹבַדיָהן.
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר אויף אֱדוֹם:
אַ הערונג האָבן מיר געהערט פון גאָט,
און אַ שליח איז געשיקט צווישן די פעלקער:
שטייט אויף, און לאָמיר אויפשטיין אין מלחמה אויף איר.
2 זע, קליין מאַך איך דיך צווישן די פעלקער,
פאַראַכט זייער ווערסטו.
3 די מוטוויליקייט פון דיין האַרצן האָט דיך פאַרפירט,
דו וואָס רוסט אין די שפּאַלטן פון פעלז,
אין דער הייך פון דיין וווינונג;
וואָס זאָגסט אין דיין האַרצן:
ווער וועט מיך אַראָפּנידערן צו דער ערד?
4 ווען דו זאָלסט זיך ווי אַן אָדלער דערהייבן,
און ווען דו מאַכסט צווישן שטערן דיין נעסט,
וועל איך פון דאָרטן דיך אַראָפּנידערן,
זאָגט גאָט.
5 אויב גנבים וואָלטן געקומען צו דיר, אויב נאַכטרויבער—
ווי ביסטו פאַרשניטן געוואָרן!—
וואָלטן זיי דאָך בלויז געגנבעט גענוג פאַר זיך;
אויב האַרבסטער וואָלטן געקומען צו דיר,
וואָלטן זיי דאָך אַ נאָכקלייב איבערגעלאָזט.
6 ווי איז דורכגעזוכט געוואָרן עֵשָׂו,
אַנטפּלעקט געוואָרן זיינע באַהעלטענישן!

7ביז צום געמאַרק האָבן זיי דיר באַלייט,
אַלע דיינע בונדסלייט;
דיך פֿאַרפֿירט, דיך בייגעקומען
האָבן די גוטע פֿריינט דיינע.
די וואָס האָבן דיין ברויט געגעסן
האָבן געשטעלט אַ נעץ אונטער דיר.
ניט געווען קיין פֿאַרשטאַנדיקייט אין אים.

8פֿאַרוואָר, אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט,
וועל איך אומברענגען די חכמים, פֿון אֱדום,
און די פֿאַרשטאַנדיקייט, פֿון באַרג עֵשָׂו.
9און דיינע גיבורים, תֵּימָן, וועלן צעבראָכן ווערן,
כּדי איטלאַכער זאָל פֿאַרשניטן ווערן
פֿון באַרג עֵשָׂו דורך טייטונג.
10פֿאַר דעם אומרעכט צו דיין ברודער יעקבֿ
וועט דיך אַ בושה באַדעקן,
און וועסט פֿאַרשניטן ווערן אויף אייביק.
11אין דעם טאָג וואָס דו ביסט געשטאַנען פֿון ווייטן,
אין דעם טאָג וואָס פֿרעמדע האָבן געפֿאַנגען זיין פֿאַרמעג,
אוןווילדפֿרעמדע זיינען געקומען אין זיינע טויערן,
און אויף ירושָלַיִם גורל געוואָרפֿן,
ביסטו אויך געווען ווי איינער פֿון זיי.
12און דו האָסט ניט געזאָלט צוזען דעם טאָג פֿון דיין ברודער,
אין טאָג פֿון זיין אומגליק,
און ניט געזאָלט זיך פֿרייען איבער די קינדער פֿון יהודה,
אין טאָג פֿון זייער אונטערגאַנג,
און ניט געזאָלט גרייסן דיין מויל,
אין טאָג פֿון נויט.

13האָסט ניט געזאָלט קומען אין טויער פֿון מײַן פֿאָלק,
אין טאָג פֿון זײַן בראָך,
ניט געזאָלט צוזען, דו אויך, זײַן אומגליק,
אין טאָג פֿון זײַן בראָך,
און ניט געזאָלט אויסשטרעקן די האַנט אויף זײַן פֿאַרמעג,
אין טאָג פֿון זײַן בראָך.
14און האָסט ניט געזאָלט שטיין ביים שיידוועג,
צו פֿאַרשניידן זײַנע אַנטרונענע,
און ניט געזאָלט איבערענטפֿערן זײַנע געבליבענע,
אין טאָג פֿון נויט.

15וואָרום נאָנט איז דער טאָג פֿון גאָט אויף אַלע פֿעלקער;
ווי דו האָסט געטאָן, וועט געטאָן ווערן צו דיר,
דײַן טואונג וועט זיך אומקערן אויף דײַן קאָפּ.
16וואָרום ווי איר האָט געטרונקען אויף מײַן הייליקן באַרג,
וועלן טרינקען אַלע פֿעלקער תּמיד;
יאָ, זיי וועלן טרינקען און זופּן,
און ווערן ווי קיינמאָל ניט געווען.
17אָבער אויף דעם באַרג צִיוֹן וועט זײַן אַן אַנטרינונג,
און ער וועט זײַן הייליק;
און דאָס הויז פֿון יעקבֿ וועט אַרבן זייערע אַרבונגען.
18און דאָס הויז פֿון יעקבֿ וועט זײַן אַ פֿײַער,
און דאָס הויז פֿון יוסף אַ פֿלאַם,
און דאָס הויז פֿון עֵשָׂו צו שטרוי,
און זיי וועלן זיי אָנצינדן און זיי פֿאַרצערן,
און קיין איבערבלײַב וועט ניט זײַן פֿון דעם הויז פֿון עֵשָׂו;
וואָרום גאָט האָט גערעדט.
19און די וואָס אין דָרום וועלן אַרבן דעם באַרג עֵשָׂו,

און די וואָס אין דער נידערונג–די פּלשתּים;
און זיי וועלן אַרבן דאָס פעלד פון אפרים,
און דאָס פעלד פון שומרון;
און בנימין [וועט אַרבן] גלעָד.
20און דידאָזיקע פֿאַרטריבענע מחנה פון די קינדער פון ישׂראל
וואָס צווישן די כּנַעֲנים ביז צָרפַת,
און די פֿאַרטריבענע פון ירושָלַיִם וואָס אין ספָרַד,
וועלן אַרבן די שטעט פון דָרום.
21און העלפער וועלן אַרויפגיין אויפן באַרג ציוֹן,
צו משפטן דעם באַרג עֵשָׂו,
און די מלוכה וועט זיין ביי גאָט.

# יוֹנָה

א 1און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו יונה דעם זון פון
אַמִתַּין, אַזוי צו זאָגן: 2שטיי אויף, גיי צו דער גרויסער שטאָט
נינְוֵה, און רוף אויס אויף איר, וואָרום זייער שלעכטיקייט איז
אויפגעגאַנגען פאַר מיר.
3איז יונה אויפגעשטאַנען צו אַנטלויפן קיין תַּרשיש פון פאַר
גאָט, און ער האָט גענידערט קיין יָפוֹ, און האָט געפונען אַ שיף
וואָס גייט קיין תַּרשיש; האָט ער אָפּגעצאָלט איר לוין, און האָט
גענידערט אין איר, כּדי צו גיין מיט זיי קיין תַּרשיש פון פאַר גאָט.
4האָט גאָט אָנגעוואָרפן אַ גרויסן ווינט אויפן ים, און עס איז
געוואָרן אַ גרויסער שטורעם אויפן ים, און די שיף האָט
געהאַלטן ביים צעבראָכן ווערן. 5האָבן די שיפלייט זיך
דערשראָקן, און זיי האָבן געשריען איטלאַכער צו זיין גאָט, און
זיי האָבן אַריינגעוואָרפן די זאַכן וואָס אויפן שיף, אין ים, כּדי
זיך לייכטער צו מאַכן. און יונה האָט אַראָפּגענידערט אין
ווינקל שיף, און האָט זיך געלייגט און איז אַיינגעשלאָפן. 6האָט
דער עלצטער פון די שיפלייט גענענט צו אים, און האָט געזאָגט:
וואָס איז מיט דיר, וואָס דו שלאָפסט? שטיי אויף און רוף צו דיין
גאָט, אפשר וועט זיך גאָט באַדאַכטן אָן אונדז, און מיר וועלן
ניט אונטערגיין.
7און זיי האָבן געזאָגט איינער צום אַנדערן: קומט לאָמיר
וואַרפן גורל, כּדי מיר זאָלן וויסן איבער וועמען דאָסדאָזיקע
בייז איז אויף אונדז. האָבן זיי געוואָרפן גורל, און דער גורל
איז געפאַלן אויף יונהן. 8האָבן זיי צו אים געזאָגט: זאָג אונדז

אַקאָרשט, דו איבער וועמען דאָסדאָזיקע בייז איז אויף אונדז:
וואָס איז דיין טאָן? און פון וואַנען קומסטו? וואָס איז דיין לאַנד?
און פון וואָסער פאָלק ביסטו? 9 האָט ער צו זיי געזאָגט: אַ עִברי
בין איך, יהוה דעם גאָט פון די הימלען טו איך פאָרכטן, דעם
וואָס האָט געמאַכט דעם ים און די יבשה. 10 האָבן די מענטשן
מורא געקראָגן אַ גרויס מורא, און זיי האָבן צו אים געזאָגט: וואָס
האָסטו דאָ געטאָן? וואָרום די מענטשן האָבן פאַרשטאַנען אַז
ער אַנטלויפט פון גאָט, אַז ער האָט דאָס זיי געזאָגט.
11 האָבן זיי צו אים געזאָגט: וואָס זאָלן מיר טאָן מיט דיר,
כדי דער ים זאָל זיך איינשטילן פאַר אונדז? וואָרום דער ים איז
געוואָרן אַלץ שטורעמדיקער. 12 האָט ער צו זיי געזאָגט: הייבט
מיך אויף און וואַרפט מיך אַריין אין ים, און דער ים וועט זיך
איינשטילן פאַר אייך; וואָרום איך ווייס אַז איבער מיר איז דער־
דאָזיקער גרויסער שטורעם אויף אייך.
13 און די מענטשן האָבן גערודערט זיך אומצוקערן צו דער
יבשה, אָבער זיי האָבן ניט געקענט, וואָרום דער ים האָט נאָכ־
אַנאַנד געשטורעמט אַקעגן זיי. 14 האָבן זיי גערופן צו גאָט, און
האָבן געזאָגט: מיר בעטן דיך, גאָט, לאָמיר ניט אונטערגיין פאַר
דעם לעבן פון דעמדאָזיקן מענטשן, און זאָלסט ניט ברענגען
אויף אונדז אומשולדיק בלוט, וואָרום דו גאָט, אַזוי ווי דו
באַגערסט טוסטו.
15 און זיי האָבן אויפגעהויבן יונהן, און האָבן אים אַריי־
געוואָרפן אין ים, און דער ים האָט זיך אָפּגעשטעלט פון זיין
שטורעמען. 16 און די מענטשן האָבן מורא געהאַט אַ גרויס מורא
פאַר גאָט און זיי האָבן געשלאַכט אַ שלאַכטאָפּפער צו גאָט,
און גענומען אויף זיך נדרים.

ב [1]און גאָט האָט אָנגעברייט אַ גרויסן פיש אײַנצושלינגען
יונהן, און יונה איז געווען אין די אינגעווייד פון פיש דריי
טעג און דריי נעכט. [2]און יונה האָט מתפלל געווען צו גאָט זײַן
האַר, פון די אינגעווייד פון דעם פיש. [3]און ער האָט געזאָגט:

איך האָב גערופן פון מײַן נויט צו גאָט,
און ער האָט מיר געענטפערט;
פון דעם בויך פון אונטערערד האָב איך געשריען,
האָסטו צוגעהערט מײַן קול.
[4]וואָרום האָסט מיך אַרײַנגעוואָרפן אין דער טיפעניש,
אין האַרצן פון די ימען,
און דער שטראָם האָט מיך אַרומגענומען;
אַלע דײַנע װעלן און אינדן
זײַנען אַריבערגעגאַנגען איבער מיר.
[5]און איך האָב געווען געזאָגט:
איך בין פאַרטריבן פון פאַר דײַנע אויגן;
אָבער איך וועל ווידער נאָך קוקן
אויף דײַן הייליקן טעמפּל.
[6]וואַסערן האָבן מיך אַרומגערינגלט ביזן נפש,
דער תּהום האָט מיך אַרומגענומען,
טײַכגראָז איז געווען געוויקלט אַרום מײַן קאָפּ.
[7]צו די גרונטן פון די בערג האָב איך גענידערט,
די ערד [האָט פאַרשלאָסן] פאַר מיר
אירע ריגלען אויף אייביק.
אָבער דו האָסט אויפגעבראַכט פון גרוב מײַן לעבן,
דו גאָט מײַן האַר.
[8]ווען מײַן זעל איז געווען פאַרחלשט אין מיר,
האָב איך אָן גאָט געדאַכט,
און מײַן תּפילה איז געקומען צו דיר,

אין דיין הייליקן טעמפּל.
9 די וואָס האַלטן זיך אָן פאַלשע נישטיקייטן
פאַרלאָזן זייער גענאָדיקן;
10 אָבער איך וועל שלאַכטן צו דיר,
מיט אַ קָול פון דאַנקעניש;
וואָס איך האָב אַ נדר געטאָן וועל איך באַצאָלן.
די ישועה איז בײַ גאָט.
11 און גאָט האָט געהייסן דעם פיש, און ער האָט אויסגעשפּיגן
יונהן אויף דער יבשה.

ג 1 און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו יונהן אַ צווייט מאָל,
אַזוי צו זאָגן: 2 שטיי אויף, גיי צו דער גרויסער שטאָט נינוֶה,
און רוף אויס צו איר די אויסרופונג וואָס איך רעד צו דיר.
3 איז יונה אויפגעשטאַנען, און ער איז געגאַנגען קיין נינוֶה,
אַזוי ווי דאָס וואָרט פון גאָט; און נינוֶה איז געווען אַ געוואַלטיק
גרויסע שטאָט פון דרײַ טעג גאַנג. 4 און יונה האָט אָנגעהויבן
אַרײַנגיין אין שטאָט איין טאָג גאַנג, און ער האָט אויסגערופן און
האָט געזאָגט: נאָך פערציק טעג און נינוֶה ווערט איבערגעקערט.
5 און די מענטשן פון נינוֶה האָבן געגלויבט אין גאָט, און זיי
האָבן אויסגערופן אַ פאַסטטאָג, און האָבן זיך אָנגעטאָן אין זאַק
פון זייער גרעסטן ביז זייער קלענסטן. 6 און די זאַך האָט דער־
גרייכט צום מלך פון נינוֶה, און ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין
טראָן, און האָט אויסגעטאָן זיין מאַנטל פון זיך, און האָט זיך
צוגעדעקט מיט זאַק, און זיך געזעצט אויף אַש. 7 און ער האָט
געלאָזט אויסרופן און אָנגעזאָגט אין נינוֶה אויף דעם באַפעל פון
דעם מלך און זיינע גרויסע לייט, אַזוי צו זאָגן: קיין מענטש און
קיין בהמה, רינדער אָדער שאָף, זאָל ניט פאַרזוכן דאָס
מינדסטע; ניט זיי זאָלן זיך פיטערן, און ניט זיי זאָלן טרינקען

וואַסער. [8]מענטשן און בהמות זאָלן זיין צוגעדעקט מיט זאַק;
און מע זאָל רופן צו גאָט מיט שטאַרקייט, און מע זאָל זיך אומ־
קערן איטלאַכער פון זיין שלעכטן וועג, און פון דעם אומרעכט
וואָס אין זייערע הענט. [9]ווער ווייס, אפשר ווידער וועט גאָט
חרטה האָבן, און זיך אָפּקערן פון זיין גרימצאָרן, און מיר וועלן
ניט אונטערגיין.
[10]האָט גאָט געזען זייערע מעשׂים, אַז זיי האָבן זיך אומ־
געקערט פון זייער שלעכטן וועג, און גאָט האָט חרטה געהאַט
אויף דעם בייז וואָס ער האָט גערעדט זיי צו טאָן, און ער האָט
עס ניט געטאָן.

ד [1]און יונהן האָט פאַרדראָסן אַ גרויס פאַרדראָס, און אים
האָט געערגערט. [2]און ער האָט מתפלל געווען צו גאָט,
און האָט געזאָגט: איך בעט דיך, גאָט, זיינען דאָס ניט געווען
מיינע ווערטער, ווען איך בין נאָך געווען אויף מיין ערד? דרום
האָב איך זיך געפּעדערט צו אַנטלויפן קיין תּרשיש, ווייל איך
האָב געוווּסט אַז דו ביסט אַ לייטזעליקער און דערבאַרימדיקער
גאָט, איינגעהאַלטן אין צאָרן, און רייך אין גענאָד, און האָסט
חרטה אויף דעם בייז. [3]און אַצונד, גאָט, נעם צו, איך בעט
דיך, פון מיר מיין נפש, וואָרום בעסער איך זאָל שטאַרבן,
איידער איך זאָל לעבן.
[4]האָט גאָט צו אים געזאָגט: ערגערט דיך גוט?
[5]און יונה איז אַרויסגעגאַנגען פון שטאָט, און האָט זיך
געזעצט אין מזרח פון שטאָט, און ער האָט זיך דאָרטן געמאַכט
אַ בײדל, און איז געזעסן אונטער אים אין שאָטן, ביז ער וועט
זען וואָס וועט געשען מיט דער שטאָט. [6]האָט גאָט דער האַר
אָנגעברייט אַ ריצנבוים, און ער איז אויסגעוואַקסן איבער יונהן
צו זיין אַ שאָטן איבער זיין קאָפּ, כדי אים אַרויסצונעמען פון

זײַן בײז געמיט, און יונה האָט זיך געפרײט מיטן ריצנבוים אַ
גרויס פרײד.

[7]האָט גאָט אָנגעברײט אַ װאָרעם, װען דער פרימאָרגן איז
אויפגעגאַנגען אויפן אַנדערן טאָג, און ער האָט צענאָגט דעם
ריצנבוים, און ער איז פאַרטריקנט געװאָרן. [8]און עס איז
געװען, װי די זון איז אויפגעגאַנגען, אַזוי האָט גאָט אָנגעברײט
אַ שטילן מזרח־װינט, און די זון האָט געשלאָגן אויף יונהס קאָפּ,
און ער איז פאַרחלשט געװאָרן, און האָט געבעטן אויף זיך דעם
טויט, און האָט געזאָגט: בעסער איך זאָל שטאַרבן, אײדער איך
זאָל לעבן.

[9]האָט גאָט געזאָגט צו יונהן: ערגערט דיך גוט װעגן דעם
ריצנבוים? האָט ער געזאָגט: מיך ערגערט גוט, ביז צום טויט.
[10]האָט גאָט געזאָגט: דיר איז אַ שאָד אויף דעם ריצנבוים, װאָס
ניט דו האָסט זיך אויף אים געמיט, און ניט דו האָסט אים אויפ־
געבראַכט; װאָס איז איבער נאַכט געװאָרן, און איבער נאַכט
אונטערגעגאַנגען; [11]און מיר זאָל ניט זײַן אַ שאָד אויף דער
גרויסער שטאָט נינוה, װאָס אין איר זײַנען דאָ מער װי צװעלף
מאָל צען טויזנט מענטשן, װאָס װײסן ניט צװישן זײער רעכטער
האַנט און זײער לינקער, און אויך בהמות אַ סך?

# מיכָה

**א** [1]דאָס וואָרט פון גאָט וואָס איז געווען צו מיכָהן פון מורֶשֶׁת,
אין די טעג פון יותָם, אָחָז, יחִזקִיָה, די מלכים פון יהודה,
וואָס ער האָט געזען אויף שומרון און ירושָלַיִם.
[2]הערט איר פעלקער אַלע,
פאַרנעם דו ערד און איר פולקייט;
און גאָט דער האַר וועט זיין צום עדות קעגן אַייך,
גאָט פון זיין הייליקן טעמפּל.
[3]וואָרום זע, גאָט גייט אַרויס פון זיין אָרט,
און וועט נידערן און טרעטן אויף די הייכן פון דער ערד.
[4]און די בערג וועלן צעגיין אונטער אים,
און די טאָלן וועלן זיך שפּאַלטן,
ווי וואַקס פאַרן פייער,
ווי וואַסער אויסגעגאָסן אין אַ נידערונג.
[5]איבער דעם פאַרברעך פון יעקב איז דאָס אַלץ,
און איבער די זינד פון דעם הויז פון ישׂראל.
ווער איז דער פאַרברעך פון יעקב
אויב ניט שומרון?
און ווער די בָמות פון יהודה
אויב ניט ירושָלַיִם?

[6]דרום וועל איך מאַכן שומרון פאַר אַ פעלדהויפן,
פאַר פלאַנצונגען פון ווייַנגערטנער.
און איך וועל שליידערן צום טאָל אירע שטיינער[א],

[א] וואָרטשפּיל: וְהִגַּרְתִּי לַגַּי.

און אירע גרונטפעסטן וועל איך אַנטפּלעקן.
7און אַלע אירע געשניצטע געצן
וועלן צעהאַקט ווערן,
און אַלע אירע זונה־לוינען
וועלן פֿאַרברענט ווערן אין פֿייער,
און אַלע אירע געצנבילדער
וועל איך מאַכן צו וויסט;
וואָרום פֿון זונה־לוין האָט זי זיי אויפֿגעקליבן,
און צו זונה־לוין זאָלן זיי ווידער ווערן.
8דערויף וועל איך קלאָגן און יאָמערן,
איך וועל אומגיין באָרוועס און נאַקעט,
איך וועל מאַכן אַ קלאָג ווי די שאַקאַלן,
און אַ טרויער ווי שטרויספֿויגלען.
9וואָרום שווער זײַנען אירע שלעק,
וואָרום עס איז געקומען ביז יהודה,
עס גרייכט ביזן טויער פֿון מײַן פֿאָלק,
ביז ירושָלַיִם.
10ניט דערציילן זאָלט איר אין גַת[א],
וויינען זאָלט איר ניט וויינען;
אין בֵּית־לְעָפְרָה אין שטויב[ב] טו זיך קײַקלען.
11גיי דיר אַוועק, באַוווינערן פֿון שָפִיר,
נאַקעט צו שאַנד;
ניט אַרויסגיין דערוועגט זיך
די באַוווינערן פֿון צַאֲנָן[ג]
אַ קלאָג איז אין בֵּית־אֵצֶל;
מע נעמט פֿון אײַך אָפּ זײַן באַשטאַנד.
12יאָ, געאַנגסט נאָך גוטס האָט די באַוווינערן פֿון מָרוֹת,
אָבער געניִדערט האָט בייז פֿון גאָט צום טויער פֿון ירושָלַיִם.

[א] וואָרטשפּיל: בְּגַת־תַּגִּידוּ. [ב] עָפָר, וואָרטשפּיל אויף עָפְרָה. [ג] וואָרטשפּיל: יָצְאָה־צַאֲנָן.

13 שפּאַן דעם רײַטוואָגן צו די לויפפערד[א],
באַוווינערן פון לָכיש[ב];
זי איז דער אָנהייב זינד געווען
פאַר דער טאָכטער צִיון;
וואָרום בײַ דיר זײַנען געפונען געוואָרן
די פאַרברעכן פון ישׂראל.
14 דרום וועסטו געזעגן־מתנות געבן צו מוֹרֶשֶׁת־גַת[ג];
די הײַזער פון אַכזיב וועלן ווערן צום אָפּנאַר[ד]
פאַר די מלכים פון ישׂראל.
15 איך וועל נאָך ברענגען אַ יוֹרש אויף דיר,
באַוווינערן פון מָרֵשָׁה,
ביז קיין עֲדוּלָם וועט קומען דער כּבוד פון ישׂראל.
16 מאַך דיר אַ פּליך און שער דיך אָפּ,
איבער דײַנע געצערטלטע קינדער,
מאַך ברייט דײַן פּליך ווי דער גײַערפויגל,
וואָרום זיי זײַנען אין גָלות אַוועק פון דיר.

ב 1 ווי צו די וואָס טראַכטן אומרעכט,
און אַרבעטן אויס בײַז אויף זייערע געלעגערס!
אין ליכט פון פרימאָרגן פירן זיי עס אויס,
ווײַל עס איז אין דער מאַכט פון זייער האַנט.
2 און זיי גלוסטן פעלדער און גזלען,
און הײַזער און נעמען צו;
און באַרויבן אַ מאַן מיט זײַן הויז,
און אַ מענטשן מיט זײַן נחלה.
3 דרום האָט גאָט אַזוי געזאָגט:
זע, איך טראַכט אויף דערדאָזיקער משפּחה אַ בײַז
וואָס איר וועט ניט קענען אָפּטאָן דערפון אײַערע העלדזער,

[א],[ב] וואָרטשפּיל: רֶכֶשׁ־לָכִישׁ. [ג] ד.ה. זיך געזעגענען מיט. [ד] לְאַכְזָב, וואָרטשפּיל אויף אַכְזִיב.

און איר וועט ניט גיין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ,
וואָרום אַ בייזע צייט וועט דאָס זיין.
4 אין יענעם טאָג וועט מען אויפהייבן אויף אייך אַ שפּרוך,
און מע וועט קלאָגן אַ קלאָג פון באַקלאָגעניש,
מע וועט זאָגן: פאַרוויסטן פאַרוויסט זיינען מיר געוואָרן;
דעם טייל פון מיין פאָלק טוט ער בייטן.
ווי טוט ער מיך דערווייטערן!
דעם אָוועקקרויבער צעטיילט ער אונדזערע פעלדער.
5 פאַרוואָר, קיינער פון דיר וועט ניט וואַרפן
אַ שנור לויט גורל אין דער עדה פון גאָט.
6 „איר זאָלט ניט דרשענען!" דרשענען זיי;
מע דאַרף ניט דרשענען צו דידאָזיקע,
וועט מען קיין חרפּות ניט קריגן.
7 טו איך זיך דען בייטן, הויז פון יעקבֿ?
צי איז קורץ געוואָרן דאָס געמיט פון גאָט?
זיינען דאָס זיינע טואונגען?
טוען ניט מיינע ווערטער גוטס מיט דעם וואָס גייט גלייך?
8 אָבער מיין פאָלק פון אַנוסטן
שטעלט זיך אויף פאַר אַ פיינט;
פון דעם וואָס קומט אַנטקעגן
ציט איר קלייד און מאַנטל אַראָפּ,
פון רואיקע דורכגייער,
אָפּגעווייגטע פון מלחמה.
9 די ווייבער פון מיין פאָלק פאַרטרייבט איר
פון זייער נחתדיקער היים;
פון זייערע עופעלאַך נעמט איר אָוועק
מיין צירונג אויף אייביק.
10 שטייט אויף און גייט,

וואָרום ניטאָ דאָ קיין רואונג,
פון וועגן דער טומאה וואָס צעשטערט,
און אַ שטאַרקע צעשטערונג.

11 אַז אַ מאַן וואָס גייט אום מיט ווינט און ליגן, זאָל פּעלשן:
„איך וועל דיר דרשענען פון וויין און פון טרונק",
וואָלט ער ווערן אַ דרשן ביי דעמדאָזיקן פאָלק.

12 זאַמלען אײַנזאַמלען וועל איך דיך, יעקב, אין גאַנצן,
קלייבן אויפקלייבן וועל איך דעם איבערבלייב פון ישׂראל.
איך וועל זיי צונויפשטעלן אין איינעם ווי שאָף אין געהעפט,
ווי אַ סטאַדע אין איר פּיטערפּלאַץ;
זיי וועלן רוישן מיט מענטשן.
13 דער דורכברעכער גייט אַרויף זיי פאַרויס,
זיי ברעכן דורך און גייען ווייטער,
דורך דעם טויער און אַרויס דורך אים,
און זייער מלך גייט זיי פאַרויס,
און גאָט איז זייער אָנפירער.

ג 1 און איך האָב געזאָגט:
הערט אַקאָרשט צו, איר קעפּ פון יעקב,
און פירער פון הויז פון ישׂראל;
ליגט ניט אויף אײַך צו וויסן גערעכטיקייט?
2 איר וואָס האָט פיינט גוטס און האָט ליב שלעכטס,
וואָס גזלט זייער הויט פון זיי,
און זייער פלייש פון זייערע ביינער;
3 און וואָס האָט געגעסן דאָס פלייש פון מיין פאָלק,
און זייער הויט פון זיי אָפּגעשונדן,

און זייערע ביינער צעבראָכן,
און צעהאַקט אַזוי ווי אין אַ טאָפּ,
און ווי פלייש אין אַ קעסל.
4דרום וועלן זיי שרייען צו גאָט,
און ער וועט זיי ניט ענטפערן;
און ער וועט פאַרבאָרגן זיין פּנים פון זיי אין יענער צייט,
אַזוי ווי זיי האָבן שלעכטס געטאָן אין זייערע מעשׂים.

5אַזוי האָט גאָט געזאָגט אויף די נביאים וואָס פאַרפירן מיין
פאָלק,
וואָס שרייען: „שלום!" ווען זייערע ציין האָבן צו בייסן,
און דער וואָס גיט זיי ניט אין מויל,
ברייטן זיי אָן אויף אים אַ מלחמה.
6דרום וועט אייך זיין נאַכט, אָן אַ זעאונג,
און אַייך וועט זיין פינצטער, אָן וואָרזאָגן,
און אונטערגיין וועט די זון אויף די נביאים,
און שוואַרץ ווערן וועט דער טאָג אויף זיי.
7און די זעער וועלן זיין צו שאַנד,
און די וואָרזאָגער וועלן זיך שעמען,
און זיי וועלן אַלע פאַרדעקן זייערע אויבערשטע ליפּ,
וויל קיין ענטפער פון גאָט וועט ניט זיין.
8אָבער פאַרוואָר, איך בין פול מיט כּוח דורך דעם גייסט פון
גאָט,
און מיט גערעכטיקייט און גבורה,
צו זאָגן יעקבן זיין פאַרברעך,
און ישׂראלן זיין זינד.

9הערט דאָס צו אַקאָרשט, איר קעפּ פון דעם הויז פון יעקב,
און פירער פון הויז פון ישׂראל,

וואָס פאַראומווערדיקט גערעכטיקייט,
און פאַרדרייט אַלץ וואָס איז גלייך;
[10]מע בויט ציון מיט בלוט,
און ירושלַיִם מיט אומרעכט.
[11]אירע קעפּ משפּטן פאַר שוחד,
און אירע כּהנים לערנען פאַר געצאָלט,
און אירע נביאים וואָרזאָגן פאַר געלט.
און זיי לענען זיך אויף גאָט, אַזוי צו זאָגן:
פאַרוואָר, גאָט איז צווישן אונדז,
אויף אונדז וועט ניט קומען קיין בייז.
[12]דרום וועט איבער אייך ציון ווי אַ פעלד צעאַקערט ווערן,
און ירושלַיִם וועט ווערן הויפנס,
און דער באַרג פון [גאָטס] הויז–וואַלדיקע הייכן.

ד [1]און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג,
וועט שטיין פעסט דער באַרג פון גאָטס הויז,
אויבנאָן פון די בערג,
און ער וועט זיין דערהויבן איבער די הייכן;
און אומות וועלן צו אים שטראָמען.
[2]און פיל פעלקער וועלן גיין און וועלן זאָגן:
קומט און לאָמיר אַרויפגיין צום באַרג פון יהוה,
און צום הויז פון דעם גאָט פון יעקב,
און ער וועט אונדז לערנען פון זיינע וועגן,
און מיר וועלן גיין אין זיינע שטעגן;
וואָרום פון ציון וועט אַרויסגיין אַ תּורה,
און גאָטס וואָרט פון ירושלַיִם.
[3]און ער וועט משפּטן צווישן פיל אומות,
און אַנטשיידן איבער מאַכטיקע פעלקער

ביז אין דער ווײַט;
און זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראײַזנס,
און זייערע שפּיזן אויף צווײַגמעסערס;
אַ פֿאָלק קעגן אַ פֿאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד,
און מע וועט ניט מער לערנען מלחמה.
4און זיי וועלן זיצן איטלאַכער
אונטער זײַן ווײַנשטאָק און אונטער זײַן פֿײַגנבוים,
און קיינער וועט ניט שרעקן;
וואָרום דאָס מויל פֿון גאָט פֿון צבֿאָות האָט גערעדט.

5וואָרום אַלע פֿעלקער מעגן גיין
איטלאַכס אין נאָמען פֿון זײַן גאָט,
אָבער מיר וועלן גיין אין נאָמען פֿון יהוה
אונדזער גאָט אויף אייביק און שטענדיק.

6אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט,
וועל איך אײַנזאַמלען די וואָס הינקט,
און צונויפֿקלײַבן די וואָס איז פֿאַרשטויסן,
און די וועמען איך האָב שלעכטס געטאָן.
7און איך וועל מאַכן די הינקעדיקע פֿאַר אַן איבערבלײַב,
און די דערווײַטערטע פֿאַר אַ מאַכטיקן פֿאָלק,
און גאָט וועט קיניגן איבער זיי אויפֿן באַרג ציון
פֿון אַצונד און ביז אייביק.

8און דו מִגדַל־עֵדֶר, פֿעסטונגבאַרג פֿון טאָכטער ציון,
צו דיר וועט עס אָנקומען;
יאָ, קומען וועט די פֿריערדיקע ממשלה,
די מלוכה פֿון טאָכטער ירושָלַיִם.
9אַצונד נאָך וואָס שרײַסטו מיט געשרייען?

איז קיין מלך ניטאָ אין דיר,
איז דיין בַּעַל־יוֹעֵץ אונטערגעגאַנגען,
וואָס ווייניש האָט דיך אָנגענומען ווי אַ געווינערין?
10 דרֵיי זיך און האָב ווייען, טאָכטער צִיוֹן,
אַזוי ווי אַ געווינערין,
וואָרום אַצונד וועסטו אַרויסגיין פון דער שטאָט,
און וועסט וווינען אין פעלד,
און וועסט קומען קיין בָּבֶל;
דאָרטן וועסטו ניצול ווערן,
דאָרטן וועט דיך אויסלייזן גאָט
פון דער האַנט פון דיינע פיינט.

11 און אַצונד האָבן זיך אַיינגעזאַמלט אויף דיר פיל פעלקער,
וואָס זאָגן: זאָל זי פאַרשוועכט ווערן,
און זאָל אונדזער אויג זיך אָנקוקן אויף צִיוֹן.
12 אָבער זיי ווייסן ניט די טראַכטונגען פון גאָט,
און זיי פאַרשטייען ניט זיין באַראָט,
אַז ער האָט זיי אַיינגעזאַמלט ווי אַ גאַרב אין שייער.
13 שטיי אויף און דרעש, טאָכטער צִיוֹן,
וואָרום דיין האָרן וועל איך מאַכן אַייזן,
און דיינע קלויען וועל איך מאַכן קופּער,
און וועסט צעשטויסן פיל פעלקער,
און מאַכן חרם צו גאָט זייער רויב,
און זייער פאַרמעג צום האַר פון דער גאַנצער ערד.
14 אַצונד וועסטו זיך דעם לַייב שניידן, טאָכטער פון מחנות[א],
אַ באַלעגערונג האָט מען געמאַכט אויף אונדז;
מיט אַ רוט אויפן באַק
שלאָגט מען דעם ריכטער פון ישׂראל.

[א] וואָרטשפּיל: תִּתְגֹּדְדִי בַת־גְּדוּד.

ה [1]און דו, בֵּית־לֶחֶם אין אֶפְרָת,
וואָס קליין ביסטו צווישן די טויזנטן פון יהודה,
פון דיר וועט מיר אַרויסגיין
דער וואָס וועט זיין אַ געוועלטיקער איבער ישׂראל,
און זיין אָפּשטאַם איז פון פאַרצייטן, פון אַמאָליקע טעג.
[2]פאַרוואָר, ער וועט זיי איבערגעבן
ביז דער צייט ווען די געווינערן האָט געווונען;
אָבער דער איבערבלייב פון זיינע ברידער
וועט זיך אומקערן מיט די קינדער פון ישׂראל.
[3]און ער וועט אויפשטיין און פיטערן מיט מאַכט פון גאָט,
מיטן שטאָלצן נאָמען פון גאָט זיין האַר;
און זיי וועלן זיצן רואיק,
וואָרום ער וועט דענסמאָל זיין גרויס ביז די עקן פון דער ערד.
[4]און אַזאַ וועט זיין דער שלום:
אַז אַשור וועט קומען אין אונדזער לאַנד,
און אַז ער וועט טרעטן אין אונדזערע פּאַלאַצן,
וועלן מיר אויפשטעלן אויף אים זיבן פּאַסטוכער[א],
און אַכט פירשטלאַכע לייט.
[5]און זיי וועלן צעברעכן[א] דאָס לאַנד אַשור מיטן שווערד,
און לאַנד נִמרוֹד מיט אירע אייגענע קלינגען.
און מע וועט אונדז מציל זיין פון אַשור,
אַז ער וועט קומען אין אונדזער לאַנד,
און אַז ער וועט טרעטן אין אונדזער גבול.

[6]און דער איבערבלייב פון יעקב וועט זיין צווישן די פיל אומות,
ווי טוי פון גאָט, ווי שפּריירעגן אויף גראָז,
וואָס האָפט ניט אויף אַ מענטשן,
און וואַרט ניט אויף מענטשנקינדער.

[א] וואָרטשפּיל: רָעִים/רָעוּ.

7און דער איבערבלייב פון יעקב וועט זיין צווישן די פעלקער,
אין מיטן פון די פיל אומות,
ווי אַ לייב צווישן די חיות פון וואַלד,
ווי אַ יונגלייב צווישן סטאַדעס שאָף,
וואָס אַז ער גייט דורך צעטרעט ער און פאַרצוקט,
און ניטאָ ווער זאָל מציל זיין.
8דיין האַנט וועט זיין דערהויבן איבער דיינע דריקער,
און אַלע דיינע פיינט וועלן פאַרשניטן ווערן.

9און עס וועט זיין אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט,
וועל איך פאַרשניידן דיינע פערד פון צווישן דיר,
און איך וועל אונטערברענגען דיינע רייטוועגן.
10און איך וועל פאַרשניידן די שטעט פון דיין לאַנד,
און צעשטערן אַלע דיינע פעסטונגען.
11און איך וועל פאַרשניידן די כּישופֿן, פון דיין האַנט,
און בײַ דיר וועלן ניט זיין קיין וואָרזאָגערס.
12און איך וועל פאַרשניידן דיינע געשניצטע געצן
און דיינע זיילשטיינער פון צווישן דיר,
און וועסט זיך מער ניט בוקן
צום ווערק פון דיינע הענט.
13און איך וועל אויסרייסן דיינע געצנבוימער פון צווישן דיר;
און איך וועל פאַרטיליקן דיינע פיינט.
14און איך וועל נקמה נעמען מיט כּעס און מיט גרימצאָרן
פון די פעלקער וואָס האָבן ניט צוגעהערט.

ו 1הערט אַקאָרשט צו וואָס גאָט זאָגט:
שטיי אויף, טענה פאַר די בערג,
און זאָלן הערן די הייכן דיין קול.

2הערט צו, איר בערג, דעם קריג פון גאָט,
און איר מאַכטיקע, די גרונטפעסטן פון דער ערד;
וואָרום גאָט האָט אַ קריג מיט זיין פאָלק,
און מיט ישׂראל וועט ער אַ וויכּוח האָבן.
3מיין פאָלק, וואָס האָב איך דיר געטאָן?
און מיט וואָס האָב איך דיך מיד געמאַכט?
זאָג עדות אַקעגן מיר.
4וואָרום איך האָב דיך אויפגעבראַכט פון לאַנד מִצרַיִם,
און פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט דיך אויסגעלייזט,
און דיר פאַרויס געשיקט משהן, אַהרנען, און מרימען.
5מיין פאָלק, דערמאָן זיך אַקאָרשט
וואָס בָלָק דער מלך פון מוֹאָב האָט באַראָטן,
און וואָס אים האָט געענטפערט בִלעָם דער זון פון בְעוֹרן;
[וואָס איך האָב געטאָן] פון שִטים ביז גִלגָל,
כּדי מע זאָל וויסן די גערעכטיקייט פון גאָט.
6„מיט וואָס זאָל איך קומען פאַר יהוה,
זיך בייגן פאַר גאָט אין דער הייך?
זאָל איך קומען פאַר אים מיט בראַנדאָפּפער,
מיט קעלבער איינִיאָריקע?
7וועט יהוה באַוויליקן טויזנטן ווידערס,
צענטויזנטן טייכן מיט אייל?
זאָל איך געבן מיין בְכור פאַר מיין פאַרברעך,
די פרוכט פון מיין לייב פאַר דער זינד פון מיין זעל?"
8מע האָט דיר אָנגעזאָגט, מענטש, וואָס איז גוט,
און וואָס יהוה פאַרלאַנגט פון דיר:
נאָר בלויז טאָן גערעכטיקייט און ליב האָבן גענאָד,
און אומגיין שטיל פאַר דיין גאָט.

9האָרך! יהוה רופט צו דער שטאָט—
און דער קלוגער וועט אַכטן אויף דיין נאָמען—
הערט דעם שטעקן, און ווער דאָס האָט באַשערט.
10קען איך נאָכאַנאַנד פאַרגעסן דאָס הויז פון דעם אומגערעכטן,
די שאַצן פון אומרעכט און די קאַרגע מאָס די פאַרשאָלטענע?
11קען איך ריין מאַכן פאַר אומגערעכטע וואָגשאָלן,
און פאַר אַ בייטל מיט פאַלשע וואָגשטיינער?
12וואָרום אירע רייכע לייט זיינען פול מיט רויב,
און אירע באַוווינער רעדן פאַלש,
און זייער צונג איז באַטרוג אין זייער מויל.
13דרום האָב איך אויך דיך געשלאָגן ביז קראַנק,
דיך פאַרוויסט פאַר דיינע זינד.
14דו וועסט עסן און ניט זאַט ווערן,
און דיין הונגער וועט זיין אין דיינע אינגעווייד;
און וועסט טראָגעדיק ווערן, און ניט געווינען,
און וואָס דו וועסט געווינען וועל איך צום שווערד איבערגעבן.
15דו וועסט זייען, און ניט שניידן,
דו וועסט טרעטן איילבערטן, און זיך ניט זאַלבן מיט אייל,
און טרויבנזאַפט, און ניט טרינקען קיין וויין.
16ווייל אָפּגעהיט ווערן די מנהגים פון עָמרין,
און אַלדי טועניש פון אַחאָבס הויז,
און איר זייט געגאַנגען אין זייערע עצות;
דרום וועל איך דיך מאַכן פאַר אַ שרעק,
און אירע באַוווינער פאַר אַ שמוצערונג;
און די שאַנד פון מיין פאָלק וועט איר טראָגן.

ז 1ווי מיר, וואָס איך בין ווי ביים נאָכזאַמל פון זומער,
ווי ביים נאָכקלייב פון דער לעזן!

ניטאָ אַ הענגל צום עסן,
אַן ערשטפּרוכט וואָס מיין זעל געלוסט.
2 אונטערגעגאַנגען איז דער פרומער פון לאַנד,
און קיין רעכטפאַרטיקער צווישן מענטשן איז ניטאָ;
אַלע לויערן זיי אויף בלוט,
איינער דעם אַנדערן פאַנגען זיי אין נעץ.
3 אויף שלעכטס טאָן זיינען די הענט וואָס דאַרפן גוטס טאָן;
דער שׂרה פאַרלאַנגט, און דער ריכטער איז פאַר באַצאָלט,
און דער גרויסער מאַן, ער רעדט די גערירקייט פון זיין זעל;
אַזוי האָבן זיי עס פאַרדרייט.
4 דער בעסטער פון זיי איז ווי אַ דאָרן,
דער רעכטפאַרטיקער, ערגער פון אַ שטעכיקער צאַם.
דער טאָג פון דיינע זעער, דיין רעכנשאַפט, איז געקומען;
אַצונד וועט געשען זייער צעטומלעניש.
5 זאָלט איר ניט גלויבן אין אַ חבר,
זאָלט איר אייך ניט פאַרזיכערן אויף אַ גוטן פריינט;
פון דער וואָס ליגט אין דיין בוזעם,
היט די טירן פון דיין מויל.
6 וואָרום אַ זון באַנוולט אַ פאָטער,
אַ טאָכטער שטעלט זיך קעגן איר מוטער,
אַ שנור קעגן איר שוויגער,
די שׂונאים פון אַ מענטשן זיינען זיינע הויזלייט.
7 אָבער איך קוק אויס אויף יהוה,
איך האַר צום גאָט פון מיין הילף,
מיין גאָט וועט מיך צוהערן.
8 ניט פרייען זאָלסטו זיך אויף מיר, מיין שׂונאטע,
אַז איך בין געפאַלן, וועל איך אויפשטיין,
אַז איך זיץ אין פינצטערניש,

איז גאָט מיר אַ ליכט.
9 דעם צאָרן פֿון גאָט וועל איך טראָגן,
וואָרום איך האָב געזינדיקט צו אים;
ביז ער וועט קריגן מײַן קריג,
און וועט טאָן מײַן רעכט;
ער וועט מיך אַרויספֿירן אין ליכטיקייט,
איך וועל זען זײַן גערעכטיקייט.
10 און מײַן שׂונאטע וועט זען, און אַ בושה וועט זי באַדעקן,
די וואָס זאָגט צו מיר: ווו איז ער, יהוה דײַן גאָט?
מײַנע אויגן וועלן זיך אָנזען אויף איר;
אַצונד וועט זי צעטראָטן ווערן ווי קויט פֿון די גאַסן.

11 אַ טאָג וועט זײַן צו בויען דײַנע מויערן,
מעג יענער טאָג זײַן זייער ווײַט.
12 אַ טאָג וועט דאָס זײַן ווען מע וועט קומען צו דיר,
פֿון אַשור און די שטעט פֿון מִצרַיִם,
און פֿון מִצרַיִם און ביזן טײַך,
און פֿון ים ביז ים, און פֿון באַרג ביז באַרג.
13 און די ערד וועט זײַן וויסט פֿאַר אירע באַוווינער,
פֿון וועגן דעם פֿרוכט פֿון זייערע מעשׂים.

14 פּיטער דײַן פֿאָלק מיט דײַן רוט,
די שאָף פֿון דײַן אַרב,
וואָס וווינען באַזונדער
אַ וואַלד אין מיטן כַּרמֶל;
לאָזן זיי זיך פּיטערן אין בָּשָׁן און גִלעָד,
ווי אין די טעג פֿון אַמאָל.

15וווי אין די טעג פֿון דײַן אַרויסגײן פֿון לאַנד מִצרַיִם,
וועל איך אים ווונדער באַווײַזן.

16פֿעלקער וועלן זען און זיך שעמען מיט אַל זײער גבֿורה,
זײ וועלן אַרויפֿטאָן די האַנט אויפֿן מויל,
זײערע אויערן וועלן טויב ווערן.
17זײ וועלן לעקן דעם שטויב ווי אַ שלאַנג,
ווי די וואָס קריכן אויף דער ערד;
זײ וועלן ציטערן פֿון זײערע פֿעסטונגען,
צו יהוה אונדזער גאָט וועלן זײ אַנגסטן,
און זײ וועלן מורא האָבן פֿאַר דיר.

18ווער איז אַ גאָט ווי דו, וואָס פֿאַרגיט זינד,
און גײט פֿאַרבײ דעם פֿאַרברעך פֿון דעם איבערבלײַב פֿון
זײַן אַרבֿ?
ער האַלט ניט אויף אײביק זײַן צאָרן,
וואָרום ער האָט ליב גענאָד.
19ער וועט אונדז ווידער דערבאַרימען,
ער וועט פֿאַרדריקן אונדזערע זינד;
און וועסט אַרײַנוואַרפֿן אין די טיפֿענישן פֿון ים
אַלע זײערע חטאים.
20וועסט ווײַזן טרײַשאַפֿט צו יעקבֿן,
חסד צו אַברהמען,
ווי דו האָסט געשוואָרן אונדזערע עלטערן
פֿון די טעג פֿון פֿאַרצײַטן.

# נחום

א [1]די נבואה אויף נינוה; דאָס בוך פֿון דער זעאונג פֿון נחום
דעם אֶלקושי.
[2]אַ גאָט אַ צערענער און אַ ראַכעגעמער איז יהוה,
יהוה איז אַ ראַכעגעמער און פֿול מיט גרימצאָרן,
יהוה איז זיך נוקם אָן זיינע פֿיינט,
און ער האַלט דעם כּעס צו זיינע שׂונאים.
[3]יהוה איז אַיינגעהאַלטן אין צאָרן,
און גרויס אין מאַכט,
און שענקען שענקט ער ניט;
יהוה—מיט ווינט און מיט שטורעם איז זיין וועג,
און וואָלקן דער שטויב פֿון זיינע פֿיס.
[4]ער שרייט אָן אויפֿן ים, און טריקנט אים אויס,
און אַלע טייכן מאַכט ער טרוקן;
פֿאַרוועלקט ווערט דער בָּשָׁן און כַּרמֶל,
און די בליאונג פֿון לבָנוֹן ווערט פֿאַרוועלקט.
[5]די בערג ציטערן פֿאַר אים,
און די טאָלן טוען זיך וואַקלען,
און די ערד ווערט אויפֿגעטרייסלט פֿון זיין פּנים,
אי די וועלט אי אַלע וווינער אין איר.
[6]פֿאַר זיין כּעס ווער קען זיך שטעלן?
און ווער קען באַשטיין אין זיין גרימצאָרן?
זיין צאָרן גיסט זיך אויס ווי פֿייער,
און די פֿעלזן ווערן צעשטויסן פֿאַר אים.

7 גוט איז יהוה,
פאַר אַ פעסטונג אין טאָג פון נויט;
און ער ווייס די וואָס שיצן זיך אין אים.
8 אָבער מיט אַ שטראָמיקער פלייצונג
ווערט ער מאַכן אַ פאַרלענדונג פון איר אָרט,
און זיינע פיינט ווערט נאָכיאָגן פינצטערניש.
9 וואָס טראַכט איר אַקעגן גאָט?
אַ פאַרלענדונג ווערט ער מאַכן,
די צרה וועט ניט אויפשטיין אַ צווייט מאָל.
10 וואָרום בעת זיי זיינען ווי דערנער איינגעפלאָכטענע,
און ווי זיי שיכּורן פאַרשיכּורטע[א],
וועלן זיי אין גאַנצן פאַרצערט ווערן
ווי טרוקענע שטרוי.
11 פון דיר איז אַרויסגעקומען
דער וואָס טראַכט בייז אַקעגן גאָט,
וואָס באַראָט נידערטרעכטיקייט.
12 אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
ווי געזונט און אַזוי פיל ווי זיי זיינען,
אַזוי וועלן זיי פאַרשניטן ווערן און פאַרגיין;
הגם איך האָב דיך געפייניקט,
וועל איך מער דיך ניט פייניקן.
13 און אַצונד וועל איך צעברעכן זיין יאָכשטאַנג פון דיר,
און דיינע בינדשטריק וועל איך צערייסן.

14 און גאָט האָט באַפוילן וועגן דיר,
אַז פון דיין נאָמען זאָל מער קיין זאָמען ניט זיין;
פון הויז פון דיין גאָט וועל איך פאַרשניידן
געשניצטע און געגאָסענע געצן;

א וואָרטשפיל: סִירִים סְבֻכִים וּכְסָבְאָם סְבוּאִים.

איך וועל דיר אַ קבר מאַכן,
ווייל דו ביסט צו שאַנד געוואָרן.

ב [1]יזע אויף די בערג די פיס פון דעם אָנזאָגער
וואָס מאַכט הערן שלום!
פייער, יהודה, דיינע פייערטעג,
באַצאָל דיינע נדרים,
ווארום מער וועט ניט דורכגיין
אין דיר דער נידערטרעכטיקער,
ער איז אין גאַנצן פאַרשניטן.

[2]אַ צעבּרעכער גייט אַרויף אַקעגן דיר;
היט די פעסטונג[א].
קוק אויס אויפן וועג,
פעסטיק די לענדן,
שטאַרק זייער דיין כּוח.–
[3][ב]וואָרום גאָט קערט אום דעם שטאָלץ פון יעקב
ווי דעם שטאָלץ פון ישׂראל;
וואָרום אויסליידיקער האָבן זיי אויסגעליידיקט,
און זייערע צווייגן פאַרדאָרבן.–
[4]דער שילד פון זיינע גיבּורים איז גערויטיקט,
די קריגסלייט אין ווערמילפאַרב,
אין פייערדיקן שטאָל די רייטוועגן,
אין טאָג פון זייער צוגרייטונג;
און די ציפּרעסשפּיזן ווערן געפאָכט.
[5]דורך די גאַסן ווילדעווען די רייטוועגן,
זיי שטורעמען דורך די מערק,

[א] וואָרטשפּיל: נָצוֹר מְצוּרָה. [ב] פאַרבינדט זיך מיט פסוק 1.

זייער אָנבליק איז ווי פלאַמען,
ווי די בליצן לויפן זיי אום.

6ער טראַכט אָן זיינע מאַכטיקע,
אָבער זיי ווערן געשטרויכלט אין זייער גאַנג;
מע אײַלט צו דעם מויער,
און צוגעגרייט ווערט דער שירעמדאַך.
7די טויערן פון די טייכן זיינען געעפנט,
און דער פּאַלאַץ ווערט צערונען.
8און די מלכּה ווערט אָן אָפּגעדעקטע אַוועקגענומען,
און אירע דינסטן קלאָגן
אַזוי ווי דער קול פון טויבן,
זיך קלאַפּנדיק אויף די הערצער.
9און נינוה איז ווי אַ טייך וואַסער
פון זינט די טעג וואָס זי איז;
אָבער זיי אַנטלויפן;
„שטייט! שטייט!"
אָבער קיינער קערט זיך ניט אום.
10רויבט זילבער, רויבט גאָלד,
ניטאָ קיין שיעור צו דעם אויסשטאַט,
אַ רייכטום פון אַלע גלוסטיקע זאַכן.
11זי ווערט פּוסט און וויסט און פּאַרוויסט*,
און דאָס האַרץ ווערט צעגאַנגען,
און אַ וואַקלעניש פון קני,
און אַ ציטערניש אין אַלע לענדן;
און זייערע אַלעמענס פּנימער
נעמען אָן אַ פינצטערניש.

* ווערטשפּיל: בוּקה וּמבוּקה וּמבֻלָּקה.

12 ווו איז די וווינונג פון די לייבן,
וואָס איז געווען דער פּיטערפּלאַץ פאַר יונגלייבן,
וואָס דאָרטן איז אומגעגאַנגען דער לייב, די לייבנטע,
דאָס קליינע לייבל, און קיינער האָט ניט געשראָקן?
13 דער לייב פלעגט פאַרצוקן גענוג פאַר זיינע יונגע,
און ווערגן פאַר זיינע לייבנטעס,
און האָט אָנגעפילט מיט פאַרצוקונג זיינע לעכער,
און זיינע וווינונגען מיט פאַרצוקטע.
14 זע, איך וועל קומען אויף דיר, זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
און איך וועל פאַרברענען אויף רויך אירע רייטוועגן,
און דיינע יונגלייבן וועט פאַרצערן די שווערד;
און איך וועל פאַרשניידן פון דער ערד דיין רויב,
און מער וועט ניט געהערט ווערן דער קָול פון דיינע שלוחים.

ג 1 וויי די בלוטיקע שטאָט,
אין גאַנצן מיט פאַלשקייט, מיט רויב, אָנגעפילט!
עס טוט זיך ניט אָפּ די פאַרצוקונג.
2 אַ קנאַל פון בייטשן,
און אַ רַעַש־געפילדער פון רעדער,
און פערד יאָגן,
און רייטוועגן שפּרינגען;
3 רייטער שטורעמען אַרויף,
און פלאַם פון שווערד,
און בליץ פון שפּיז,
און אַ סך דערשלאָגענע,
און אַ הויפן פּגרים,
און אָן שיעור טויטע לייבער;
און זיי שטרויכלען אָן זייערע טויטע לייבער.

4פון וועגן די פיל זנותן
פון דער וויל־חֵנעוודיקער זונה,
דער מייַנסטערן פון כּישוף,
וואָס פאַרקויפט פעלקער מיט אירע זנותן,
און משפּחות מיט אירע כּישופן.
5זע, איך קום צו דיר, זאָגט גאָט פון צבָאות,
און איך וועל אויפדעקן דיינע ברעגן אויף דיין פּנים,
און וועל וויַזן די פעלקער דיין נאַקעטקייט,
און די קיניגרייכן דיין שאַנד.
6און איך וועל אַרויפוואַרפן אויף דיר אומוועדיקייטן,
און וועל דיך פאַרמיאוסן, און דיך מאַכן ווי מיסט*.
7און עס וועט זיין, אַלע וואָס זעען דיך*,
וועלן וייכן פון דיר,
און זאָגן: „פאַרוויסט געוואָרן איז נינוה;
ווער קען זי באַקלאָגן?
פון וואַנען זאָל איך זוכן טרייסטער פאַר דיר?"
8ביסטו דען בעסער פון נוֹא־אָמוֹן,
וואָס איז געזעסן צווישן טייכן, מיט וואַסער אַרום איר;
וואָס איר פעסטונג איז געווען דער ים,
פון ים איז געווען איר מויער?
9כּוּש איז געווען אַ שטאַרקייט, און מִצרַיִם אָן שיעור,
פּוּט און לוּבים זיינען געווען דיר צו הילף.
10אָבער אויך זי איז אין גָלות,
אין געפאַנגענשאַפט איז זי געגאַנגען;
אויך אירע קליינע קינדער זיינען צעהאַקט געוואָרן
אין אַלע עק גאַסן;
און אויף אירע נכבָדים
האָט מען גורל געוואָרפן,

* וואָרטשפּיל: כּראָי־דאָי.

אוּן אַלע אירע גרויסע לייט
זיינען אין קייטן געשמידט געוואָרן.
11 דוּ אויך וועסט שיכּור ווערן,
וועסט זיין אַ געהלשטע,
דוּ אויך וועסט זוכן
אַ באַשיצונג פוּן פיינט.

12 אַלע דיינע פעסטונגען וועלן זיין
ווי פייגנבוימער מיט ערשטפייגן:
וואָס אַז זיי ווערן געטרייסלט,
פאַלן זיי דעם עסער אין מויל.
13 זע, דיין פאָלק אין דיר זיינען ווייבער,
אָפן געעפנט געוואָרן פאַר דיינע פיינט
זיינען די טויערן פוּן דיין לאַנד,
פאַרצערט האָט אַ פייער דיינע ריגלען.
14 וואַסער פאַר באַלעגערוּנג שעפּ דיר אָן,
פאַרשטאַרק דיינע פעסטוּנגען,
גיי אין ליים אוּן טרעט וואַפּנע,
נעם אָן די ציגלפוֹרעם.
15 דענסמאָל וועט דיך אַ פייער פאַרצערן,
אַ שווערד וועט דיך פאַרשניידן;
זי וועט דיך אויפעסן ווי דער הײשעריק;
מעגסט זיך מערן ווי דער הײשעריק,
מעגסט זיך מערן ווי דער גריל.
16 האָסט געמערט דיינע האַנדלסלייט מֵיין פוּן די שטערן פוּן הימל—
האָט דער הײשעריק זיך אויסגעשפּרייט אוּן איז אַוועקגעפלויגן.
17 דיינע געקרוינטע זיינען ווי גרילן,

און דײַנע פירער װי אַ מחנה הײשעריקן,
װאָס לאַגערן אויף די פלויטן אין אַ קאַלטן טאָג;
גײט אויף די זון, אַזוי פליען זײ אַװעק,
און מע װײסט ניט זײער אָרט װו זײ זײַנען.
18 אײַנגעשלאָפן זײַנען דײַנע פּאַסטוכער, מלך פון אַשור,
עס רוען דײַנע מאַכטיקע,
צעשפּרײט אויף די בערג איז דײַן פֿאָלק,
און ניטאָ װער זאָל אײַנזאַמלען.
19 ניטאָ קײן לינדערונג פאַר דײַן בראָך,
שװער איז דײַן װוּנד;
אַלע װאָס הערן דײַן הערונג,
קלאַפּן מיט די הענט אויף דיר,
װאָרום אויף װעמען איז ניט אַריבער תּמיד דײַן בײז?

# חֲבַקוּק

א [1]די נבואה וואָס חֲבַקוּק דער נביא האָט געזען.
[2]ביז ווען, גאָט, וועל איך רופֿן,
און דו וועסט ניט הערן?
שרייען צו דיר געוואַלט,
און דו וועסט ניט העלפֿן?
[3]פֿאַרוואָס לאָזטו מיך זען אומרעכט,
און קוקסטצו אומגליק?
און רויב און גזלה זיינען פֿאַר מיר,
און עס איז קריג, און שטרייט הייבט זיך אויף.
[4]דרום איז אָפּגעשלאַפֿט די תּורה,
און קיינמאָל קומט ניט אַרויס אַ משפּט;
ווייל דער רשע רינגלט אַרום דעם צדיק,
דרום קומט אַרויס דער משפּט פֿאַרדרייט.

[5]זעט ביי די פֿעלקער און קוקט צו,
און וווּנדערן פֿאַרוווּנדערט אייך,
וואָרום אַ טואונג טוט מען אין אייערע טעג
איר וועט ניט גלויבן, אַז עס וועט דערציילט ווערן.
[6]וואָרום זעט, איך מאַך אויפֿשטיין די כַּשׂדים,
דאָס ביטערע און דאָס האַסטיקע[א] פֿאָלק,
וואָס גייט איבער דער ברייט פֿון דער ערד,
צו אַרבן וווינונגען ניט זיינע.
[7]פֿאָרכטיק און מוֹראדיק איז ער,

[א] וואָרטשפּיל: הַמַּר וְהַנִּמְהָר.

פון אים אַליין גייט אַרויס זיין רעכט און זיין מאַכט.
8און פלינקער פון לעמפּערטן זיינען זיינע פערד,
און שאַרפער פון אָוונטוועלף;
און זיינע רייטער פאַרשפּרייטן זיך,
יאָ, זיינע רייטער קומען פון דער ווייטן,
זיי פליען ווי אַן אָדלער וואָס איילט צו פאַרצערן.
9זיי אַלע קומען אויף רויב,
דאָס ציען פון זייערע פּנימער איז פאַרויס צו;
און ער זאַמלט ווי זאַמד געפאַנגענע.
10און ער שפּאָט פון מלכים,
און פירשטן זיינען אַ שפּילכל ביי אים;
ער לאַכט פון איטלאַכער פעסטונג,
וואָרום ער שיט אָן ערד, און באַצווינגט זי.
11דענסמאָל גייט אים אַריבער אַ גייסט,
און ער טרעט איבער און פאַרשולדיקט זיך;
זיין דאָזיקער כּוח ווערט ביי אים צום גאָט.

12פאַרוואָר, דו ביסט דאָך פון אייביק אָן,
גאָט מיין האַר, מיין הייליקער,
לאָמיר ניט אומקומען;
גאָט, דו האָסט אים פאַר אַ משפּט געמאַכט,
און דו, פעלז, האָסט אים צו שטראָפן געשטעלט.
13דיינע אויגן זיינען צו ריין צו זען שלעכטס,
און צוקוקן אומרעכט קענסטו ניט;
פאַרוואָס קוקסטו צו די וואָס פעלשן,
שווייגסט ווען דער רשע שלינגט איין
דעם וואָס איז גערעכטער פון אים?
14און האָסט געמאַכט מענטשן ווי די פישן פון ים,

ווי ווערעם אָן אַ געוועלטיקער איבער זיי;
15ער ציט זיי אַלע אַרויף מיט אַ ווענטקע,
ער שלעפּט זיי אַרויף אין דער נעץ,
און ער זאַמלט זיי אַיין אין זיין פֿאַנגנעץ;
דרום פֿרייט ער זיך און קוועלט.
16דרום שלאַכט ער צו זיין נעץ,
און רייכערט צו זיין פֿאַנגנעץ,
וואָרום דורך זיי איז פֿעט זיין חלק,
און זיין עסן איז זאַפֿטיק.
17זאָל ער דרום אויסליידיקן זיין נעץ,
און תּמיד הרגען פֿעלקער אָן דערבאַרימונג?

ב 1איך שטיי אויף מיין וואַך,
און איך שטעל זיך אויפֿן טורעם,
און קוק צו זען וואָס ער וועט מיט מיר רעדן,
און איך זאָל ענטפֿערן, אויף דער טענה צו מיר.
2האָט מיר גאָט געענטפֿערט און געזאָגט,
פֿאַרשרייב די זעאונג,
און פֿאַרצייכן קלאָר אויף טאָוולען,
כּדי מע זאָל עס געלויפֿיק לייענען.
3וואָרום די זעאונג איז נאָך אויף אַ צייט,
און זי רעדט פֿון דעם קֵץ[א], און זאָגט ניט קיין ליגן;
אויב ער וועט זיך זאַמען, טו האַרן אויף אים,
וואָרום קומען וועט ער קומען, ער וועט ניט פֿאַרשפּעטיקן.

4זע, האָפֿערדיק, ניט רעכטפֿאַרטיק, איז זיין זעל אין אים,
אָבער דער גערעכטער לעבט מיט זיין אמונה.
5און פֿאַרוואָר, ווי דער וויין טוט פֿעלשן,

[א] דער סוף, די גאולה.

אַזוי וועט דער שטאָלצער מענטש ניט אָנהאַלטן;
דער וואָס מאַכט ברייט ווי די אונטערערד זיין באַגער,
און ער ווערט ווי דער טויט ניט זאַט,
און זאַמלט צו זיך אַלע פעלקער,
און קלייבט צו זיך אַלע אומות.
6 פאַרוואָר, די אַלע וועלן אויפהייבן אַ משל אויף אים,
און אַ שפּאָטרעטעניש איבער אים,
און מע וועט זאָגן: וויי, דער וואָס מערט ניטזיינס—
ביז וואַנען?—און לאָדט אויף זיך חובות!
7 פאַרוואָר, פּלוצלינג וועלן אויפשטיין דיינע צינזמאָנער,
און דערוועקן וועלן זיך דיינע אויפטרייסלער,
און וועסט ווערן צו רויב פאַר זיי.
8 ווייל דו האָסט באַרויבט פיל פעלקער,
וועלן דיך באַרויבן אַלע איבעריקע אומות;
פון וועגן מענטשנס בלוט, און דעם אומרעכט צום לאַנד,
צו דער שטאָט און אַלע וווינער אין איר.

9 וויי, דער וואָס האָט נאָך בייזן געווין פאַר זיין הויז,
צו מאַכן אין דער הייך זיין נעסט,
ניצול צו ווערן פון דער האַנט פון בייז!
10 האָסט באַראָטן שאַנד פאַר דיין הויז;
פאַרשניטן פיל פעלקער,
און פאַרזינדיקט דיין זעל.
11 וואָרום אַ שטיין פון דער וואַנט וועט שרייען,
און אַ באַלקן פון דעם האָלץ וועט אים ענטפערן.
12 וויי, דער וואָס בויט אַ שטאָט מיט בלוט,
און שטעלט אויף אַ כרך אויף אומרעכט!
13 פאַרוואָר, זע, עס איז פון גאָט פון צבָאות,

אַז פֿעלקער זאָלן זיך מאַטערן פֿאַרן פֿײַער,
און אומות זאָלן זיך מיען אומנישט.
14װאָרום די ערד װעט פֿול װערן מיט דערקענונג פֿון גאָטס
פּראַכט,
אַזוי װי די װאַסערן באַדעקן דעם ים.

15װײ, דער װאָס טרינקט אָן זײַן חבר!
מישסטצו דײַן גיפֿט, און מאַכסט אויך שיכּור,
כּדי צו קוקן אויף זײער נאַקעטקײט!
16האָסט זיך געזעטיקט מיט שאַנד אָנשטאָט כּבֿוד—
טרינק דו אויך און װער אָפּגעדעקט.
אומדרײען װעט זיך צו דיר דער בעכער פֿון גאָטס רעכטער
האַנט,
און קויט װעט זײַן אויף דײַן כּבֿוד.
17װאָרום דאָס אומרעכט צום לבֿנון װעט דיך צודעקן,
און די פֿאַרװיסטונג פֿון די חיות װאָס האָט זײ צעבראָכן;
פֿון װעגן מענטשנס בלוט, און דעם אומרעכט צום לאַנד,
צו דער שטאָט און אַלע װױנער אין איר.

18װאָס נוצט דער געשניצטער געץ,
אַז זײַן פֿורעמער האָט אים אויסגעשניצט?
װאָס דער געגאָסענער געץ, און דער פֿאַלשער לערער,
אַז דער פֿורעמער פֿון זײַן פֿורעמונג האָט זיך פֿאַרזיכערט
דערויף,
צו מאַכן אָפּגעטער שטומע?
19װײ, דער װאָס זאָגט צו אַ האָלץ: כאַפּ זיך אויף!
דערװעק דיך! צו אַ שטײן אַ שטומען.
ער זאָל לערנען?

זע, ער איז אײַנגעפּאַסט אין גאָלד און זילבער,
און אַ שום אָטעם איז אין אים ניטאָ.
20אָבער יהוה איז אין זײַן הייליקן טעמפּל;
שטיל פֿאַר אים, די גאַנצע ערד!

ג 1אַ תּפֿילה פֿון חבֿקוק דעם נבֿיא אויף שגיונות.
2גאָט, איך האָב געהערט דײַן הערונג; איך שרעק מיך;
גאָט, לעב אויף דײַן װערק אין די נאָנטע יאָרן,
אין די נאָנטע יאָרן מאַך עס באַקאַנט;
אין צאָרן געדענק אָן דערבאַרימען.

3גאָט קומט פֿון תּימן,
און דער הייליקער פֿון באַרג פּאָרן. סֶלָה.
זײַן גלאַנץ באַדעקט די הימלען,
און מיט זײַן ליכטיקייט איז פֿול די ערד.
4און דער שימער איז װי זונליכט,
שטראַלן האָט ער פֿון זײַן זײַט;
און דאָרטן איז די באַהעלטעניש פֿון זײַן מאַכט.
5אים פֿאַרױס גייט די פּעסט,
און דער בליץ גייט אַרױס נאָך זײַנע פֿיס.
6ער שטייט אויף, און צעטרייסלט די ערד,
ער גיט אַ קוק, און מאַכט שפּרינגען די פֿעלקער,
און די אײביקע בערג װערן צעפּיצלט,
די אוראַלטע הייכן פֿאַלן אַנידער;
דאָס זײַנען זײַנע אײביקע װעגן.
7אונטער אומגליק זע איך די געצעלטן פֿון כּושן,
די פֿאָרהאַנגען פֿון מִדיָן־לאַנד ציטערן.
8האָט אויף די טײַכן, גאָט,

האָט אויף די טײַכן געגרימט דײַן צאָרן?
צי איז אויף דעם ים דײַן כּעס?
וואָס דו רײַטסט אויף דײַנע פֿערד,
אויף דײַנע רײַטוועגן פֿון זיג?
9 בלויז אַנטבלייזט איז דײַן בויגן,
באַשוואָרן די פֿײַלן פֿון דײַן וואָרט. סֶלָה.
אין טײַכן צעשפּאַלטסטו די ערד.
10 געזען דיך—ציטערן די בערג,
אַ פֿלייצונג וואַסער איז אַריבערגעגאַנגען,
דער תּהום האָט אַרויסגעלאָזט זײַן קָול,
ער האָט אויפֿגעהויבן אין דער הייך זײַנע הענט.
11 די זון, די לְבָנה, האָט זיך אָפּגעשטעלט אין איר וווינונג,
פֿאַר דעם שײַן פֿון דײַנע פֿײַלן וואָס לויפֿן,
פֿאַר דעם שימער פֿון דײַן בליציקן שפּיז.
12 מיט צאָרן שפּרייזטו איבער דער ערד,
מיט כּעס דרעשסטו די אומות.

13 ביסט אַרויס צו הילף דײַן פֿאָלק,
צו הילף דײַן געזאַלבטן;
האָסט צעהאַקט דעם קאָפּ, פֿון דעם רשעס הויז,
האָסט אויפֿגעדעקט דעם גרונט ביזן האַלדז. סֶלָה.
14 האָסט צעלעכערט מיט זײַנע פֿײַלן דעם קאָפּ פֿון זײַנע פֿירער,
וואָס שטורעמען מיך צו צעשפּרייטן;
וואָס זייער פֿרייד איז ווי אויפֿצועסן
דעם אָרעמאַן אין פֿאַרבאָרגעניש.
15 האָסט געטרעטן דעם ים מיט דײַנע פֿערד,
דעם שוים פֿון די גרויסע וואַסערן.

16איך האָב געהערט, און מײַן לײַב האָט געציטערט,
פֿון דעם קָול האָבן מײַנע ליפּן געקלאַפּט;
אַ פֿוילונג איז אַרײַן אין מײַנע בײנער,
און איך ציטער אויף מײַן אָרט:
אַז איך זאָל זײַן בארוט אין טאָג פֿון נויט,
ווען מע קומט אויפֿן פֿאָלק אים צו באַפֿאַלן.

17פֿאַרוואָר, דער פֿײַגנבוים בליט ניט,
און ניטאָ קײן פֿרוכט אויף די װײַנשטאָקן,
געפֿעלשט האָט דער אײַנקום פֿון אײלבערטבוים,
און די פֿעלדער גיבן ניט קײן שפּײַז,
פֿאַרשניטן פֿון געהעפֿט איז די שאָף,
און ניטאָ קײן רינדער אין די שטאַלן.
18אָבער איך װעל מיך פֿרײען מיט יהוה,
און לוסטיק זײַן מיט דעם גאָט פֿון מײַן הילף.
19יהוה מײַן גאָט איז מײַן שטאַרקײט,
און ער מאַכט מײַנע פֿיס װי די הינדן,
און אויף מײַנע הײכן מאַכט ער מיך טרעטן.

פֿאַר דעם געזאַנגמײַסטער. מיט מײַן סטרונעשפּיל.

# צְפַנְיָה

א [1]דאָס וואָרט פון גאָט וואָס איז געווען צו צְפַנְיָה דעם זון
פון כּושי, דעם זון פון גְדַליָה, דעם זון פון אֲמַריָה, דעם זון
פון חִזקִיָהן, אין די טעג פון יאשִיָהו דעם זון פון אָמוֹנען, דעם
מלך פון יהודה.

[2]פֿאַרלענדן וועל איך פֿאַרלענדן אַלצדינג
פון דעם געזיכט פון דער ערד,
זאָגט גאָט.
[3]איך וועל פֿאַרלענדן מענטשן און בהמות,
איך וועל פֿאַרלענדן די פֿויגלען פון הימל, און די פֿישן פון ים,
און די שטרויכלונגען אין איינעם מיט די רשעים;
און איך וועל פֿאַרשניידן דעם מענטשן פון געזיכט פון דער
ערד,
זאָגט גאָט.
[4]און איך וועל אויסשטרעקן מיין האַנט אויף יהודה,
און אויף אַלע באַוווינער פון ירושָלַיִם,
און איך וועל פֿאַרשניידן פון דעמדאָזיקן אָרט
דעם איבערבלייב פון בַעַל,
דעם נאָמען פון די פּריסטער מיט די כֹּהנים;
[5]און די וואָס בוקן זיך אויף די דעכער
צו דעם חיל פון הימל,
און די וואָס אי זיי בוקן זיך און שווערן צו יהוה,
אי זיי שווערן ביי מַלכָּם;

6און די וואָס טרעטן אָפּ פון הינטער יהוה,
און וואָס זוכן ניט יהוה, און פרעגן זיך ניט אויף אים.

7שטיל פאַר גאָט דעם האַר!
וואָרום נאָנט איז דער טאָג פון גאָט,
וואָרום גאָט האָט אָנגעברייט אַ שלאַכטונג,
פאַרבעטן זײַנע גערופענע.
8און עס וועט זײַן אין דעם טאָג פון גאָטס שלאַכטונג,
וועל איך זיך רעכענען מיט די האַרן,
און מיט דעם מלכס זין,
און מיט אַלע וואָס קליידן זיך אין פרעמדלענדישע קליידער.
9און איך וועל זיך רעכענען אין יענעם טאָג
מיט אַלע וואָס שפּרינגען איבערן שוועל,
וואָס פילן אָן דאָס הויז פון זייער האַר
מיט אומרעכט און באַטרוג.

10און אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט,
וועט זײַן אַ קָול פון געשריי פון דעם פישטויער,
און אַ יללה פון צווייטן שטאָטפערטל,
און אַ גרויסער בראָך פון די בערג.
11יאָמערט, איר באַוווינער פון מַכתֵּש,
וואָרום אומגעקומען איז דאָס גאַנצע האַנדלפאָלק,
פאַרשניטן געוואָרן אַלע אָנגעלאָדענע מיט זילבער.
12און עס וועט זײַן אין יענער צײַט,
וועל איך דורכזוכן ירושָלַיִם מיט ליכט,
און איך וועל זיך רעכענען מיט די לייט
וואָס גליווערן אויף זייערע הייוון,
וואָס זאָגן אין זייער האַרצן:

ניט גוטס טאָן קען גאָט און ניט שלעכטס טאָן.
13און זייער פאַרמעג וועט זיין צו רויב,
און זייערע הייזער צו וויסט;
און זיי וועלן בויען הייזער, און ניט באַוווינען,
און פלאַנצן וויינגערטנער, און ניט טרינקען זייער וויין.
14נאָנט איז דער גרויסער טאָג פון גאָט,
נאָנט און געשווינט זייער;
האָרך! דער טאָג פון גאָט!
ביטער שרייט דענסמאָל דער גיבור.
15אַ טאָג פון צאָרן איז יענער טאָג,
אַ טאָג פון נויט און קלעם,
אַ טאָג פון וויסטקייט און פאַרוויסטונג,
אַ טאָג פון חושך און פינצטערניש,
אַ טאָג פון וואָלקן און נעבל,
16אַ טאָג פון שופר און שאַלונג
אַקעגן די באַפעסטיקטע שטעט,
און אַקעגן די הויכע טורעמס.
17און איך וועל ענג מאַכן די מענטשן,
און זיי וועלן אומגיין ווי בלינדע,
ווייל זיי האָבן צו גאָט געזינדיקט;
און זייער בלוט וועט פאַרגאָסן ווערן ווי שטויב,
און זייער פלייש ווי מיסט.
18אַפילו זייער זילבער, אַפילו זייער גאָלד,
וועט זיי ניט קענען מציל זיין אין טאָג פון גאָטס צאָרן;
און אין דעם פייער פון זיין כעס
וועט פאַרצערט ווערן די גאַנצע ערד,
וואָרום אַ פאַרלענדונג אַזש אַ שרעקלאַכע,
וועט ער מאַכן פון אַלע באַוווינער פון דער ערד.

ב 1זאַמלט אײַך אײַן און פֿאַרזאַמלט אײַך,
איר אומפֿאַרשעמט פֿאָלק,
2אײדער דער גזר װערט געבאָרן
װי שפּרײַ פֿאַרגײט דער טאָג
אײדער עס קומט אויף אײַך דער גרימצאָרן פֿון גאָט,
אײדער עס קומט אויף אײַך דער טאָג פֿון גאָטס כּעס.
3זוכט גאָט, איר אַלע פֿאַרליטענע פֿון לאַנד,
װאָס האָט געטאָן זײַן געזעץ;
זוכט גערעכטיקײט, זוכט עניוות,
אפֿשר װעט איר פֿאַרבאָרגן װערן אין טאָג פֿון גאָטס כּעס.
4װאָרום עזה װעט אַ פֿאַרלאָזענע[א] זײַן,
און אַשקלון אַ װיסטעניש;
אַשדוד, זי װעט מען אין מיטן טאָג אַרויסטרײַבן,
און עקרון װעט אויסגעריסן װערן[ב].
5װײ, איר באַװוינער פֿון דעם ים־געגנט,
איר פֿאָלק פֿון כּרתים!
דאָס װאָרט פֿון גאָט איז אויף אײַך,
כּנען, דו לאַנד פֿון די פּלשתּים;
און איך װעל דיך אונטערברענגען
אַז קײן באַװוינער זאָל ניט זײַן.
6און די געגנט פֿון ים װעט זײַן פּיטערפּלעצער,
לאָנקעס פֿאַר פּאַסטוכער, און געהעפֿטן פֿאַר שאָף,
7און עס װעט זײַן אַ חלק
פֿאַר דעם איבערבלײַב פֿון דעם הויז פֿון יהודה;
זײ װעלן זיך דערויף פּיטערן;
אין די הײַזער פֿון אַשקלון װעלן זײ הויערן אין אָװנט;
װאָרום יהוה זײער גאָט װעט זיך דערמאָנען אָן זײ,
און װעט אומקערן זײער געפֿאַנגענשאַפֿט.

[א] װאָרטשפּיל: עזה–עזובה. [ב] װאָרטשפּיל: עקרון–תּעקר.

8איך האָב געהערט די לעסטערונג פון מואָב,
און די זידלערייען פון די קינדער פון עַמון,
וואָס זיי האָבן געלעסטערט מיין פאָלק,
און זיך געגרייסט אַקעגן זייער געמאַרק.
9דרום אַזוי ווי איך לעב,
זאָגט יהוה, דער גאָט פון צבָאות, דער גאָט פון ישׂראל,
אַז מואָב וועט ווי סדום ווערן,
און די קינדער פון עַמון ווי עֲמוֹרָה,
אַ ווירטשאַפט פון דערנער, און אַן אויסגראָבונג פון זאַלץ,
און אַ וויסטעניש אויף אייביק;
דער איבערבלייב פון מיין אומה וועט זיי צערויבן,
און דער רעשט פון מיין פאָלק וועט זיי אַרבן.
10דאָס וועט זיי זיין פאַר זייער שטאָלץ,
וואָס זיי האָבן געלעסטערט, און זיך געגרייסט
קעגן דער אומה פון גאָט פון צבָאות.
11מוראדיק איז גאָט אַקעגן זיי,
וואָרום ער מאַכט איינגיין אַלע אָפּגעטער פון דער ערד,
און בוקן וועלן זיך צו אים, איטלאַכער פון זיין אָרט,
אַלע אינזלען פון די פעלקער.
12אויך איר כּושים,
וועט זיין דערשלאָגענע פון מיין שווערד.

13און ער וועט אויסשטרעקן זיין האַנט אַקעגן צפון,
און וועט אונטערברענגען אַשור,
און מאַכן נינוה פאַר אַ וויסטעניש,
אַ טריקעניש אַזוי ווי אַ מדבר.
14און הויערן אין איר וועלן סטאַדעס,
חיות פון יעטוועדער מין;

אי דער פּעליקאַן אי דער זומפּבוּשל
וועלן נעכטיקן אויף אירע זײַלנקעפּ;
קולות וועלן זינגען אין פענצטער,
אַ חורבן וועט זײַן אויף דער שוועל,
וואָרום איר צעדערווערק דעקט מען אָפּ.
15 דאָס איז די לוסטיקע שטאָט
וואָס איז געזעסן אין זיכערקייט,
וואָס האָט געזאָגט אין איר האַרצן:
איך, און אַחוץ מיר איז מער ניטאָ.
ווי איז זי געוואָרן צו וויסט,
אַ הויעראָרט פאַר חיות!
איטלאַכער וואָס גייט איר פאַרבײַ,
וועט שמוצערן, וועט וויגן זײַן האַנט.

ג 1 ווי, די קויטיקע און אומווערדיקע,
די דריקערישע שטאָט!
2 זי האָט ניט צוגעהערט דעם קול,
זי האָט ניט גענומען קיין מוסר,
זי האָט זיך ניט פאַרזיכערט אויף יהוה,
זי האָט זיך ניט דערנעענטערט צו איר גאָט.
3 אירע האַרן אין איר זײַנען לײבן ברומיקע,
אירע ריכטער זײַנען אָוונטוועלף,
זײ לאָזן ניט אַ ביין ביז פרימאָרגן.
4 אירע נביאים זײַנען לויזגעלאָזט,
מענטשן אומגעטרײַע;
אירע כּהנים פאַרשוועכן די הייליקייט,
פאַרברעכן אַקעגן דער תּורה.
5 גאָט דער גערעכטער איז אין איר מיט,

ער טוט ניט קיין אומרעכט;
פרימאָרגן אין פרימאָרגן לאָזט ער אַרויס
זיין גערעכטיקייט אין ליכט, ניט פאַרפעלט;
אָבער דער פאַרברעכער ווייס ניט פון קיין בושה.
6 איך האָב פאַרשניטן פעלקער,
פאַרוויסט געוואָרן זיינען זייערע ווינקלען;
איך האָב חָרֵב געמאַכט זייערע גאַסן,
אַז קיינער גייט ניט דורך;
צעשטערט זיינען זייערע שטעט,
אָן אַ מענטשן, אָן אַ באַוווינער.
7 האָב איך געטראַכט: ווּעסט געוויס מורא האָבן פאַר מיר,
וועסט אַ מוסר נעמען;
כּדי איר וווינונג זאָל ניט פאַרשניטן ווערן,
לויט אַלץ וואָס איך האָב באַפוילן וועגן איר;
אָבער זיי האָבן זיך געפעדערט
פאַרדאָרבן צו זיין אין אַלע זייערע מעשׂים.

8 דרום ריכט זיך אויף מיר, זאָגט גאָט,
אויף דעם טאָג וואָס איך שטיי אויף צום רויב,
וואָרום מיין משפט איז אײַנצוזאַמלען די פעלקער,
איך זאָל אויפקלייבן די קיניגרייכן,
אויסצוגיסן אויף זיי מיין כּעס,
מיין גאַנצן גרימצאָרן;
וואָרום אין דעם פייער פון מיין פאַרדראָס
וועט פאַרצערט ווערן די גאַנצע ערד.
9 וואָרום דענסמאָל וועל איך איבערמאַכן די פעלקער
אַ ליפּ אַ ריינע,
אַז זיי זאָלן אַלע רופן צום נאָמען יהוה,

אים צו דינען אַזוי ווי איין מאַן.
[10]פון יענער זייט טײַכן פון כוש
וועלן זיי ברענגען מײַנע בעטער,
די טאָכטער פוצי[א],
אַ מתנה צו מיר.
[11]אין יענעם טאָג וועסטו זיך מער ניט שעמען
וועגן אַלע דײַנע מעשׂים,
וואָס דו האָסט פאַרבראָכן קעגן מיר,
וואָרום דענסמאָל וועל איך אָפּטאָן פון צווישן דיר
דײַנע שטאָלצלוסטיקע,
און וועסט זיך מער ווידער ניט גרײַסן,
אויף מײַן הייליקן באַרג.
[12]און איך וועל איבערלאָזן אין דיר
דאָס געדריקטע און אָרעמע פאָלק,
און זיי וועלן זיך באַשיצן
אין דעם נאָמען יהוה.
[13]דער איבערבלײַב פון ישׂראל וועט ניט טאָן קיין אומרעכט,
און ניט רעדן קיין ליגן,
און אין זייער מויל וועט זיך ניט געפינען
אַ צונג פון באַטרוג;
יאָ, זיי וועלן זיך פיטערן און הויערן,
און קיינער וועט ניט שרעקן.

[14]זינג, טאָכטער ציון,
טוט שאַלן, ישׂראל;
פריי זיך און זיי לוסטיק פון גאַנצן האַרצן,
טאָכטער ירושלים.
[15]גאָט טוט אָפּ דײַנע משפטים,

[א] ד.ה. מײַנע פאַרשפּרייטע, ישׂראל.

ער ראַמט אָפּ דײַנע פײַנט;
דער קיניג פֿון ישׂראל, גאָט, איז צווישן דיר,
זאָלסט מער ניט מורא האָבן פֿאַר בײז.
16 אין יענעם טאָג װעט געזאָגט װערן צו ירושלים:
זאָלסט ניט מורא האָבן;
ציון, ניט שלאַף װערן זאָלן דײַנע הענט.
17 גאָט דײַן האַר איז צווישן דיר,
אַ גיבור װאָס העלפֿט;
ער װעט זיך פֿרײען מיט שׂמחה אויף דיר,
ער װעט פֿאַרשװײַגן אין זײַן ליבשאַפֿט,
ער װעט זיך פֿרײען אויף דיר מיט געזאַנג.
18 איך זאַמל אײַן די דערװײטערטע פֿון אַ יום־טובֿ—
די װאָס זײַנען אַװעק פֿון דיר,
װאָס דו האָסט געטראָגן װעגן דעם שאַנד.
19 זע, איך רעכן זיך מיט אַלע דײַנע פּײַניקער,
אין יענער צײַט,
און איך װעל העלפֿן די װאָס איז הינקעדיק,
און די פֿאַרשטויסענע װעל איך אײַנזאַמלען;
און איך װעל זײ מאַכן פֿאַר אַ לויב און פֿאַר אַ שם,
די װאָס איבער דער גאַנצער ערד איז געװען זײער שאַנד.
20 אין יענער צײַט װעל איך אײַך ברענגען,
און אין יענער צײַט טו איך אײַך אײַנזאַמלען;
װאָרום איך װעל אײַך מאַכן פֿאַר אַ שם און פֿאַר אַ לויב
צווישן אַלע פֿעלקער פֿון דער ערד,
װען איך קער אום אײַער געפֿאַנגענשאַפֿט
פֿאַר אײַערע אויגן, זאָגט גאָט.

# חַגַי

א ¹אין צווייטן יאָר פון מלך דָריָוֶש, אין זעקסטן חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש, איז געווען דאָס וואָרט פון גאָט דורך חַגַי דעם נביא צו זרוּבָבל דעם זון פון שְׁאַלתִּיאֵלן, דעם פירשט פון יהודה, און צו יהוֹשוּעַ דעם זון פון יהוֹצָדָקן, דעם כֹּהן־גָדול, אַזוי צו זאָגן:
²אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת, אַזוי צו זאָגן: דאָס־דאָזיקע פאָלק זאָגט: די צייט איז נאָך ניט געקומען, די צייט אַז דאָס הויז פון גאָט זאָל געבויט ווערן—³איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען דורך חַגַי דעם נביא, אַזוי צו זאָגן: ⁴איז דאָס אַייך אַ צייט, איר זאָלט זיצן אין אַייערע צוגעדעקטע הייזער, בעת דאָס־דאָזיקע הויז איז חָרֵב? ⁵און אַצונד האָט גאָט פון צבָאוֹת אַזוי געזאָגט:

נעמט אַייך צום האַרצן אַייערע וועגן:
⁶איר זייט פיל, און ברענגט אַריין ווינציק,
איר עסט, אָבער ניט צו זאַט,
איר טרינקט, אָבער ניט גענוג זיך אָנצוטרינקען,
איר קליידט זיך, און קיינעם איז ניט וואַרעם,
און דער וואָס פאַרדינט,
פאַרדינט אין אַ לעכערדיקן בייטל.

⁷אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
נעמט אַייך צום האַרצן אַייערע וועגן.
⁸גייט אַרויף אין דעם געבערג, און איר זאָלט ברענגען האָלץ,

אוּן בּויט דאָס הויז, און איך וועל עס באַווילִיקן,
און איך וועל געערלאַכט ווערן, זאָגט גאָט.
9איר ריכט זיך אויף פיל, ערשט עס ווערט ווינציק,
און אַז איר ברענגט עס אַהיים, בלאָז איך עס אַוועק.
איבּער וואָס? זאָגט גאָט פון צבָאות;
איבער מיין הויז וואָס איז חָרֵב,
בעת איר לויפט איטלאַכער אין זיין הויז.
10דרום האָבן די הימלען איבער אײַך פאַרמיטן דעם טוי,
און די ערד האָט פאַרמיטן איר געוועקס.
11און איך האָב אויסגערופן אַ טריקעניש
אויפן לאַנד, און אויף די בערג,
און אויף דער תּבואה, און אויפן וויין, און אויפן אייל,
און אויף וואָס נאָר די ערד ברענגט אַרויס,
און אויפן מענטשן, און אויף דער בהמה,
און אויף יעטוועדער מי פון די הענט.

12האָט זרובָבל דער זון פון שְאַלתּיאֵלן, און יהושוּעַ דער זון
פון יהוֹצָדָקן, דער כּהןגָדול, און דער גאַנצער איבערבלייב
פון דעם פאָלק, צוגעהערט צו דעם קָול פון יהוה זייער גאָט,
און צו די ווערטער פון חַגַי דעם נביא, אַזוי ווי גאָט זייער האַר
האָט אים געשיקט; און דאָס פאָלק האָט מוֹרא געהאַט פאַר יהוה.
13און חַגַי דער שליח פון גאָט האָט געזאָגט אין דער שליחות פון
גאָט צום פאָלק, אַזוי צו זאָגן: איך בין מיט אײַך, זאָגט גאָט.
14און גאָט האָט דערוועקט דעם גייסט פון זרובָבל דעם זון
פון שְאַלתּיאֵלן, דעם פירשט פון יהודה, און דעם גייסט פון
יהושוּעַ דעם זון פון יהוֹצָדָקן, דעם כּהןגָדול, און דעם גייסט
פון גאַנצן איבערבלייב פון דעם פאָלק, און זיי זיינען געקומען,
און האָבן געטאָן אַרבעט אויף דעם הויז פון יהוה פון צבָאוֹת

זייער גאָט, [15]אין פיר און צוואַנציקסטן טאָג פון חודש, אין
זעקסטן חודש, אין צווייטן יאָר פון מלך דָריָוֶש.

ב [1]אין זיבעטן חודש, אין איין און צוואַנציקסטן טאָג פון חודש,
איז דאָס וואָרט פון גאָט געווען דורך חַגַי דעם נביא, אַזוי
צו זאָגן: [2]זאָג נאָר צו זרובָבל דעם זון פון שְאַלתִיאֵלן, דעם
פירשט פון יהודה, און צו יהושוּעַ דעם זון פון יהוֹצָדָקן, דעם
כֹּהן־גָדול, און צום איבערבלייב פון פאָלק, אַזוי צו זאָגן:
[3]ווער צווישן אַייך איז געבליבן,
וואָס האָט געזען דאָסדאָזיקע הויז אין זיין ערשטן פּראַכט?
און ווי קוקט איר עס אָן אַצונד?
איז עס ניט ווי גאָרנישט אין אַייערע אויגן?
[4]אָבער זיי שטאַרק אַצונד, זרובָבל, זאָגט גאָט,
און זיי שטאַרק, יהושוּעַ זון פון יהוֹצָדָקן, דו כֹּהן־גָדול,
און זייט שטאַרק, דאָס גאַנצע פאָלק פון לאַנד, זאָגט גאָט,
און טוט, וואָרום איך בין מיט אַייך, זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
[5]לויט דעם וואָרט וואָס איך האָב געשלאָסן מיט אַייך
ביי אַייער אַרויסגיין פון מִצרַיִם;
און מיין גייסט, שטייט צווישן אַייך;
איר זאָלט ניט מוֹרא האָבן.
[6]וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
נאָך איין קליין ווײַלע,
און איך שטורעמאויף די הימלען און די ערד,
און דעם ים און די יבשה.
[7]און איך וועל אויפשטורעמען אַלע פעלקער,
און אָנקומען אַהער וועלן די גלוסטיקסטע זאַכן פון אַלע
פעלקער,
און איך וועל אָנפילן דאָסדאָזיקע הויז מיט פּראַכט,

זאָגט גאָט פֿון צבֿאָות.

8מײַן איז דאָס זילבער, און מײַן איז דאָס גאָלד,

זאָגט גאָט פֿון צבֿאָות.

9גרעסער װעט זײַן די פּראַכט פֿון דעמדאָזיקן לעצטן הױז

װי פֿון דעם ערשטן, זאָגט גאָט פֿון צבֿאָות;

און אין דעמדאָזיקן אָרט װעל איך געבן שלום,

זאָגט גאָט פֿון צבֿאָות.

10אין פֿיר און צװאַנציקסטן טאָג אין נײַנטן חודש, אין צװײטן
יאָר פֿון דָרְיָוֶשן, איז דאָס װאָרט פֿון גאָט געװען דורך חַגַי דעם
נביא, אַזױ צו זאָגן: 11אַזױ האָט געזאָגט גאָט פֿון צבֿאָות: פֿרעג
אַקאָרשט די כֹּהנים אַ דין, אַזױ צו זאָגן: 12אַז אַ מאַן װעט טראָגן
הײליק פֿלײש אין ברעג פֿון זײַן קלײד, און װעט זיך אָנרירן
מיט זײַן ברעג אָן ברױט, אָדער אָן געקעכץ, אָדער אָן װײַן,
אָדער אָן אײל, אָדער אָן װאָסער עס איז עסנװאַרג, װעט עס
הײליק װערן? האָבן געענטפֿערט די כֹּהנים און האָבן געזאָגט:
נײן! 13האָט חַגַי געזאָגט: אױב אײנער װאָס איז אומרײַן פֿון אַ
טױטן, װעט זיך אָנרירן אָן אַלדעמדאָזיקן, װעט עס װערן אומ־
רײַן? האָבן געענטפֿערט די כֹּהנים און האָבן געזאָגט: עס װעט
װערן אומרײַן. 14האָט חַגַי זיך אָפּגערופֿן און האָט געזאָגט:

אַזױ איז דערדאָזיקער עולם,

און אַזױ איז דאָסדאָזיקע פֿאָלק פֿאַר מיר,

זאָגט גאָט,

און אַזױ איז יעטװעדער טואונג פֿון זײערע הענט;

און װאָס זײ זײַנען דאָרטן מקריב, איז אומרײַן.

15און אַצונד לײגט צו, איך בעט אײַך,

אײַער האַרץ פֿון הײַנטיקן טאָג אָן און װײַטער.

אײדער מע האָט געלײגט אַ שטײן אױף אַ שטײן

אין דעם טעמפּל פון גאָט,
[16]אַז מע פלעגט קומען צו אַ הויפן פון צוואַנציק מאָס,
פלעגט זיין צען;
מע איז געקומען צום קעלטער אָנשעפּן פופציק פּורָה,
און עס פלעגט זיין צוואַנציק.
[17]איך האָב אַייך געשלאָגן מיט קאָרנבראַנד
און מיט ווערקעניש און מיט האָגל
אין אַלדער אַרבעט פון אַייערע הענט,
אָבער איר האָט זיך ניט געקערט צו מיר, זאָגט גאָט.
[18]לייגט צו, איך בעט אַייך, אַייער האַרץ
פון היינטיקן טאָג אָן און ווייטער;
פון פיר און צוואַנציקסטן טאָג אין ניינטן חודש,
פון דעם טאָג אָן וואָס דער טעמפּל פון גאָט איז געגרונטפעסט
געוואָרן,
לייגט צו אַייער האַרץ.
[19]איז דען נאָך דאָ זאָמען אין שפּייכלער?
און צומאָל דער ווינשטאָק, און דער פייגנבוים,
און דער מילגרוימבוים, און דער אײלבערטבוים, האָט ניט
געטראָגן;
פון היינטיקן טאָג אָן וועל איך בענטשן.

[20]און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען אַ צווייט מאָל צו חַגַין,
אין פיר און צוואַנציקסטן טאָג פון חודש, אַזוי צו זאָגן: [21]זאָג צו
זרובָבל דעם פירשט פון יהודה, אַזוי צו זאָגן:
איך שטורעמאויף די הימלען און די ערד.
[22]און איך וועל איבערקערן דעם טראָן פון מלוכות,
און וועל פאַרטיליקן די שטאַרקייט פון די מלוכות פון די
פעלקער,

און וועל איבערקערן דעם רייטוואָגן מיט זיינע רייטער,
און נידערן וועלן פערד מיט זייערע רייטער,
איינער דורכן אַנדערנס שווערד.
23אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט פון צבָאות,
וועל איך דיך נעמען,
זרובָבל זון פון שְאַלתִיאֵלן, מיין קנעכט, זאָגט גאָט,
און איך וועל דיך מאַכן ווי אַ זיגלרינג,
וואָרום דיך האָב איך אויסדערוויילט, זאָגט גאָט פון צבָאות.

# זְכַריָה

א 1 אין אַכטן חודש, אין צווייטן יאָר פון דָריָוֶשן, איז דאָס
וואָרט פון גאָט געווען צו זְכַריָה, דעם זון פון בֶּרֶכיָה, דעם
זון פון עִדוֹן, דעם נביא, אַזוי צו זאָגן: 2 גאָט האָט געצערנט אויף
אײַערע עלטערן אַ צערענונג.

3 דרום זאָלסטו זאָגן צו זיי:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
קערט אײַך אום צו מיר, זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
און איך וועל זיך אומקערן צו אײַך,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת.
4 איר זאָלט ניט זײַן אַזוי ווי אײַערע עלטערן,
וואָס די פריערדיקע נביאים האָבן צו זיי גערופן,
אַזוי צו זאָגן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
קערט אײַך אום פון אײַערע שלעכטע וועגן
און אײַערע שלעכטע מעשׂים.
און זיי האָבן ניט געהערט
און ניט צוגעהאָרכט צו מיר, זאָגט גאָט.
5 אײַערע עלטערן, ווו זײַנען זיי?
און די נביאים, לעבן זיי דען אײביק?
6 אָבער מײַנע ווערטער און מײַנע משפּטים
וואָס איך האָב אָנגעזאָגט מײַנע קנעכט די נביאים,
פאַרוואָר, זיי זײַנען אָנגעקומען אײַערע עלטערן,
און זיי האָבן תּשובה געטאָן, און האָבן געזאָגט:
אַזוי ווי גאָט פון צבָאוֹת האָט געטראַכט צו טאָן צו אונדז,

לויט אונדזערע וועגן און לויט אונדזערע מעשׂים,
אַזוי האָט ער מיט אונדז געטאָן.

[7]אין פיר און צוואַנציקסטן טאָג פון עלפטן חודש, דאָס איז
חודש שבֿט, אין צווייטן יאָר פון דָריָוֶשן, איז דאָס וואָרט פון
גאָט געווען צו זכַריָה, דעם זון פון בֶּרֶכיָהו, דעם זון פון עִדוֹן,
דעם נבֿיא, אַזוי צו זאָגן:
[8]איך האָב געזען די נאַכט, ערשט אַ מאַן רייט אויף אַ רויטן
פערד, און ער שטייט צווישן די מירטן וואָס אין דער טיפעניש,
און הינטער אים זיינען געווען רויטע, געלרויטע, און ווייסע
פערד. [9]האָב איך געזאָגט: וואָס זיינען דידאָזיקע, מיין האַר?
האָט צו מיר געזאָגט דער מלאַך וואָס האָט מיט מיר גערעדט:
איך וועל דיר ווייזן וואָס דידאָזיקע זיינען. [10]און דער מאַן
וואָס איז געשטאַנען צווישן די מירטן, האָט זיך אָפּגערופן און
האָט געזאָגט: דאָס זיינען די וואָס גאָט האָט געשיקט אַרומצוגיין
אויף דער ערד. [11]און זיי האָבן זיך אָפּגערופן צו דעם מלאַך
פון גאָט וואָס איז געשטאַנען צווישן די מירטן, און האָבן געזאָגט:
מיר זיינען אַרומגעגאַנגען אויף דער ערד, ערשט די גאַנצע ערד
זיצט רואיק. [12]האָט זיך אָפּגערופן דער מלאַך פון גאָט און
האָט געזאָגט: גאָט פון צבָאות, ביז וואַנען וועסטו זיך ניט
דערבאַרימען אויף ירושָלַיִם, און אויף די שטעט פון יהודה,
וואָס דו האָסט פאַרשאָלטן שוין זיבעציק יאָר? [13]און גאָט האָט
געענטפערט דעם מלאַך וואָס האָט מיט מיר גערעדט, גוטע
ווערטער, טרייסטווערטער. [14]און דער מלאַך וואָס האָט מיט
מיר גערעדט, האָט געזאָגט צו מיר: רוף אויס אַזוי צו זאָגן:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאות:
מיך פאַרדריסט וועגן ירושָלַיִם און וועגן צִיון אַ גרויס
פאַרדראָס.

15און אַ גרויס צאָרן צערן איך אויף די רואיקע פעלקער,
וואָרום איך האָב בלויז געצערנט אַ ביסל,
און זיי האָבן אונטערגעהאָלפן צום בייזן.
16דרום האָט גאָט אַזוי געזאָגט:
איך קער זיך אום צו ירושָלַיִם מיט דערבאַרימונג;
מיין הויז וועט געבויט ווערן אין איר,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
און אַ בוישנור וועט געצויגן ווערן אויף ירושָלַיִם.
17ווייטער רוף אויס אַזוי צו זאָגן:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
מיינע שטעט וועלן ווידער איבערפלייצן מיט גוטס,
און גאָט וועט נאָך טרייסטן ציון,
און וועט ווידער אויסדערוויילן ירושָלַיִם.

ב 1און איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן און האָב געזען,
ערשט פיר הערנער. 2האָב איך געזאָגט צו דעם מלאַך
וואָס האָט מיט מיר גערעדט: וואָס זיינען דידאָזיקע? האָט ער
צו מיר געזאָגט: דאָס זיינען די הערנער וואָס האָבן צעשפּרייט
יהודה, ישׂראל, און ירושָלַיִם.
3און גאָט האָט מיר געוויזן פיר מייסטערס. 4האָב איך
געזאָגט: וואָס קומען דידאָזיקע טאָן? האָט ער געזאָגט אַזוי צו
זאָגן: יענע זיינען די הערנער וואָס האָבן צעשפּרייט יהודה,
אַזוי אַז קיינער האָט ניט געקענט אויפהייבן אַ קאָפּ, און די־
דאָזיקע זיינען געקומען אויף זיי אַ שרעק אָנצוּוואַרפן, אָפּ־
צוהאַקן די הערנער פון די פעלקער וואָס האָבן אויפגעהויבן
דעם האָרן קעגן לאַנד יהודה, כּדי עס צו צעשפּרייטן.
5און איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן און האָב געזען,
ערשט אַ מאַן, און אין זיין האַנט אַ מעסטשנור. 6האָב

איך געזאָגט: וווהין גייסטו? האָט ער צו מיר געזאָגט: צו מעסטן
ירושָלַיִם, כּדי צו זען וויפיל איז איר ברייט, און וויפיל איר
לענג. [7]ערשט דער מלאַך וואָס האָט מיט מיר גערעדט איז
אַרויסגעגאַנגען, און אַן אַנדער מלאַך איז אַרויסגעגאַנגען אים
אַנטקעגן. [8]און ער האָט געזאָגט: לויף זאָג צו יענעם יונגמאַן
אַזוי צו זאָגן:

אָפן וועט ירושָלַיִם זיין באַזעצט,
פון פיל מענטשן און בהמות אין איר.
[9]און איך וועל איר זיין, זאָגט גאָט,
אַ מויער פון פייער רונד אַרום,
און פאַר אַ כּבוד וועל איך זיין אין איר מיט.

[10]העי, העי! און אַנטלויפט פון דעם לאַנד פון צפון,
זאָגט גאָט,
וואָרום אַזוי ווי די פיר ווינטן פון הימל האָב איך אייך
צעשפּרייט,
זאָגט גאָט.
[11]העי ציון, אַנטרין,
דו וואָס וווינסט ביי טאָכטער בָבל.
[12]וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאות,
וואָס האָט מיך געשיקט פון [אַייער] כּבוד וועגן
צו די פעלקער וואָס באַרויבן אייך:
פאַרוואָר, דער וואָס רירט אייך אָן
רירט אָן דעם שוואַרצאַפּל פון זיין אויג.
[13]וואָרום זע, איך פאָך מיין האַנט אויף זיי,
און זיי וועלן ווערן אַ רויב צו די וואָס האָבן זיי געדינט,
און איר וועט וויסן אַז גאָט פון צבָאות האָט מיך געשיקט.

14זינג און פריי זיך, טאָכטער ציון,
וואָרום זע, איך קום, און וועל רוען צווישן דיר,
זאָגט גאָט.
15און פיל פעלקער וועלן זיך באַהעפטן אָן גאָט אין יענעם טאָג,
און זיי וועלן מיר זיין צום פאָלק,
און איך וועל רוען אין דיין מיט;
און וועסט וויסן אַז גאָט פון צבָאות האָט מיך געשיקט צו דיר.
16און גאָט וועט אַרבן יהודה פאַר זיין חלק,
אויף דער הייליקער ערד,
און וועט ווידער אויסדערוויילן ירושָלַים.
17שטיל יעטוועדער לַייב פאַר גאָט
וואָרום ער וועקט זיך פון זיין הייליקער וווינונג.

ג 1און ער האָט מיר געוויזן יהושֻעַ דעם כֹּהן־גָדול ווי ער שטייט
פאַר דעם מלאַך פון גאָט, און דער שָטן שטייט אויף זיין
רעכטער זייט, אים צו פאַרקלאָגן. 2האָט גאָט געזאָגט צום
שָטן: גאָט שרייט אָן אויף דיר, שָטן, יאָ, גאָט וואָס האָט אויס־
דערוויילט ירושָלַים, שרייט אָן אויף דיר; איז ניט דערדאָזיקער
אַ שַייט אַרויסגעריסן פון פייער? 3און יהושֻעַ איז געווען אָנגעטאָן
אין קויטיקע בגדים, און איז געשטאַנען פאַרן מלאַך. 4האָט
ער זיך אָפּגערופן און האָט געזאָגט צו די וואָס זיינען געשטאַנען
פאַר אים, אַזוי צו זאָגן: טוט אויס פון אים די קויטיקע בגדים.
און צו אים האָט ער געזאָגט: זע, איך האָב אָפּגעטאָן פון דיר
דיינע זינד, און וועל דיר אָנטאָן מלבושים. 5האָב איך געזאָגט:
זאָל מען אים אָנטאָן אַ ריינע הויב אויפן קאָפּ. און זיי האָבן
אים אָנגעטאָן די ריינע הויב אויפן קאָפּ, און האָבן אים אָנ
געקליידט בגדים; און דער מלאַך פון גאָט איז געשטאַנען

דערבײַ. [6]און דער מלאָך פון גאָט האָט געוואָרנט יהושוען,
אַזוי צו זאָגן:

[7]אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאות:
אויב איך מײַנע וועגן וועסטו גיין,
און אויב מײַן היטונג וועסטו היטן,
און דו וועסט אויך משפּטן מײַן הויז,
און וועסט אויך היטן מײַנע הויפן,
וועל איך דיר געבן אַן אומגאַנג
צווישן דידאָזיקע וואָס שטייען דאָ.
[8]הער נאָר צו, יהושוע כֹּהן־גָדול,
דו און דײַנע חברים וואָס זיצן פאַר דיר—
וואָרום פאַר אַ צייכן מענטשן זײַנען זיי—
וואָרום זע, איך ברענג מײַן קנעכט דעם „שפּראָץ"*.
[9]וואָרום אָט איז דער שטיין וואָס איך האָב געלייגט פאַר יהושוען
אויף דעם איין שטיין זיבן אויגן.
זע, איך קריץ אויס זײַן אויסקריצונג,
זאָגט גאָט פון צבָאות;
און איך וועל אָפּטאָן די זינד פון דעמדאָזיקן לאַנד
אין איין טאָג.
[10]אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט פון צבָאות,
וועט איר רופן איינער דעם אַנדערן
אונטער אַ ווײַנשטאָק און אונטער אַ פײַגנבוים.

ד [1]און דער מלאָך וואָס האָט גערעדט מיט מיר, האָט זיך
אומגעקערט, און ער האָט מיך אויפגעוועקט, אַזוי ווי אַ
מענטש ווערט אויפגעוועקט פון זײַן שלאָף. [2]און ער האָט צו
מיר געזאָגט: וואָס זעסטו? האָב איך געזאָגט: איך האָב געזען,
ערשט אַ מנוֹרה, אין גאַנצן פון גאָלד, און אויבן בײַ איר אַ בעקן,

* צֶמַח.

און אירע זיבן לעמפּלאַך אויף איר, מיט זיבן, יאָ זיבן רערן
צו די לעמפּלאַך וואָס בײַ איר אויבן. [3]און צוויי אײלבערט־
בוימער לעבן איר, אײנער פון דער רעכטער זײט פון דעם
בעקן, און אײנער פון זײַן לינקער זײט. [4]און איך האָב זיך אָפּ־
גערופן און האָב געזאָגט צו דעם מלאך וואָס האָט מיט מיר
גערעדט, אַזוי צו זאָגן: וואָס זײַנען דידאָזיקע, מײַן האַר? [5]האָט
געענטפערט דער מלאך וואָס האָט מיט מיר גערעדט, און האָט
געזאָגט צו מיר: ווײסטו ניט וואָס דידאָזיקע זײַנען? האָב איך
געזאָגט: ניין, מײַן האַר. [6]האָט ער זיך אָפּגערופן און האָט
געזאָגט צו מיר, אַזוי צו זאָגן: דאָס איז דאָס וואָרט פון גאָט צו
זרובבֿלן, אַזוי צו זאָגן:

ניט מיט חיל און ניט מיט כּוח,
נאָר מיט מײַן גײַסט, זאָגט גאָט פון צבֿאות.
[7]ווער ביסטו, גרויסער באַרג?
פאַר זרובבֿלן ווערסטו ווערן אַ גלײַכער פּלאַץ;
און ער וועט אַרויסברענגען דעם קאָפּשטיין מיט געשרײַען:
חן, חן צו אים!

[8]און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
[9]די הענט פון זרובבֿלן האָבן געגרונטפעסט דאָסדאָזיקע הויז,
און זײַנע הענט וועלן עס ענדיקן,
און וועסט וויסן אַז גאָט פון צבֿאות
האָט מיך געשיקט צו אײַך.
[10]וואָרום ווער נאָר עס האָט פאַראַכט
דעם טאָג פון קלײנע אָנהײבן,
זײ וועלן זיך פרײען אַז זײ וועלן זען
דאָס בלײַגעוויכט אין זרובבֿלס האַנט.
דידאָזיקע זיבן דאָס זײַנען די אויגן פון גאָט
וואָס וואַנדערן איבער דער גאַנצער ערד.

11האָב איך זיך אָפגערופן און האָב צו אים געזאָגט: וואָס
זיינען דידאָזיקע צוויי איילבערטבוימער אויף דער רעכטער
זייט פון דער מנורה און אויף איר לינקער זייט? 12און איך האָב
זיך אָפגערופן אַ צווייט מאָל און האָב געזאָגט צו אים: וואָס
זיינען די צוויי איילבערטצווייגן וואָס לעבן די צוויי גילדערנע
גיסרערן וואָס ליידיקן אַרויס פון זיך דאָס גילדערנע בוימל?
13האָט ער געזאָגט צו מיר, אַזוי צו זאָגן: ווייסטו ניט וואָס
דידאָזיקע זיינען? האָב איך געזאָגט: ניין, מיין האַר. 14האָט ער
געזאָגט: דאָס זיינען די צוויי געזאַלבטע[א] וואָס שטייען לעבן דעם
האַר פון דער גאַנצער ערד.

ה 1און איך האָב ווידער אויפגעהויבן מיינע אויגן און האָב
געזען, ערשט אַ פליעדיקע מגילה. 2האָט ער צו מיר
געזאָגט: וואָס זעסטו? האָב איך געזאָגט: איך זע אַ פליעדיקע
מגילה; איר לענג צוואַנציק איילן, און איר ברייט צען איילן.
3האָט ער צו מיר געזאָגט:
דאָס איז די קללה וואָס גייט אַרויס
איבער דעם געזיכט פון דער גאַנצער ערד;
וואָרום איטלאַכער וואָס גנבעט,
ווערט פון דאַנען אַוועקגעראַמט לויט איר,
און איטלאַכער וואָס שווערט [פאַלש],
ווערט פון דאַנען אַוועקגעראַמט לויט איר.
4איך האָב זי אַרויסגעלאָזט, זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
און זי וועט קומען אין הויז פון דעם גנב,
און אין הויז פון דעם וואָס שווערט ביי מיין נאָמען צום פאַלשן,
און זי וועט בלייבן אין זיין הויז,
און זי וועט עס פאַרלענדן
מיט זיינע האָלצן און מיט זיינע שטיינער.

א אין טעקסט: בְּנֵי הַיִּצְהָר, די זין פון אייל.

5און דער מלאַך וואָס האָט גערעדט מיט מיר, איז אַרויס־
געגאַנגען, און האָט צו מיר געזאָגט: הייב אַקאָרשט אויף דײַנע
אויגן, און זע וואָס איז דאָסדאָזיקע וואָס גייט אַרויס? 6האָב איך
געזאָגט: וואָס איז דאָס? האָט ער געזאָגט: דאָס איז די אֵיפָה[א]
וואָס גייט אַרויס. און ער האָט געזאָגט: דאָס איז זייער אָנבליק
אין גאַנצן לאַנד—7ערשט אַ רונד שטיק בלײַ האָט זיך אויפ־
געהויבן—און דאָס איז אַ פרוי וואָס זיצט אין דער אֵיפָה. 8און
ער האָט געזאָגט: דאָס איז די שלעכטיקייט. און ער האָט זי
אַרײַנגעוואָרפן אין דער אֵיפָה, און האָט אַרויפגעוואָרפן דאָס
שטיק בלײַ אויף איר עפענונג.
9און איך האָב אויפגעהויבן מײַנע אויגן און האָב געזען,
ערשט צוויי ווײַבער גייען אַרויס, און אַ ווינט איז אין זייערע
פליגלען, און די פליגלען בײַ זיי זײַנען ווי די פליגלען פון אַ
שטאָרך; און זיי האָבן געטראָגן די אֵיפָה צווישן ערד און הימל.
10האָב איך געזאָגט צו דעם מלאַך וואָס האָט גערעדט מיט מיר:
וווּהין טראָגן זיי די אֵיפָה? 11האָט ער געזאָגט צו מיר: איר צו
בויען אַ הויז אין לאַנד שִנְעָר; און אַז עס וועט צוגעברייט ווערן,
וועט זי דאָרטן אַנידערגעשטעלט ווערן אויף איר אָרט.

ו 1און איך האָב ווידער אויפגעהויבן מײַנע אויגן און האָב
געזען, ערשט פיר רײַטוועגן גייען אַרויס פון צווישן צוויי
בערג, און די בערג זײַנען קופּערנע בערג. 2אין ערשטן רײַט־
וואָגן רויטע פערד, און אין צווייטן רײַטוואָגן שוואַרצע פערד,
3און אין דריטן רײַטוואָגן ווײַסע פערד, און אין פירטן רײַטוואָגן
געשפּרענקלטע ברוינע פערד. 4האָב איך זיך אָפּגערופן און האָב
געזאָגט צו דעם מלאַך וואָס האָט מיט מיר גערעדט: וואָס זײַנען
דידאָזיקע, מײַן האַר? 5האָט דער מלאַך געענטפערט און האָט
געזאָגט צו מיר: דידאָזיקע גייען אַרויס צו די פיר ווינטן פון הימל,

א אַ געוויסע מאָס־כלי.

נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר דעם האַר פון דער
גאַנצער ערד. [6]דער וואָס אין אים זיינען די שוואַרצע פערד
גייט אַרויס צום לאַנד פון צפון, און די ווייסע זיינען אַרויס־
געגאַנגען נאָך זיי, און די געשפּרענקלטע זיינען אַרויסגעגאַנגען
צום לאַנד פון דָרום. [7]אויך די ברוינע זיינען אַרויסגעגאַנגען,
און זיי האָבן געוואָלט גיין אומוואַנדערן איבער דער ערד;
האָט ער געזאָגט: גייט וואַנדערט אום איבער דער ערד. און
זיי האָבן אומגעוואַנדערט איבער דער ערד. [8]און ער האָט
צוגעשריען צו מיר, און האָט גערעדט צו מיר, אַזוי צו זאָגן: זע,
די וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען צום לאַנד פון צפון, האָבן באַרוט
מיין געמיט אין לאַנד פון צפון.

[9]און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו מיר, אַזוי צו זאָגן:
[10]נעם פון די גָלות־לייט, פון חֶלדַין, פון טוֹבִיָהן, און פון ידַעְיָהן,
וואָס זיינען געקומען פון בָבל, און זאָלסט גיין אין דעם
אייגענעם טאָג, און קומען אין הויז פון יֹאשִיָה דעם זון פון
צפַניָהן—[11]זאָלסט נעמען זילבער און גאָלד, און מאַכן קרוינען,
און אָנטאָן אויפן קאָפּ פון יהוֹשוּעַ דעם זון פון יהוֹצָדָקן, דעם
כֹהן־גָדול. [12]און זאָלסט זאָגן צו אים, אַזוי צו זאָגן:

אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
אַזוי צו זאָגן:
אָט איז אַ מאַן וואָס זיין נאָמען איז „שפּראָץ"[א],
און וואָס וועט אַרויסשפּראָצן פון זיין אָרט,
און וועט בויען דעם טעמפּל פון גאָט.
[13]יאָ, ער וועט בויען דעם טעמפּל פון גאָט,
און ער וועט טראָגן דעם גלאַנץ,
און וועט זיצן און געוועלטיקן אויף זיין טראָן,
און אַ כֹהן וועט זיין ביי זיין טראָן;

[א] צֶמַח.

אוּן אַ פֿרידלאַכע באַראָטוּנג וועט זײַן צווישן זיי ביידן.
14אוּן די קרוינען זאָלן זײַן חֵלֶמען, אוּן טוֹבִיָהן,
אוּן ידַעְיָהן, אוּן חֵן דעם זוּן פֿוּן צְפַנְיָהן,
פֿאַר אַ געדעכעניש אין דעם טעמפּל פֿוּן גאָט.
15אוּן ווײַטע וועלן קוּמען,
אוּן וועלן בויען אין דעם טעמפּל פֿוּן גאָט;
אוּן איר וועט וויסן אַז גאָט פֿוּן צבָאוֹת
האָט מיך געשיקט צוּ אײַך.
אוּן עס וועט זײַן, אויב הערן וועט איר צוּהערן
צוּ דעם קוֹל פֿוּן יהוה אײַער גאָט.

ז 1אוּן עס איז געווען אין פֿירטן יאָר פֿוּן מלך דָרְיָוֶש, איז דאָס
וואָרט פֿוּן גאָט געווען צוּ זְכַרְיָהן אין פֿירטן טאָג פֿוּן נײַנטן
חוֹדש, אין כִּסלֵו, 2ווען בֵּית־אֵל, שַׂרְאֶצֶר, אוּן רֶגֶם־מֶלֶך אוּן זײַנע
מענטשן, האָבן געשיקט צוּ בעטן פֿאַר גאָט, 3אוּן צוּ זאָגן צוּ די
כֹּהנים וואָס אין הויז פֿוּן גאָט פֿוּן צבָאוֹת, אוּן צוּ די נביאים,
אַזוי צוּ זאָגן: זאָל איך וויינען אין דעם פֿינפֿטן חוֹדש אָפּ־
געזונדערטערהייט, אַזוי ווי איך האָב געטאָן שוין פֿוּן כַּמָה יאָרן?
4איז דאָס וואָרט פֿוּן גאָט פֿוּן צבָאוֹת געווען צוּ מיר, אַזוי צוּ זאָגן:
5זאָג צוּ דעם גאַנצן פֿאָלק פֿוּן לאַנד, אוּן צוּ די כֹּהנים, אַזוי צוּ
זאָגן: אַז איר האָט געפֿאַסט אוּן געקלאָגט אין פֿינפֿטן אוּן אין
זיבעטן חוֹדש שוין זיבעציק יאָר, האָט איר פֿאַסטן דען מיר
געפֿאַסט? 6אוּן אַז איר עסט, אוּן אַז איר טרינקט, זײַט איר ניט
די וואָס עסט, אוּן איר די וואָס טרינקט? 7דאָס זײַנען דאָך די
ווערטער וואָס גאָט האָט גערוּפֿן דוּרך די פֿריערדיקע נביאים,
ווען ירוּשָלַיִם איז געווען באַזעצט אוּן בשַלְוָה, מיט אירע שטעט
רוּנד אַרוּם איר, אוּן דער דָרוֹם אוּן די נידערוּנג זײַנען געווען
באַזעצט.

8און דאָס וואָרט פון גאָט איז געווען צו זכַריָהן, אַזוי צו זאָגן:
9אַזוי האָט געהאַט געזאָגט גאָט פון צבָאות,
אַזוי צו זאָגן:
משפּט אַן אמתן משפּט,
און טוט חסד און דערבאַרימונג איינער מיטן אַנדערן,
10און אַן אַלמנה און אַ יתום, אַ פרעמדן און אַן אָרעמאַן,
זאָלט איר ניט דריקן,
און איינער דעם אַנדערנס רעה
זאָלט איר ניט טראַכטן אין אַייער האַרצן.
11אָבער זיי האָבן ניט געוואָלט האָרכן,
און זיי האָבן געקערט אַ ווידערשפּעניקן רוקן,
און זייערע אויערן האָבן זיי פאַרשטאָפּט ניט צו הערן.
12און זייער האַרץ האָבן זיי געמאַכט אַזוי ווי דימענטשטיין,
ניט צו הערן די תּורה און די ווערטער
וואָס גאָט פון צבָאות האָט געשיקט מיט זיין גייסט
דורך די פריערדיקע נביאים;
דרום איז געוואָרן אַ גרויסער צאָרן פון גאָט פון צבָאות.
13און עס איז געווען:
אַזוי ווי ער האָט גערופן, און זיי האָבן ניט צוגעהערט,
אַזוי וועלן זיי רופן, און איך וועל ניט צוהערן,
האָט געזאָגט גאָט פון צבָאות.
14און איך וועל זיי צעשטורעמען איבער אַלע פעלקער
וואָס זיי האָבן זיי ניט געקענט.
אַזוי איז דאָס לאַנד וויסט געוואָרן נאָך זיי,
אָן אַ גייער און אָן אַ קומער;
און זיי האָבן געמאַכט דאָס גלוסטיקע לאַנד אַ וויסטעניש.

ח [1]און דאָס וואָרט פון גאָט פון צבָאוֹת איז געווען אַזוי צו
זאָגן:
[2]אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
מיך פאַרדריסט וועגן צִיוֹן אַ גרויס פאַרדראָס,
און מיט גרויס גרימצאָרן פאַרדריסט מיך וועגן איר.
[3]אַזוי האָט גאָט געזאָגט:
איך קער זיך אום קיין צִיוֹן,
און איך וועל רוען אין ירוּשָלַיִם,
און ירוּשָלַיִם וועט גערופן ווערן די שטאָט פון אמת,
און דער באַרג פון גאָט פון צבָאוֹת, דער הייליקער באַרג.
[4]אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
עס וועלן נאָך זיצן זקנים און זקנות אין די גאַסן פון ירוּשָלַיִם,
איטלאַכער מיט זיין שטעקן אין זיין האַנט, פון גרויס עלטער.
[5]און די גאַסן פון דער שטאָט
וועלן זיין פול מיט אינגלאַך און מיידלאַך
וואָס שפּילן זיך אין אירע גאַסן.
[6]אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
אויב דאָס וועט זיין וואונדערלאַך אין די אויגן
פון דעם איבערבלייב פון דעמדאָזיקן פאָלק אין יענע טעג,
זאָל עס אויך אין מיינע אויגן זיין וואונדערלאַך?
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת.
[7]אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
זע, איך העלף מיין פאָלק, פון דעם לאַנד פון זונאויפגאַנג,
און פון דעם לאַנד פון זונאונטערגאַנג.
[8]און איך וועל זיי ברענגען,
און זיי וועלן וווינען אין ירוּשָלַיִם,
און זיי וועלן מיר זיין צום פאָלק,

און איך וועל זײַ זײַן צום גאָט,
מיט אמת און מיט גערעכטיקייט.

[9]אַזוי האָט געזאָגט גאָט פֿון צבָאוֹת: זאָלן געשטאַרקט זײַן
אײַערע הענט, איר וואָס הערט אַיין אין דידאָזיקע טעג די־
דאָזיקע ווערטער פֿון דעם מויל פֿון די נביאים וואָס זײַנען
געווען אין דעם טאָג וואָס דאָס הויז פֿון גאָט פֿון צבָאוֹת, דער
טעמפּל, איז געגרונטפֿעסט געוואָרן געבויט צו ווערן. [10]וואָרום
פֿאַר יענע טעג איז קיין לוין פֿאַרן מענטשן ניט געווען, און קיין
לוין פֿאַר דער בהמה איז ניט געווען, און פֿאַר דעם אַרויסגייער
און פֿאַר דעם אַרײַנגייער איז ניט געווען קיין זיכערקייט פֿון
דעם פֿײַנט, און איך פֿלעג אָנשיקן אַלע מענטשן אײנעם אויפֿן
אַנדערן. [11]אָבער אַצונד וועל איך ניט זײַן צו דעם איבערבלײַב
פֿון דעמדאָזיקן פֿאָלק אַזוי ווי אין די פֿריערדיקע טעג, זאָגט
גאָט פֿון צבָאוֹת.

[12]וואָרום דער זאָמען פֿון שלום וועט זײַן,
אַז דער ווײַנשטאָק וועט געבן זײַן פּרוכט,
און די ערד וועט געבן איר געוועקס,
און די הימלען וועלן געבן זייער טוי;
און איך וועל דעם איבערבלײַב פֿון דעמדאָזיקן פֿאָלק,
מאַכן אַרבן אַלדאָסדאָזיקע.

[13]און עס וועט זײַן,
אַזוי ווי איר זײַט געווען אַ קללה צווישן די פֿעלקער,
איר הויז פֿון יהודה און הויז פֿון ישׂראל,
אַזוי וועל איך אײַך העלפֿן,
און איר וועט ווערן אַ ברכה;
איר זאָלט ניט מוֹרא האָבן;
זאָלן געשטאַרקט זײַן אײַערע הענט.

[14]וואָרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט פֿון צבָאוֹת:

אַזוי ווי איך האָב באַדאַכט אײַך שלעכטס צו טאָן,
ווען אײַערע עלטערן האָבן מיך דערצערנט,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
און איך האָב ניט חרטה געהאַט,
[15]אַזוי האָב איך ווידער באַדאַכט אין די דאָזיקע טעג
צו באַגיטיקן ירושָלַיִם און דאָס הויז פון יהודה;
איר זאָלט ניט מורא האָבן.
[16]דאָס זײַנען די זאַכן וואָס איר זאָלט טאָן:
רעדט אמת איינער מיטן אַנדערן,
אמת און אַ פרידלאַכן משפט
טוט משפטן אין אײַערע טויערן.
[17]און איינער דעם אַנדערנס רעה*
זאָלט איר ניט טראַכטן אין אײַער האַרצן,
און קיין פאַלשע שבועה זאָלט איר ניט ליב האָבן,
וואָרום דאָס אַלץ איז וואָס איך האָב פײַנט,
זאָגט גאָט.

[18]און דאָס וואָרט פון גאָט פון צבָאוֹת איז געווען צו מיר,
אַזוי צו זאָגן: [19]אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת: דער תָּעֲנית
פון פירטן חודש, און דער תָּעֲנית פון פינפטן, און דער תָּעֲנית
פון זיבעטן, און דער תָּעֲנית פון צענטן, וועט זײַן דעם הויז פון
יהודה פאַר אַ פרייד און פאַר אַ שׂמחה, און פאַר יָום־טובים;
נאָר האָט ליב אמת און שלום.

[20]אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאוֹת:
עס וועט נאָך געשען,
אַז קומען וועלן פעלקער
און באַוווינער פון פיל שטעט;

* וואָרטשפּיל: רֵעַת–רָעָה.

21 און די באַוווינער פון איין שטאָט
ווערן גיין צו דער אַנדערער, אַזוי צו זאָגן:
גיין לאָמיר גיין צו בעטן פאַר גאָט,
און צו זוכן דעם גאָט פון צבָאות;
איך וויל אויך גיין.
22 און קומען וועלן פיל אומות און מאַכטיקע פעלקער
צו זוכן גאָט פון צבָאות אין ירושָלַיִם,
און צו בעטן פאַר גאָט.

23 אַזוי האָט געזאָגט גאָט פון צבָאות:
אין יענע טעג וועט געשען,
אַז אָננעמען וועלן צען מענטשן
פון אַלערליי לשונות פון די פעלקער—
אָננעמען דעם ברעג קלייד פון אַ אידן,
אַזוי צו זאָגן:
לאָמיר גיין מיט אַייך,
וואָרום מיר האָבן געהערט אַז גאָט איז מיט אַייך.

ט 1 די נבואה פון גאָטס וואָרט:
אין לאַנד חַדרָך און דַמֶשֶׂק
וועט זיין זיין לאַגערונג—
וואָרום צו גאָט איז דאָס אויג פון מענטשן,
ווי פון אַלע שבטים פון ישׂראל—
2 און אויך אין חֲמָת וואָס גרענעצט זיך דערמיט,
און אין צוֹר און צידוֹן ווי זייער קלוּג זי איז.
3 און צוֹר האָט זיך אַ פעסטונג געבויט[א],
און אָנגעקליבן זילבער ווי שטויב,
און גינגאָלד ווי קויט פון די גאַסן.

א וואָרטשפּיל: צוֹר–מָצוֹר.

4 זע, גאָט וועט זי פֿאַראָרעמען,
און ער וועט שליידערן אין ים איר מאַכט;
און זי וועט אין פֿייער פֿאַרצערט ווערן.
5 אַשקלון וועט זען און וועט מורא האָבן,
און עַזָה—און זי וועט ציטערן זייער,
און עֶקרון—ווייל צו שאַנד געוואָרן איז איר אויסקוק;
און אונטערגיין וועט אַ מלך פֿון עַזָה,
און אַשקלון וועט זיין ניט באַוווינט.
6 און אַ ממזר־פֿאָלק וועט זיצן אין אַשדוד,
און איך וועל פֿאַרשניידן דעם שטאָלץ פֿון די פּלִשתּים.
7 און איך וועל אָפּטאָן זיין בלוט פֿון זיין מויל,
און זיינע אומווערדיקייטן פֿון צווישן זיינע ציין,
און ער אויך וועט בלייבן ביי אונדזער גאָט;
און ער וועט זיין ווי אַ פֿירשט אין יהודה,
און עֶקרון וועט זיין ווי דער יבוסי.
8 און איך וועל לאַגערן אַרום מיין הויז אַקעגן חיל,
אַקעגן גייער און אַקעגן קומער,
און מער וועט ניט דורכגיין דורך זיי קיין דריקער;
וואָרום אַצונד האָב איך געזען מיט מיינע אויגן.

9 פֿריי זיך זייער, טאָכטער צִיון,
שאַל, טאָכטער ירושָלַיִם,
זע, דיין מלך וועט קומען צו דיר,
אַ גערעכטער און אַ זיגער איז ער;
אַן עָנָו, און רייט אויף אַן אייזל,
אויף אַ יונגן זון פֿון אַן אייזעלין.
10 און איך וועל פֿאַרשניידן אַ רייטוואָגן פֿון אפֿרים,
און אַ פֿערד פֿון ירושָלַיִם,

און פֿאַרשניטן וועט ווערן דער בויגן פֿון מלחמה;
און ער וועט רעדן שלום צו די פֿעלקער,
און זיין געוועלטיקונג וועט זיין פֿון ים ביז ים,
און פֿון טייך[א] ביז די עקן פֿון דער ערד.
11 יאָ דו—פֿאַר דעם בלוט פֿון דיין בונד,
לאָז איך אַרויס דיינע געפֿאַנגענע
פֿון דער גרוב אָן וואַסער דרינען.
12 קערט אַייך אום צו באַפֿעסטיקייט,
איר געפֿאַנגענע פֿון האָפֿענונג;
נאָך היינט זאָג איך אָן:
טאָפּל וועל איך דיר אומקערן.
13 וואָרום איך שפּאַן מיר אָן יהודה,
ווי אַ בויגן צי איך אָן אפֿרים,
און איך וועל דערוועקן דיינע קינדער, ציון,
אויף דיינע קינדער, יוָן,
און איך וועל דיך מאַכן ווי די שווערד פֿון אַ גיבור.
14 און גאָט וועט זיך באַווייזן איבער זיי,
און אַרויסגיין ווי אַ בליץ וועט זיין פֿייל;
און גאָט דער האַר וועט בלאָזן אין שופֿר,
און וועט קומען מיט שטורעמס פֿון דָרום.
15 גאָט פֿון צבֿאָות וועט זיי באַשירעמען,
און זיי וועלן פֿאַרצערן, און צעטרעטן די שליידערשטיינער,
און זיי וועלן טרינקען און טומלען ווי פֿון וויין,
און זיי וועלן פֿול זיין ווי די בעקנס,
ווי די ווינקלען פֿון מזבח.
16 און גאָט זייער האַר וועט זיי העלפֿן אין יענעם טאָג,
ווי שאָף—זיין פֿאָלק;
וואָרום ווי קרוינשטיינער גלאַנציקע

[א] פּרָת.

חעלן זיי זיין אויף זיין ערד.
יז פֿאַרוואָר, וואָס פֿאַר אַ ווױלקייט וועט זיין זייערס!
און וואָס פֿאַר אַ שיינקייט וועט זיין זייערס!
ווי קאָרן די בחורים,
ווי וויין וואָס טוט יירן די יונגפֿרויען.

י 1 בעט ביי גאָט רעגן אין דער צייט פֿון שפּעטרעגן,
ביי גאָט וואָס מאַכט בליצן;
און ער וועט זיי געבן אַ גוסרעגן,
איטלאַכן־גראָז אויפֿן פֿעלד.
2 וואָרום די תּרפֿים האָבן גערעדט נישטיקייט,
און די וואָרזאָגער האָבן געזען ליגן,
און די חלומות רעדן פֿאַלש,
נישטיק טרייסטן זיי.
דרום האָבן זיי אומגעוואַנדערט אַזוי ווי שאָף,
זיי פּלאָגן זיך, ווייל קיין פּאַסטוך איז ניטאָ.

3 אויף די פּאַסטוכער גרימט מיין צאָרן,
און מיט די בעק וועל איך זיך אָפּרעכענען;
וואָרום גאָט פֿון צבֿאָות האָט געדאַכט אָן זיין סטאַדע,
דעם הויז פֿון יהודה,
און מאַכט זיי ווי זיין פּראַכטפֿערד אין מלחמה.
4 פֿון אים דער ווינקלשטיין,
פֿון אים דאָס פּלעקל,
פֿון אים דער בויגן פֿון מלחמה,
פֿון אים וועט אַרויסגיין יעטוועדער געוועלטיקער באַגלייך.
5 און זיי וועלן זיין ווי גיבורים
וואָס טרעטן דעם קויט פֿון די גאַסן אין מלחמה,

אוּן זיי װעלן בײקומען, װאָרום גאָט װעט זײַן מיט זיי,
אוּן די רײַטער אויף פערד װעלן פאַרשעמט װערן.
6 אוּן איך װעל שטאַרקן דאָס הויז פוּן יהודה,
אוּן דאָס הויז פוּן יוֹסף װעל איך העלפן,
אוּן איך װעל זיי אוּמקערן, װאָרום איך טוּ זיי דערבאַרימען;
אוּן זיי װעלן זײַן װי איך װאָלט זיי קײנמאָל ניט פאַרלאָזט,
װאָרום איך בין יהוה זײער גאָט, אוּן װעל זיי ענטפערן.
7 אוּן אפרים װעט זײַן װי אַ גיבור,
אוּן זײער האַרץ װעט זײַן פרײלאַך װי פוּן װײַן;
אוּן זײערע זין װעלן זען אוּן זיך פרײען,
זײער האַרץ װעט זײַן לוּסטיק מיט גאָט.
8 איך װעל שמוּצערן צוּ זיי, אוּן װעל זיי אײַנזאַמלען,
װאָרום איך טוּ זיי אויסלײזן;
אוּן זיי װעלן זיך מערן װי זיי האָבן זיך געמערט.
9 אָ, איך װעל זיי צעזײען צװישן די פעלקער,
אָבער אין די װײַטענישן װעלן זיי מיך דערמאָנען,
אוּן זיי װעלן דערלעבן מיט זײערע קינדער,
אוּן װעלן זיך אוּמקערן.
10 אוּן איך װעל זיי אוּמקערן פוּן לאַנד מִצרַיִם,
אוּן פוּן אַשוּר װעל איך זיי אײַנזאַמלען;
אוּן קײן לאַנד גִלעָד אוּן לְבָנוֹן װעל איך זיי ברענגען,
אוּן עס װעט זיי ניט קלעקן.
11 אוּן אַן אַנגסט װעט אַריבערגײן איבערן ים,
אוּן ער װעט שלאָגן װעלן אויפן ים,
אוּן אויסגעטריקנט װעלן װערן אַלע טיפענישן פוּן נילוס,
אוּן גענידערט װעט װערן דער שטאָלץ פוּן אַשוּר,
אוּן דער צעפּטער פוּן מִצרַיִם װעט אָפּגעטאָן װערן.
12 אוּן איך װעל זיי שטאַרקן מיט גאָט,

אוּן אין זײַן נאָמען װעלן זײ גײן,
זאָגט גאָט.

יא [1]עפן, לבָנוֹן, דײַנע טירן,
אוּן זאָל אַ פײַער פֿאַרצערן דײַנע צעדערן;
[2]יאָמערט, ציפּרעס, װאָרום דער צעדער איז געפֿאַלן,
װײַל די מאַכטיקע זײַנען פֿאַרװיסט געװאָרן;
יאָמערט, אײכנבױמער פֿון בָּשָן,
װאָרום דער פֿעסטער װאַלד איז געניִדערט.
[3]האָרך! אַ יללה פֿון די פּאַסטוכער,
װאָרום פֿאַרװיסט געװאָרן איז זײער פּראַכט.
האָרך! אַ געבריל פֿון יוּנגלײבן,
װאָרום פֿאַרװיסט געװאָרן איז דאָס געװעלד פֿון יַרדן.
[4]אַזױ האָט געזאָגט גאָט מײַן האַר:
פּיטער די שאָף פֿון טײטוּנג,
[5]װאָס זײערע קױפֿער טײטן זײ, אוּן װערן ניט שוּלדיק,
אוּן זײערע פֿאַרקױפֿער זאָגן:
געלױבט איז גאָט, װאָרום איך װער רײַך;
אוּן זײערע פּאַסטוּכער דערבאַרימען זיך ניט אױף זײ.
[6]װאָרום איך װעל זיך ניט מער דערבאַרימען
אױף די באַװױנער פֿון לאַנד, זאָגט גאָט,
אוּן זע, איך ענטפֿער איבער דעם מענטשן,
איטלאַכן אין דער האַנט פֿון זײַן חבר,
אוּן אין דער האַנט פֿון זײַן מלך,
אוּן זײ װעלן צעשטױסן דאָס לאַנד,
אוּן איך װעל ניט מציל זײַן פֿון זײער האַנט.
[7]אוּן איך האָב געפּיטערט די שאָף פֿון טײטוּנג, פֿאַרװאָר,
די אָרעמסטע פֿון די שאָף, אוּן איך האָב מיר גענוּמען צװײ

שטעקנס, איינעם האָב איך גערופן „לייטזעליקייט"[א], און איינעם
האָב איך גערופן „פאַרבינדונג"[ב], און איך האָב געפיטערט די
שאָף. [8]און איך האָב פאַרטיליגט די דריי פאַסטוכער אין
איין חודש. און מיין זעל איז געוואָרן אומגעדולדיק מיט זיי,
און אויך זייער זעל האָט זיך געעקלט מיט מיר. [9]און איך האָב
געזאָגט:

איך וועל אייך ניט פיטערן;
די וואָס שטאַרבט, זאָל שטאַרבן,
און די וואָס ווערט פאַרטיליגט, זאָל פאַרטיליגט ווערן,
און די איבעריקע זאָלן עסן איינע דער אַנדערנס פלייש.

[10]און איך האָב גענומען מיין שטעקן „לייטזעליקייט", און האָב
אים צעהאַקט, כדי צו פאַרשטערן מיין בונד וואָס איך האָב
געשלאָסן מיט אַלע פעלקער. [11]און ער איז פאַרשטערט
געוואָרן אין יענעם טאָג, און די אָרעמסטע פון שאָף וואָס האָבן
זיך געהאַלטן אָן מיר, האָבן געוווסט זיכער אַז דאָס איז דאָס
וואָרט פון גאָט. [12]און איך האָב צו זיי געזאָגט: אויב עס איז
גוט אין אייערע אויגן, גיט מיר מיין לוין, און אויב ניט, פאַר־
מיידט אייך. האָבן זיי אָפּגעווויגן מיין לוין דרייסיק זילבער־
שטיק. [13]האָט גאָט געזאָגט צו מיר: וואַרף אים אַריין אין דער
שאַצקאַמער, דעם שיינעם ווערט וואָס איך בין ווערט ביי זיי.
און איך האָב גענומען די דרייסיק זילבערשטיק, און האָב עס
אַריינגעוואָרפן אין הויז פון גאָט, אין דער שאַצקאַמער. [14]און
איך האָב צעהאַקט מיין צווייטן שטעקן, „פאַרבינדונג", כדי צו
פאַרשטערן די ברידערשאַפט צווישן יהודה און צווישן ישראל.
[15]און גאָט האָט צו מיר געזאָגט:

נעם דיר נאָך די כלים פון אַ נאַרישן פאַסטוך.
[16]וואָרום זע, איך שטעל אויף אַ פאַסטוך אין לאַנד,
וואָס אום די פאַרטיליגטע וועט ער זיך ניט קימערן;

א נעם. ב חבלים.

די יונגע וועט ער ניט אויפזוכן,
און די צעבראָכענע וועט ער ניט היילן,
די געזונטע וועט ער ניט שפּייזן,
און דאָס פלייש פון דער פעטער וועט ער אויפעסן,
און זייערע קלויען וועט ער צעקנאַקן.

17 ווי צו דעם נישטיקן פּאַסטוך,
וואָס פאַרלאָזט די שאָף!
אַ שווערד אויף זיין אָרעם,
און אויף זיין רעכטן אויג!
זיין אָרעם זאָל דאַרן אײַנגעדאַרט ווערן,
און זיין רעכט אויג זאָל טונקל פאַרטונקלט ווערן!

יב 1 די נבואה פון גאָטס וואָרט אויף ישׂראל:
אַזוי זאָגט גאָט, וואָס האָט אויסגעשפּרייט די הימלען,
און געגרונטפעסט די ערד,
און געפורעמט דעם גייסט פון מענטשן אין אים.
2 זע, איך מאַך ירושָלַיִם פאַר אַ בעכער פון פאַרטומלעניש
פאַר אַלע אומות רונד אַרום;
און אויך יהודה וועט מוזן זיין
אין באַלעגערונג אויף ירושָלַיִם.
3 און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
וועל איך מאַכן ירושָלַיִם אַ לאַסטשטיין פאַר אַלע אומות,
אַלע וואָס לאָדן זי אויף זיך
וועלן זיך וווּנדן אָנרייסן;
און אײַנזאַמלען וועלן זיך אַקעגן איר
אַלע פעלקער פון דער ערד.
4 אין יענעם טאָג, זאָגט גאָט,

װעל איך שלאָגן איטלאַך פערד מיט צעדולטקײט,
און זײַן רײַטער מיט משוגעת;
און אויף דעם הויז פון יהודה
װעל איך האַלטן אָפן מײַנע אויגן.
און איטלאַך פערד פון די אומות
װעל איך שלאָגן מיט בלינדקײט.
5 און די פירשטן פון יהודה װעלן זאָגן אין זײער האַרצן:
אַ שטאַרקײט זײַנען צו מיר די באַװױנער פון ירושָלַיִם,
דורך גאָט פון צבָאות זײער האַר.
6 אין יענעם טאָג װעל איך מאַכן די פירשטן פון יהודה
װי אַ פײַערטאָפּ צװישן האָלץ,
און װי אַ בראַנדהאָלץ צװישן גאַרבן,
און זײ װעלן פאַרצערן אויף רעכטס און אויף לינקס
אַלע אומות רונד אַרום;
און ירושָלַיִם װעט װידער זיצן אויף איר אָרט–אין ירושָלַיִם.
7 און גאָט װעט העלפן די געצעלטן פון יהודה צום ערשטן,
כּדי די פּראַכט פון דעם הויז פון דוד,
און די פּראַכט פון די באַװױנער פון ירושָלַיִם,
זאָל זיך ניט גרײסן איבער יהודה.
8 אין יענעם טאָג װעט גאָט באַשירעמען די באַװױנער פון ירושָלַיִם,
און דער געפאַלענער צװישן זײ װעט אין יענעם טאָג זײַן װי דוד,
און דאָס הויז פון דוד װי אַ גאָט,
און װי אַ מלאַך פון יהודה פאַר זײ.
9 און עס װעט זײַן אין יענעם טאָג,
װעל איך זוכן צו פאַרטיליקן אַלע פעלקער
װאָס קומען אויף ירושָלַיִם.

10 און איך וועל אויסגיסן אויף דעם הויז פון דוד,
און אויף די באַוווינער פון ירושָלַיִם,
אַ גייסט פון לייטזעליקייט און געבעט,
און זיי וועלן קוקן צו מיר
וועגן איטלעכן וואָס זיי האָבן דערשטאָכן,
און וועלן קלאָגן אויף אים
ווי מע קלאָגט אויף אַן איינאייניציקן,
און זיך ביטערן נאָך אים ווי מע ביטערט זיך נאָך אַ בכוֹר.
11 אין יענעם טאָג וועט גרויס זיין די קלאָג אין ירושָלַיִם,
אַזוי ווי די קלאָג פון הֲדַדרִמוֹן אין טאָל מְגִדוֹן.
12 און דאָס לאַנד וועט קלאָגן משפחות משפחות באַזונדער;
די משפחה פון דעם הויז פון דוד באַזונדער,
און זייערע ווייבער באַזונדער;
די משפחה פון דעם הויז פון נָתָן באַזונדער,
און זייערע ווייבער באַזונדער;
13 די משפחה פון דעם הויז פון לֵוִי באַזונדער,
און זייערע ווייבער באַזונדער;
די משפחה פון די שִמעִים באַזונדער,
און זייערע ווייבער באַזונדער;
14 אַלע משפחות וואָס זיינען געבליבן,
משפחות משפחות באַזונדער,
און זייערע ווייבער באַזונדער.

יג 1 אין יענעם טאָג וועט זיך עפענען אַ קוואַל
פאַר דעם הויז פון דוד, און פאַר די באַוווינער פון ירושָלַיִם,
פאַר ריייניקן און פאַר שפּרענגען.
2 און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,

וועל איך פֿאַרשניידן די נעמען פֿון די געצנבילדער, פֿון לאַנד,
און זיי וועלן מער ניט געדאַכט ווערן;
און אויך די נביאים און דעם גייסט פֿון אומריינקייט
וועל איך אָפּשאַפֿן פֿון לאַנד.
3און עס וועט זיין, אַז עמיצער וועט נאָך אַלץ נביאות זאָגן,
וועלן זאָגן צו אים זיין פֿאָטער און זיין מוטער וואָס האָבן אים
געבאָרן: טאָרסט ניט בלייבן לעבן, וואָרום ליגן האָסטו געזאָגט
אין נאָמען פֿון גאָט; און זיין פֿאָטער און זיין מוטער וואָס האָבן
אים געבאָרן, וועלן אים שטעכן, אַז ער וועט נביאות זאָגן. 4און
עס וועט זיין אין יענעם טאָג, וועלן זיך די נביאים שעמען
איטלאַכער מיט זיין זעאונג, ווען ער וועט נביאות זאָגן; און זיי
וועלן ניט אָנטאָן אַ האָריקן מאַנטל כּדי צו נאַרן. 5און ער וועט
זאָגן: ניט קיין נביא בין איך, אַ מאַן אַן ערדאַרבעטער בין איך,
וואָרום פֿאַר אַן ערדמענטשן האָט מען מיך געמאַכט פֿון מיין
יוגנט אָן. 6און אַז מע וועט זאָגן צו אים: וואָס זיינען די דאָזיקע
ווונדן צווישן דיינע הענט? וועט ער זאָגן: דאָס האָב איך געקריגן
געשלאָגן אין הויז פֿון מיינע גוטע פֿריינט.

7דערוועק זיך, שווערד, אויף מיין פּאַסטוך,
און אויף דעם מאַן וואָס איך האָב מיר צוגעחברט!
זאָגט גאָט פֿון צבֿאָות;
שלאָג דעם פּאַסטוך, און די שאָף זאָלן צעשפּרייט ווערן;
און איך וועל קערן מיין האַנט אויף די יונגען.
8און עס וועט געשען אין גאַנצן לאַנד, זאָגט גאָט;
צוויי טיילן דערין וועלן פֿאַרשניטן ווערן און פֿאַרגיין,
און אַ דריט־חלק וועט בלייבן דערין.
9און איך וועל ברענגען דעם דריט־חלק אין פֿייער,
און וועל זיי לייטערן ווי מע לייטערט זילבער,

און וועל זי פּרוּוון ווי מע פּרוּווט גאָלד;
ער וועט רופן מיין נאָמען, און איך וועל אים ענטפֿערן;
איך זאָג: ער איז מיין פֿאָלק,
און ער וועט זאָגן: יהוה איז מיין גאָט.

יד [1]זע, אַ טאָג קומט ביי גאָט,
און דיין רויב וועט צעטיילט ווערן אין דיר.
[2]און איך וועל איינזאַמלען אַלע פֿעלקער
קיין ירוּשָלַיִם אויף מלחמה;
און די שטאָט וועט באַצוווּנגען ווערן,
און די הייזער וועלן צערויבט ווערן,
און די ווייבער וועלן געשענדט ווערן;
און אַ האַלבע שטאָט וועט אין גָלות אַוועק,
אָבער דער רעשט פֿון דעם פֿאָלק
וועט ניט פֿאַרשניטן ווערן פֿון שטאָט.
[3]און גאָט וועט אַרויסגיין,
און וועט מלחמה האַלטן מיט יענע פֿעלקער,
ווי בעת זיין מלחמה האַלטן אין טאָג פֿון שטרייט.
[4]און זיינע פֿיס וועלן שטיין אין יענעם טאָג אויפֿן הַר־הַזֵיתים[א],
וואָס פֿאַר ירוּשָלַיִם פֿון מזרח,
און דער הַר־הַזֵיתים וועט זיך שפּאַלטן איבער העלפֿט,
צו מזרח און צו מערבֿ,
אויף זייער אַ גרויסן טאָל;
און אַ העלפֿט באַרג וועט זיך אַוועקרוקן קיין צפֿון,
און אַ העלפֿט פֿון אים קיין דָרום.
[5]און איר וועט אַנטלויפֿן צום טאָל פֿון די בערג,

[א] דער באַרג פֿון איילבערטבוימער.

וואָרום דער טאָל פון די בערג וועט גרייכן ביז אָצַל;
און איר וועט לויפן ווי איר זייט געלאָפן פון דער ערד־
ציטערניש
אין די טעג פון עוזיָה דעם מלך פון יהודה;
און גאָט מיין האַר וועט קומען,
און אַלע הייליקע מיט דיר.
6און עס וועט זיין: אין יענעם טאָג
וועט ניט זיין קיין ליכטיקייט,
נייערט אַ שווערקייט און פאַרגליווערטקייט.
7און עס וועט זיין איין [לאַנגער] טאָג,
וואָס וועט זיין באַוווּסט ווי גאָטס [טאָג],
ניט טאָג און ניט נאַכט;
אָבער עס וועט זיין, צו אָוונטצייט וועט ווערן ליכטיק.
8און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
וועלן אַרויסגיין לעבעדיקע וואַסערן פון ירושָלַיִם,
העלפט פון זיי צום פעדערשטן ים,
און העלפט פון זיי צום הינטערשטן ים;
אום זומער און אום ווינטער וועט עס זיין.
9און יהוה וועט זיין צום מלך איבער דער גאַנצער ערד;
אין יענעם טאָג וועט יהוה זיין איינער, און זיין נאָמען איינער.

10דאָס גאַנצע לאַנד וועט פאַרקערט ווערן ווי דער פּלוין,
פון גֶבַע ביז רִמוֹן, אין דָרום פון ירושָלַיִם;
און זי וועט זיצן דערהויבן אויף איר אָרט,
פון דעם טויער פון בנימין ביז דעם אָרט פון ערשטן טויער,
ביז דעם ווינקלטויער,
און פון דעם טורעם פון חֲנַנְאֵל ביז דעם מלכס קעלטערן.
11און זיי וועלן זיצן דערין,

און קיין פֿאַרוויסטונג וועט מער ניט זיין,
און ירושָלַיִם וועט זיצן אין זיכערקייט.
12 און דאָס וועט זיין די פּלאָג וואָס גאָט וועט פּלאָגן
אַלע אומות וואָס זיינען אַרויס אין קריג אויף ירושָלַיִם:
זייער פֿלייש וועט צעקריכן ווי זיי שטייען אויף זייערע פֿיס,
און זייערע אויגן וועלן צעקריכן אין זייערע לעכער,
און זייער צונג וועט צעקריכן אין זייער מויל.
13 און עס וועט זיין אין יענעם טאָג,
וועט ווערן אויף זיי אַ גרויסע מהומה פֿון גאָט,
און זיי וועלן אָנכאַפּן איינער דעם אַנדערנס האַנט,
און איינעמס האַנט וועט זיך אויפֿהייבן קעגן אַנדערנס האַנט.
14 און אויך יהודה וועט מלחמה האַלטן אויף ירושָלַיִם;
און אַיינגעזאַמלט וועט ווערן
דער פֿאַרמעג פֿון אַלע פֿעלקער רונד אַרום,
גאָלד און זילבער און קליידער זייער פֿיל.
15 און אַזוי אויך וועט זיין די פּלאָג פֿונעם פֿערד,
פֿונעם מוילאייזל, פֿונעם קעמל, און פֿונעם אייזל,
און פֿון איטלאַכער בהמה וואָס וועט זיין אין יענע מחנות—
אַזוי ווי דידאָזיקע פּלאָג.
16 און עס וועט זיין, איטלאַכער וואָס איז געבליבן
פֿון אַלע פֿעלקער וואָס זיינען געקומען אויף ירושָלַיִם,
וועט אַרויפֿגיין יאָר פֿאַר יאָר
זיך צו בוקן צו דעם קיניג, גאָט פֿון צבָאוֹת,
און צו האַלטן דעם יום־טוב פֿון סוכּות.
17 און עס וועט זיין, ווער פֿון די משפּחות פֿון דער ערד
עס וועט ניט אַרויפֿגיין קיין ירושָלַיִם
זיך צו בוקן צו דעם קיניג, גאָט פֿון צבָאוֹת,
וועט אויף זיי ניט זיין קיין רעגן;

[18]און אויב די משפּחה פון מִצרַיִם וועט ניט אַרויפגיין, און קומט ניט,
וועט אויף זיי ניט [אַרויפגיין דער נילוס];
דאָס וועט זיין די פּלאָג וואָס גאָט וועט פּלאָגן
די פעלקער וואָס וועלן ניט אַרויפגיין
צו האַלטן דעם יום־טוב פון סוכּות.
[19]דאָס וועט זיין די שטראָף פון מִצרַיִם,
און די שטראָף פון אַלע פעלקער וואָס וועלן ניט אַרויפגיין
צו האַלטן דעם יום־טוב פון סוכּות.

[20]אין יענעם טאָג
וועט אויף די גלעקלאַך פון די פערד שטיין „הייליק צו גאָט";
און די טעפּ אין גאָטס הויז וועלן זיין
אַזוי ווי די שפּרענגבעקנס וואָס פאַרן מזבח.
[21]און יעטוועדער טאָפּ אין ירושָלַיִם און אין יהודה
וועט זיין הייליק צו גאָט פון צבָאות,
און אַלע וואָס ברענגען אַ שלאַכטאָפּפער
וועלן קומען און נעמען פון זיי, און קאָכן אין זיי;
און עס וועט מער ניט זיין קיין הענדלער
אין הויז פון גאָט פון צבָאות אין יענעם טאָג.

# מַלאָכִי

א [1]די נבואה פון גאָטס וואָרט צו ישׂראל דורך מַלאָכין:
[2]איך האָב אַייך ליב געהאַט, זאָגט גאָט.
און איר זאָגט: מיט וואָס האָסטו אונדז ליב געהאַט?
איז ניט עֵשָׂו יעקבס אַ ברודער? זאָגט גאָט,
פון דעסטוועגן האָב איך יעקבן ליב געהאַט,
[3]און עֵשָׂון האָב איך פיינט געהאַט,
און געמאַכט זיינע בערג אַ וויסטעניש,
און זיין נחלה פאַר מדבר־שאַקאַלן.
[4]אויב אֶדום זאָגט:
„מיר זיינען צעשטערט געוואָרן,
אָבער מיר וועלן ווידער אָפּבויען די חורבות",
האָט גאָט פון צבָאוֹת אַזוי געזאָגט:
זיי וועלן בויען, און איך וועל צעשטערן,
און מע וועט זיי רופן דער געמאַרק פון שלעכטיקייט,
און דאָס פאָלק וואָס גאָט האָט פאַרשאָלטן אויף אייביק.
[5]און אַייערע אויגן וועלן זען,
און איר וועט זאָגן:
גאָט איז גרויס אַריבער דעם געמאַרק פון ישׂראל.

[6]אַ זון גיט כּבוד אַ פאָטער,
און אַ קנעכט זיין האַר;
איז אויב איך בין אַ פאָטער,
אַוווּ איז מיין כּבוד?

און אויב איך בין אַ האַר,
אַוווּ איז די מוֹרא פֿאַר מיר?
זאָגט גאָט פֿון צבָאוֹת
צו אַייך, כֹּהנים, וואָס זייט מבֿזה מיין נאָמען.
און איר זאָגט: מיט וואָס זיינען מיר מבֿזה דיין נאָמען?
7 איר ברענגט אויף מיין מזבח אומווערדיקע שפּייז.
און איר זאָגט: מיט וואָס האָבן מיר דיך פֿאַראומווערדיקט?
מיט אַייער זאָגן: דער טיש פֿון גאָט איז נִמאס.
8 און אַז איר ברענגט אַ בלינדס צו שלאַכטן,
איז קיין בייז ניט!
און אַז איר ברענגט אַ הינקעדיקס און אַ קראַנקס,
איז קיין בייז ניט!
גענען עס אַקאָרשט צו דיין פֿירשט,
צי ער וועט דיך באַוויליקן,
אָדער וועט דיך אויפֿנעמען?
זאָגט גאָט פֿון צבָאוֹת.
9 און אַצונד בעט אַקאָרשט ביי גאָט,
ער זאָל אונדז לייטזעליקן!
דורך אַייער האַנט איז דאָס געשען;
קען ער אויפֿנעמען דעם פּנים פֿון עמיצן פֿון אַייך?
זאָגט גאָט פֿון צבָאוֹת.
10 וואָלט גאָר ווער פֿון אַייך צושליסן די טירן,
און איר זאָלט ניט אָנצינדן פֿייער אויף מיין מזבח אומזיסט!
איך וויל אַייך ניט האָבן,
זאָגט גאָט פֿון צבָאוֹת,
און וועל ניט באַוויליקן קיין קרבן פֿון אַייער האַנט.
11 וואָרום פֿון אויפֿגאַנג פֿון דער זון און ביז איר אונטערגאַנג
איז מיין נאָמען גרויס צווישן די פֿעלקער,

און אין איטלאַכן אָרט ווערט ווײַרויך געבראַכט צו מײַן נאָמען
און שפּײַזאָפּפער רײנע;
ווײַל מײַן נאָמען איז גרויס צווישן די פעלקער,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת.
12 און איר פאַרשוועכט אים מיט אײַער זאָגן:
דער טיש פון גאָט איז אומווערדיק,
און זײַן פּרוכט, זײַן שפּײַז, איז נִמאס.
13 און איר זאָגט: זע, וואָס פאַר אַ טירחא!
און איר בלאָזט דערויף,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת;
און איר ברענגט אַ געגזלטס,
און אַ הינקעדיקס און אַ קראַנקס;
און אַז איר ברענגט דעם קרבן,
זאָל איך אים באַווויליקן פון אײַער האַנט?
זאָגט גאָט.
14 און פאַרשאָלטן זאָל זײַן דער ליסטיקער,
וואָס אין זײַן סטאַדע איז דאָ אַ זכר,
און ער איז מנדר און שלאַכט אַ געפּעלערטס צו גאָט;
וואָרום אַ גרויסער קיניג בין איך,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
און מײַן נאָמען איז פאָרכטיק צווישן די פעלקער.

ב 1 און אַצונד, צו אײַך,
איז דערדאָזיקער אָנזאָג, איר כֹּהנים:
2 אויב איר וועט ניט צוהערן,
און אויב איר וועט ניט אַרײַנעמען אין האַרצן,
צו געבן כּבוד צו מײַן נאָמען,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,

וועל איך אָנשיקן אויף אַייך אַ קללה,
און איך וועל פאַרשילטן אַייערע גערעטענישען,
יאָ, איך טו זיי פאַרשילטן,
ווייל איר נעמט ניט צום האַרצן.
3זעט, איך וועל אָנשרייען בײַ אַייך אויף דער זריעה;
און איך וועל צעשיטן מיסט אויף אַייערע פּנימער,
דעם מיסט פון אַייערע יָום־טוב־קרבנות;
און מע וועט אַייך אַוועקטראָגן מיט אים.
4און איר וועט וויסן אַז איך האָב אַייך געשיקט
דעמדאָזיקן אָנזאָג,
כדי מיין בונד זאָל בלייבן מיט לֵוִי,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת.
5מיין בונד איז מיט אים געווען
אויף לעבן און פריד, און איך האָב זיי אים געגעבן,
אויף מוֹרא, און ער האָט פאַר מיר מוֹרא געהאַט,
און פאַר מיין נאָמען האָט ער געאַננסט.
6די תּוֹרה פון אמת איז געווען אין זיין מויל,
און קיין אומרעכט האָט זיך ניט געפונען אויף זיינע ליפּן;
אין פריד און אין רעכטפאַרטיקייט איז ער מיט מיר געגאַנגען,
און פיל האָט ער אָפּגעקערט פון זינד.
7וואָרום די ליפּן פון כֹּהן דאַרפן היטן קענשאַפט,
און די תּוֹרה דאַרף מען זוכן פון זיין מויל,
ווייל דער שליח פון גאָט פון צבָאוֹת איז ער.
8אָבער איר האָט זיך אָפּגעקערט פון וועג,
איר האָט געמאַכט שטרויכלען פיל אין דער תּוֹרה,
איר האָט פאַרדאָרבן דעם בונד פון לֵוִי,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת.
9דרום האָב איך אויך אַייך געמאַכט

גְבוֹהַ און שָפל ביי דעם גאַנצן פֿאָלק,
ווײַל איר היט ניט מיינע וועגן,
און שאַנעוועט מענטשן אין געזעץ.

10איז ניט איין פֿאָטער ביי אונדז אַלעמען?
האָט אונדז ניט איין גאָט באַשאַפֿן?
פֿאַרוואָס זאָלן מיר פֿעלשן איינער אָן אַנדערן,
צו פֿאַרשוועכן דעם בונד פֿון אונדזערע עלטערן?
11געפֿעלשט האָט יהודה,
און אומווערדיקייט איז געטאָן געוואָרן
אין ישׂראל און אין ירושָלַיִם,
וואָרום פֿאַרשוועכט האָט יהודה
די הייליקייט פֿון יהוה וואָס ער האָט ליב געהאַט,
און האָט באַמאַנט די טאָכטער פֿון אַ פֿרעמדן גאָט.
12גאָט וועט פֿאַרשניידן ביי דעם מאַן וואָס טוט דאָס,
אַ רופֿער און אַן ענטפֿערער פֿון די געצעלטן פֿון יעקב,
און דעם וואָס ברענגט אַ קרבן צו גאָט פֿון צבָאוֹת.
13און צווייטנס טוט איר אָטוואָס:
איר באַדעקט דעם מזבח פֿון גאָט מיט טרערן.
מיט געוויין און מיט זיפֿצעניש,
ביז ער קען זיך מער ניט קערן צום קרבן,
און אים אָננעמען מיט באַווילִיקונג פֿון אַייער האַנט.
14און איר זאָגט: פֿאַרוואָס?—
ווייל גאָט איז עדות
צווישן דיר און דער ווייב פֿון דיין יוגנט,
וואָס דו האָסט געפֿעלשט אָן איר,
הגם זי איז דיין חברטע,
און די ווייב פֿון דיין בונד.

15 און קיין איינער וועט דאָס ניט טאָן
וואָס האָט אַן איבערבלייב פון גייסט.
וואָרום וואָס פאַרלאַנגט יעטוועדער איינער?
אַ זאָמען פון גאָט.
דרום זאָלט איר זיין אָפּגעהיט אין אַייער געמיט,
און אָן דער ווייב פון זיין יוגנט זאָל מען ניט פעלשן.
16 וואָרום איך האָב פיינט שיידונג,
זאָגט יהוה דער גאָט פון ישׂראל,
און דעם וואָס באַדעקט זיין קלייד מיט אומרעכט,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת;
דרום זאָלט איר זיין אָפּגעהיט אין אַייער געמיט,
אַז איר זאָלט ניט פעלשן.

17 איר האָט מיד געמאַכט גאָט מיט אַייערע רייד,
און איר זאָגט: מיט וואָס האָבן מיר מיד געמאַכט?
מיט אַייער זאָגן: איטלאַכער וואָס טוט בייז,
איז גוט אין די אויגן פון גאָט,
און זיי וויל ער האָבן;
אָדער, ווו איז דער גאָט פון גערעכטיקייט?

ג 1 זע, איך שיק מיין שליח,
און ער וועט אָפּראַמען דעם וועג פאַר מיר,
און פּלוצלינג וועט קומען אין זיין טעמפּל
דער האַר וועמען איר זוכט;
און דער שליח פון בונד וועמען איר באַגערט,
אָט קומט ער, זאָגט גאָט פון צבָאוֹת.
2 און ווער קען אויסהאַלטן דעם טאָג פון זיין קומען?
און ווער איז דער וואָס קען באַשטיין, ווען ער באַווייזט זיך?

וואָרום ער איז ווי פֿייער פֿון דעם שמעלצער,
און ווי לויג פֿון וועשער.
3און ער וועט זיצן ווי אַ שמעלצער און אַ רייניקער פֿון זילבער,
און וועט רייניקן די קינדער פֿון לֵוִי,
און זיי לײַטערן ווי גאָלד און ווי זילבער;
און זיי וועלן ברענגען צו גאָט
קרבנות אין גערעכטיקייט.
4און אָנגענעם וועט זײַן בײַ גאָט
דער קרבן פֿון יהודה און ירושָלַיִם,
ווי אין די טעג פֿון אַמאָל,
און ווי אין פֿאַרצײַטיקע יאָרן.
5און איך וועל גענענען צום משפּט אויף אײַך,
און איך וועל זײַן אַ שנעלער עדות,
אַקעגן די מכשפים, און אַקעגן די נואפים,
און אַקעגן די וואָס שווערן פֿאַלש,
און אַקעגן די וואָס רויבן דעם לוינאַרבעטער פֿון זײַן לוין,
די אַלמנה און דעם יתום,
און קריוודען דעם פֿרעמדן,
און האָבן ניט קיין מורא פֿאַר מיר,
זאָגט גאָט פֿון צבָאוֹת.
6אָבער איך גאָט ענדער זיך ניט,
און איר קינדער פֿון יעקב וועט ניט פֿאַרלענדט ווערן.

7פֿון די טעג פֿון אײַערע עלטערן אָן
האָט איר זיך אָפּגעקערט פֿון מײַנע געזעצן, און זיי ניט געהיט;
קערט אײַך אום צו מיר, און איך וועל זיך אומקערן צו אײַך,
זאָגט גאָט פֿון צבָאוֹת.
אָבער איר זאָגט: וועגן וואָס זאָלן מיר זיך אומקערן?

8 צי דאַרף אַ מענטש באַרויבן גאָט,
וואָס איר באַרויבט מיך?
און איר זאָגט: אין וואָס באַרויבן מיר דיך?
אין דעם מעשׂר און דער אָפּשיידונג.
9 איר זייט מיט אַ קללה פאַרשאָלטן,
פון דעסטוועגן באַרויבט איר מיך,
דאָס גאַנצע פאָלק.
10 ברענגט דעם גאַנצן מעשׂר אין שאַצהויז,
און זאָל זיין שפּייז אין מיין הויז,
און פּרוווט מיך אַקאָרשט דערמיט,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
אויב איך וועל אייך ניט עפענען די פענצטער פון הימל,
און וועל אייך ניט אַראָפּגיסן אַ ברכה
ביז איבער גענוג.
11 און איך וועל אָנשרייען פון אייערטוועגן אויף דעם פאַרצערער,
און ער וועט אייך ניט פאַרוויסטן די פרוכט פון דער ערד,
און אייער ווײַנשטאָק וועט ניט פאַרוואַרפן אין פעלד,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת.
12 און אַלע פעלקער וועלן אייך שאַצן גליקלאַך,
וואָרום איר וועט זיין אַ געווינטשט לאַנד,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת.
13 פאַרשייט זיינען אייערע רייד קעגן מיר,
זאָגט גאָט.
און איר זאָגט: וואָס האָבן מיר גערעדט אַקעגן דיר?
14 איר האָט געזאָגט: „אומזיסט איז דינען גאָט,
און וואָס קומט אַרויס אַז מיר האָבן געהיט זיין היטונג,
און אַז מיר זיינען אומגעגאַנגען פינצטער
פון וועגן גאָט פון צבָאוֹת?

15איז, אַצונד שאַצן מיר גליקלאַך די מוטוויליקע;
יאָ, אויפגעריכט געוואָרן זיינען די וואָס טוען שלעכטס,
יאָ, זיי האָבן געפּרוווט גאָט, און זיינען אַנטרונען געוואָרן".
16דענסמאָל האָבן די גאָטספאָרכטיקע
גערעדט איינער צום אַנדערן,
און גאָט האָט פאַרנומען און צוגעהערט,
און אַ בוך פון דערמאָנונג איז אָנגעשריבן געוואָרן ביי אים,
פאַר די וואָס פאָרכטן גאָט, און טראַכטן אָן זיין נאָמען.
17און זיי וועלן מיר זיין אַ טייער אייגנס,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
אין דעם טאָג וואָס איך באַשער;
און איך וועל זיך דערבאַרימען אויף זיי,
ווי אַ מאַן דערבאַרימט זיך אויף זיין זון וואָס דינט אים.
18און איר וועט ווידער אַיינזען
צווישן דעם צדיק און דעם רשע,
צווישן דעם וואָס דינט גאָט,
און דעם וואָס דינט אים ניט.
19וואָרום זע, דער טאָג קומט,
ער ברענט ווי אַן אויוון,
און אַלע מוטוויליקע און אַלע וואָס טוען שלעכטס
וועלן זיין שטרוי,
און אָנצינדן וועט זיי דער טאָג וואָס קומט,
זאָגט גאָט פון צבָאוֹת,
אַז ער וועט זיי ניט איבערלאָזן
אַ וואָרצל אָדער אַ צווייג.
20אָבער אַייך, וואָס האָט מוֹרא פאַר מיין נאָמען,
וועט אויפגיין די זון פון גערעכטיקייט
מיט היילונג אין אירע פליגלען;

און איר וועט אַרויסגיין און וועט שפּרינגען
ווי קעלבער פון שטאַל.
21און איר וועט צודריקן די רשעים,
וואָרום זיי וועלן זיין אַש אונטער אײַערע פוסטריט
אין דעם טאָג וואָס איך באַשער,
זאָגט גאָט פון צבָאות.

22געדענקט די תּורה פון מיין קנעכט משהן,
וואָס איך האָב אים באַפוילן אין חורֵב פאַר גאַנץ ישׂראל,
חוקים און געזעצן.
23זעט, איך שיק צו אײַך
אֵלִיָהו הַנָביא,
איידער עס קומט דער טאָג פון גאָט,
דער גרויסער און דער מוֹראדיקער.
24און ער וועט אומקערן דאָס האַרץ פון עלטערן צו קינדער,
און דאָס האַרץ פון קינדער צו זייערע עלטערן,
כדי איך זאָל ניט קומען,
און שלאָגן דאָס לאַנד מיט פאַרוויסטונג.

זעט, איך שיק צו אײַך
אֵלִיָהו הַנָביא,
איידער עס קומט דער טאָג פון גאָט,
דער גרויסער און דער מוֹראדיקער.